# דראַמאַטישע שריפטען

פון

## שלום אש

(סאָסיאַלע דראַמען)

### באַנד III

אַרויסגעגעבען פון שלום אַש קאָמיטע
ווילנא — ניו־יאָרק ═══ 1922

# אינהאַלט:

שלום אַש

# גאָט פון נקמה

אַ דראַמע אין דריי אַקטען.

# פּערזאָנען:

| | |
|---|---|
| יעקל טשאַפּטשאָוויטש, דער „פּעטער" | אַ בעל-הבית פון אַ פּרעהליך „הייזעל". |
| שׂרה | זיין ווייב (אַ געוועזענע קאַקאַטע). |
| רבקה׳לע | זייער טאָכטער, אַ יונג מיידעל פון אַ יאָהר 17. |
| הינדעל | 1-טע מיידעל פון „הייזעל" אַ פער-עלטערטע פון עטליכע און דרייסיג יאָהר. |
| מאַנקע | 2-טע מיידעל, נאָך גענוג יונג. |
| רייזעל | 3-טע מיידעל. |
| באַשאַ | אַ פּראָווינציאַל מיידעל, ערשט אַנ׳אָנגעקומענע. |
| שלמה | אַ אַלפאָנס. הינדעלס געקויפטער חתן, אַ שענער יונג, 26 יאָהר. |
| ר׳ אלי | פאָלקס-שרײַבער, אַ שרײַבער פון דעם „פּעטער". |
| ר׳ יעקב | אַ פרומער יוד. אַ סופר. |
| אַ פרעמדער יוד | אַ מחותן |
| אַ יודענע | בלינד אויף איין אויג (פון די אָרימע לייט). |

**צייט:** געגענוואַרט.

**אָרט:** אין אַ גרעסערע פּראָווינציאַלע שטאָדט.

# סצענע.

(ביים „פעטער“ אין פּריוואַט-וואָהנונג. ערשטער שטאָק פון אַ אַלטער
הילצערנער געביירע. דאָס צימער געפינט זיך איבער דעם קעלער, אין
וועלכען עס איז דאָס „הייזעל“. צום וואָהנונג פיהרט אַרויף אַ הילצער-
נע טרעפּ פון דרויסען, וועלכע לאָזט זיך הערען אין דער שטוב,
בשעת מען געהט אויף זיי. די וואָהנונג בעשטעהט פון איין גרויי-
סע שטוב מיט אַ נידריגען באַלקען. דאָס מעבעל נייעס, ווארשאָווער
ביליגער סטיל, וועלכעס האַרמאָנירט נישט מיט דער אַלטער געביידע
פון דער שטוב. די ווענד זיינען בעהאַנגען מיט בילדער, אויסגענעהט
אויף קאַנווע. ביבלישע סצענעס: „אדם וחוה ביים עץ הדעת“ א. ז. וו.
מיידעלשע אַרבייט. געגענאיבער דער סצענע—די טהיר, וואָס פיהרט
פון דרויסען אַריין. רעכטס אַ צווייטע טהיר, פיהרט אין רבקה'לעס
שטוב אַריין. פון ביידע זייטען טהיר—רעכטס צוויי בעטען ביי דער
וואַנט, הויך אויפגעבעט מיט בעטגעוואַנט. לינקס צוויי שטעמערלעך
נידריגע, מיט לאָדען פון אינוויינינג צו צומאַכען, בעהאַנגען מיט פּאָר-
האַנגליך, בעשטעלט מיט בלומען-טעפּ; צווישען די פענסטער אַ שווי-
בען-שענקעל. הינטער איין פענסטער אַ קאַמאָר. אין שטוב פערפאַר-
טיגט מען אויפצורוימען; ס'זעהט זיך אויס: מען גרייט זיך צו אויף
געסט... אָנגעשטעלט מיט איבריגע טישען און בענק, בעשטעלט מיט
קרבס געבעקס און אַנדערע עסען-וואַרג. אַ יונגער פריהלינגס-טאָג,
נאָך מיטאָג

---

(שרה, רבקה'לע, שפעטער דער „פעטער".

### שרה

א הויבע און א שלאנק שענע. דאָס פּנים שוין רעכט פערדאָרבען, נאָר נאָך גענוג שפּורען פון איהר געוועזענער שענהייט, וועלכע האָט נאָך היינט אין זיך א געוויסען טאָן פון פרעכהייט. א שייטעל אויף איהרע קאקעטע לאָקען; די לאָקען גנב'ענען זיך פון צייט צו צייט פון איהר שייטעל ארויס. אָנגעטהון אין שוין ערנסט מוטערליכער קליידונג, וועלכעס איז נאָך דאָ און דאָרט קאָקעט בעפוצט מיט פיעל צירונג. אין איהרע בעוועגונגען קען זי זיך נאָך נישט גאנץ בעפרייען פון דער וועלט, פון וועלכער זי איז ארויסגעגאנגען ... שטעהט מיט

### רבקה'לען.

א רייצענד יונג מיידיל, זעהר נעט געקליידעט, בעל הבת'יש, נאָך אין א קורץ קליידעל, צוויי לאנגע צעפּ האָר, אין פערפערטיגען אויסצופוצען דאָס צימער

### רבקה'לע

(שטעקט אריין פאפיערענע בלומען אין די גארדינען)

אָס אַזוי, מאמעשי, יעצט דאָס שפּיגעלע בעפוצען, זעה, מאַמעשי, ווערט שען זיין?

### שרה

(איז פערנומען ביים טיש אָנגרייטען).

פלינקער, טאָכטערשי, פלינקער, דער טאַטע איז שוין געגאַנגען בעלי-בתים בעטען דאָס ספר-תורה אַהיים ברענגען.

רבקה׳לע.

וועט שען זיין, מענשען וועלען קומען ... מען וועט שפּילען, מען וועט זינגען ... יאָ, מאַמעשי?

שרה.

יאָ, טאָכטער-לעבען, עס איז אַ חנוך, עס איז אַ גרויסע מצוה ... נישט אַלע קענען זיך ספר-תורות שרייבען. אַ בעל-הבית, אַ אָנגעזעהענער מענש ...

רבקה׳לע.

און מיידלעך וועלען אויך קומען? מען וועט טאַנצען? ס׳וואָהר, מאַמעשי? (שטעלט זיך אָב) איך מוז דאָך מיר אַ בלוזקע קויפען, מאַמעשי, און אַ פּאָר ווייסע פּאַנטאָפּעל קויפען. (ווייזט איהרע קאַמאַשען) אין קאַמאַשען קען מען דאָך נישט טאַנצען?

שרה.

אַז דו וועסט אַ כלה ווערען, אם ירצה השם, חל המועד פּסח, וועל איך דיר אַ לאַנג קלייד מאַכען, פּאַנטאָפּעל קויפען, ס׳וועלען מיידלעך קומען, פיינע מיידלעך, בעל-הבתישע טעכטער, דו וועסט דיך חבר׳ן מיט זיי.

רבקה׳לע

(עקשנט זיך).

שטענדיג לייגסט דו אָב אויף פּסח. איך בין שוין היינט גרויס. (שטעלט זיך אין שפּיגעל אריין) זעה, מאַמעשי, איך בין שוין גרויס. (ווייזט די האָר) אַזעלכע לאַנגע צעפּ האָר האָב איך שוין. מאַנקע זאָגט, אַז ... (כאַפּט זיך צוריק) און מאַנקע וועט אויך זיין, ס׳וואָהר, מאַמעשי?

שרה.

ניין, טאָכטער לעבען. בעל-הבת׳ישע קינדער, אָר׳נטליכע מיידלעך... דו ביזט אַ בעל-הבת׳יש קינד, אַ אָר׳נטליך קינד.

רבקהל׳ע.

פאַר וואָס נישט, מאַמע לעבען? האָט מיר מאַנקע אַ ניגון-דוד אויפגעריסעוועט אויפ׳ן ספר-תּורה-קליידעל... איך נעה איהם איצט מיט זיידענע ווילישקע אויס, מיט בלעטער בעפוצט, מיט בלומען בעפוצט, וועסט זעהן, ווי שען, מאַמעשי. (ווייזט אויף די בילדער פון וואַנד) הונדערט מאָל שענער פאַר די...

שרה

(ערשראָקען).
וועה איז מיר, פערצעהל נישט דעם טאַטען. ער וועט שרייען, ער וועט זיך בייזערן.

רבקה׳לע.

פאַרוואָס, מאַמעשי? עס איז דאָך פאַר׳ן ספר-תּורה׳ס וועגען?

שרה.

דער טאַטע וועט זיך בייזערן. (עס הערען זיך טריט) שוויינ, רבקה׳לע, דער טאַטע געהט.

יער „פעטער"

(נאָך אויף די טרעפּ).
וואָס, בעטען וועל איך מיך ביי זיי... האָב איך טאַקע אַ גע-

שעפט! (קומט אריין. א הויכער, שטארקער יונג פון א יאָהר 40, א דיק בייכעל מיט א שווארץ בעוואקסען געזיכט. א שווארץ רונד געשוירען בערדעל. רעדט הויך, גראָב, מאלענרינג דערביי מאוס'ע בעוועגונגען מיט די הענד, אָנגרייפענדיג דעם צוויַיטען, וואָס ער רעדט צו איהם, ביי דער קלאפע. דאָך ליגט אויסגעגאָסען אויף זיין געזיכט און אין זיין גאנצער פערזאָן אַנ'אָפּענהארציגקייט). וועלען זיי נישט קומען, דאַרף מען נישט... האָב איך אָרעמע-לייט צוזאַמענגענומען... האָב איך נישט קיין מורא, עס וועלען זיך געפינען בעלנים אויף די לעקעכער מיט די גענז. (דערזעהט רבקה'לען, זעצט זיך) קום נאָר אַהער צום טאַטען.

## טרה

(בייז, אָבער בעמיהט זיך נישט דערפון בעמערקען צו געבען. סאָרווירט דעם טיש).

זיי וועלען זיך, מיינסט דו, דעם יחוס מיט דיר איינריכטען? אַז זיי דאַרפען אַ הונדערטער צו באָרגען... אַ נדבה צו נעהמען שע-מען זיי זיך גאָר נישט מיט דיר... דער גוי איז טרפה, אָבער זיין גראָשען איז כשר...

## דער „פעטער".

ווי זי האָט דאָס מורא, אַ זאָרג אָנגעקריגען! האָב נישט קיין מורא, עס וועט דיר גאָרנישט קאַליע ווערען... (רופט רבקה'לען) נו, קום נאָר אַהער צום טאַטען.

## רבקה'לע

(געהט צו צום פאָטער זעהר נישט גערן, האָט מורא).

וואָס וויל דער טאַטעשי?

## דער „פעטער".

האָב נישט קיין מורא, רבקה'לי, איך וועל דיר קיין שלעכטס נישט טהון. (נעהמט זי אָן ביי דער האנד) האָסט ליעב דעם טאַטען, יאַ?

ר ב ק ה׳ ל ע

(שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אויף יאָ).

דער „פ ע ט ע ר״.

זאָן פאַרוואָס האָסטו מורא פאַר׳ן טאַטען?

ר ב ק ה׳ ל ע.

איך ווייס נישט.

דער „פ ע ט ע ר״.

האָב נישט קיין מורא פאַר׳ן טאַטען, דער טאַטע האָט דיך ליעב, זעהר ליעב. איך לאָז היינט אַ ספר-תורה שרייבען, עס קאָסט אַ סך געלד. פאַר דיר, מיין קינד, פאַר דיר

ר ב ק ה׳ ל ע

(שווייגט, פויזע).

דער „פ ע ט ע ר״.

זאָן אַז גאָט וועט העלפען און דו וועסט אַ כלה ווערען, וועל איך קויפען דיין חתן אַ גאָלדענעם זייגער מיט אַ גאָלדענער קייט — אַ האַלב פונט גאָלד זאָל ער וועגען... דער טאַטע האָט דיך זעהר ליעב.

ר ב ק ה׳ ל ע

(שווייגט, לאָזט אַראָב דעם קאָפּ, שעמענדיג זיך. פויזע).

דער „פעטער"

דו שעם דיך נישט, אַ כלה מעג מען ווערען, גאָט האָט גע-הייסען. (פויזע) דאָס איז גאָר נישט... אַלע מענשען ווערען ־־תן-כלות.

רבקה׳לע

(שווייגט. פויזע).

דער „פעטער".

נו, האָסט דו ליעב דעם טאַטען דיינעם?

רבקה׳לע

(שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, שטיל).

יאָ.

דער „פעטער"

נו, וואָס ווילסטו זאָל איך דיר קויפען? זאָג, רבקה׳לע. (רבקה׳לע ענטפערט נישט) נו, זאָג, האָב נישט קיין מורא, דער טאַטע האָט דיך ליעב. נו, זאָג, וואָס זאָל איך דיר קויפען?

רבקה׳ל־

(שווייגט).

שרה

(איז פערנומען ביים טיש; צו רבקה׳לען).

נו, פאַר וואָס ענטפערסט דו נישט, אַז דער טאַטע רעדט צו דיר

רבקה׳לע.

איך ווייס נישט...

שרה

(צום „פעטער״).

אַ זיידענע בלוזקע וויל זי מיט אַ פּאָר ווייסע פּאַנטאָפּעל.

דער „פעטער״.

אַ, דו ווילסט אַ זיידענע בלוזקע מיט אַ פּאַר ווייסע פּאַנטאָפּעל?

רבקה׳לע

(שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אויף יאָ).

דער „פעטער״.

דאָס קומט דיר. (נעהמט ארויס פון די געלד-קלינגענדע קעשענע אַ גאָלד-שטיק און גיט איהר) יאָ, גיעב דאָס דער מאַמעשי, לאָז זי דיר קויפען. (רבקה׳לע נעהמט צו דאָס געלד, טראגט עס צו צו דער מוטער. עס הערט זיך אַ גע-רודער אויף די טרעפּ פון די אַרויפקומענדע אָרעמע לייט).

דער „פעטער״

(צו שרה׳ן).

זעהסט, דו האָסט געזאָגט, (עפענט אויף די טהיר) אַז דו וועסט קיין געסט נישט האָבען. (רופט) נו, קומט אַריין, קומט אַריין. (עס קומען אריין אַ תאליאַבטרע אָרעמע לייט, מענער און פרויען, צום ערשט אייגציגווייז, ווי זיי וואָלטען זיך אַריינגעגנב׳עט אין שטוב, דערנאָך מעהר, פיהרען זיך אויף ארויסרופענדיג, טייל רופען איראָניש צום „פעטער״): גוט מאָרגען אייך, בעל מחנך! (ווענדען זיך צו שרה׳ן) אַ גוטען טאָג, בעל-הבית׳טעשי

## שרה

(טהוט זיך אָן אַ שערץ, לייגט אַריין אין איהם חלות, זעמעל, לעקעך און אַנדערע עסענוואַרג. טהיילט אַרום צווישען די אָרימע לייט).

## איינער פון די אָרימע לייט

לאַנג לעבען זאָלט איהר, בעל-הבית׳טעשי, איהר זאָלט זוכה זייז מעהר שמחות צו מאַכען.

## אַ יודענע.

דאָס ספר-תורה זאָל אייך הצלחה און אַ ברכה אין אייער הויז אַריין...

## דער „פעטער"

(וואַרפט די אָרימע לייט שטיקער חלה נאָך שרה׳ן)

צו גאַנצע פונטען לעקעך זאָלסט דו זיי געבען און צו פלעשלעך בראָנפען מיט אַ היים. זאָלען זיי וויסען, אַז היינט איז ביי מיר אַ שמחה... נישט-קשה, איך קען בעשטעהן אויף דעם.

## אַ יודענע, בלינד אויף איין אויג

(ריהמט פאַר די אָרימע לייט דעם „פעטער" מיט שרה׳ן).

דאָ איז שוין איינס אַ הויז, זאָל איך שוין אַזאַ יאָהר האָבען, געהט שוין קיינער פון דאַנען מיט טרוקענע הענד נישט אַרויס. אַ לעפעל יויך פאַר אַ קראַנקען, אַ העמד פאַר אַן אָרעמאַן. וואָס דען, דאַרט אין די הויכע פענסטער וועט איהר קריגען?...

(שרה, ווי זי וואָלט נישט בעמערקט דער יודענעס רייד, וואַרפט אַריין אין איהר שערץ אַ פּאָר חלקים מעהר. די יודענע האַלט אויף דאָס פּאַרטעך איהרס און רעדט ווייטער).

דאָ אַז מען מאַכט אַ שטיקעל שמחה... קען מען זיין, ווער מען וויל... קען מען האַנדלען, מיט וואַס מען וויל...

### אַנדערע אָרימע לייט

(זווישען זיך).

צאַ יאָהר שוין אויף אונז, אַזאַ יאָהר שוין אויף אונז ...

### דער „פעטער"

(נעהמט אַרוים אַ פולע האַנר מיט קליינגעלד און גיט עס איבער אין רבקה'לעס שערץ).

נו, צוטייל די אָרימע לייט.

(רבקה'לע טיילט אַרום די אָרימע לייט קליינגעלד).

### די יודענע, בלינד אויף איין אויג

(מיט מעהר קוראַזש ווייזט אויף רבקה'לען).

און ווייזט מיר אין דער גאַנצער שטאָדט נאָך אַזאַ אָר'נטליך מיידעל ... (צו די אַנדערע ווייבער) רבנים האָבען דאָך נישט אַזעלכע קינדער. (זאָגט שטילער, דאָך, אז דער „פעטער" און שרה זאָלען הערען) און גאָט ווייסט, פון וואַנען עס נעהמט זיך צו זיי אַזאַ כשר קינד ... דאַכט זיך אויפגעהאָדעוועט אין אַזאַ הויז, גאָט זאָל נישט שטראָפען פאַר די רייד... (הויך) און דאָס איז אָבגעהיט, ווי דאָס אויג אין קאָפּ ... אָבגעוואויגען און אָבגעמאָסטען איז יעדער טריט איהרער, אַליעבע לוסט צו קוקען דערויף. (געהט צו צום „פעטער", מאַכט צו איהם) נישט קשה, עס לאָזט זיך הערען! (ווייזט אויף רבקה'לען) איך וואָלט אַ זון אַ רב געהאַט, וואָלט איך זי איהם פאַר אַ כלה געגעבען.

### די אַנדערע ווייבער

(צווישען זיך).

עס לאָזט זיך הערען ... עס לאָזט זיך הערען ...

### דער „פעטער"

וועס איהר זעהן, ווען איך וועל דאָס מיט מזל אונטער די חופּה

פיהרען! גאַנצע גענז זאָלט איהר קריגען, גאַנצע העכט לעבעדיגע און מיט רובלען קלינגען, איז מיין נאָמען נישט יעקל טשאַפּטשאָוויטש, אויב איך זאָג ליגען.

## די יודענע, בלינד אויף איין אויג.

אַז איך זאָג אייך, ווי אין שוהל, להבדיל, דאָס וואָלט זיך אויפגעהאָוועט... ציכטיג... שען... אָרנטליכער פאַר אַלע בעל-הבתישע טעכטער...

## די אַנדערע ווייבער.

עס לאָזט זיך הערען... עס לאָזט זיך הערען...

## דער „פּעטער“

(ארומטיילענדיג די גלעזלעך בראָנפען די אָרימע לייט, לאָזט פאַלען אַ וואָרט, ווי נישט בעמערקענדיג).

כאָטש איהר פּאָטער איז יעקל טשאַפּטשאַוויטש...

## שרה

(מיילענדיג).

נו, נו, פאַר ווענען ער האָט זיך דאָ צו ריהמען?

## דער „פּעטער“

(נישט איינהאלטענדיג זיך. זאָגענדיג, גיסט ער אָן די גלעזלעך בראָנפען, מיט אומפּעט).

מיר איז נישט קיין אונטערשיעד איז מיר, צי אָרים אָדער רייך, אַלע זאָלען עס וויסען... די גאַנצע שטאָדט זאָל עס וויסען... וואָס איך בין—בין איך, (חייזט אויפ'ן ווייב) וואָס זי איז—איז זי.. אַלץ איז וואָהר אַלץ... נאָר אויף מיין קינד זאָלען זיי קיין וואָרט

בישט לאָזען פאַלען... אַז נישט, וועל איך זיי, אָט, מיט דער פלאַש די קעפּ שפּאַלטען... מעג עס זיין דער סאַמע רב אפילו, איז מיר נישט קיין חלוק... כשר׳ער פאַר זיין טאָכטער. (ווייזט אויפ׳ן האַלז) דאָ מעגט עסן מיר אַריינשניידען

שרה

(הערט אויף צו טיילען).

נו, מען האָט שוין געהערט... שוין געהערט... (קלאַפּט זיך אָב די הענד און זוכט דעם בעזעם אין ווינקעל שטוב) מען דאַרף די שטוב צורוימען פאַר בעל-הבתים׳ס וועגען. (ווענדעט זיך צו די אָרימע לייט) דאַכט זיך קיין עולה נישט געהאַט?

די אָרימע לייט.

ניין, בעל-הבית׳טעשי, אַ גדולה און אַ נחת אויף אייער קאָפּ... (פערלאָזען די שטוב איינציגווייז, אָנווינשענדיג גוטע ברכות. דער „פעטער" וואַרפט זיי צו עסענוואַרג הינטער דעם ווייב׳ס אויגען. די לעצטע זאָגט צו רבקה׳לען, אַז די אָרימע לייט זאָלען נאָך הערען). געה, רבקה׳לע, דאָס קליידעל פאַר׳ן ספר-תורה פאַרטיג צו מאַכען, ר׳ אלי וועט דאָך באַלד קומען, דער סופר וועט באַלד קומען. (רבקה׳לע געהט אָב אין איהר ציטער לינקס).

דער „פעטער". שרה.

שרה

(בלייבענדיג אַליין מיט׳ן „פעטער", קעהרט אויס די שטוב).

פאַר וועמען ער האָט זיך דאָ געהאַט צו ריהמען, אַ קליינִיג-קייט, זאָג איך דיר... און אַזוי, מיינסט דו, וואָלטען זיי נישט גע-קומען צו דיר? מאַך יעדען טאָג אַ שמחה, וועסט דו זיי יעדען טאָג האָבען... אין אָרנטליכע הייזער ווייסט מען דאָס ווי צו האַלטען זיך, אַז עס זאָל דרך-ארץ האָבען פאַר אַ מענשען. וואָס דען, אַזוי, ווי

דו, באַלד „פּאַן-בראַט" ווערען ... וואָס איז עס פּאַר אַ בעל-הבית, וואָג איך, נאָ?

דער „פּעטער".

בעל-הבתים, ווילסט דו, זאָלען קומען צו דיר? דו האָסט, אַ פּנים, פערגעסען, ווער דו ביסט?

שרה.

„ווער דו ביסט"? וואָס, דו האָסט וועם בעגנב'עט? דו האָסט אַ געשעפט. יעדער האָט זיך זיין געשעפט, דו נייטסט דאָך קיינעם נישט!... דו מעגסט האַנדלען, מיט וואָס דו ווילסט, אַז דו אַליין טהוסט נאָר נישט קיין שלעכטס... פּרוב זיי נאָר געלד צו געבען — וועסט דו זעהן, וויפיעל זיי וועלען נעהמען פון דיר.

דער „פּעטער".

נעהמען וועלען זיי ביי דיר, אָבער דו וועסט ביי זיי ווי דער הונד אויסזעהן ... אין בית-המדרש ביי דער טהיר שטעה... קיינמאָל דיר קיין עליה נישט געבען...

שרה.

דו מיינסט טאַקע, אַז זיי זענען בעסער פּאַר דיר, אַז דו דאַרפסט נאָר נישט זייער לאַסקע... היינט איז אַזאַ וועלט: האָסט דו געלד, קומט אַריין צו דיר אַזאַ אָרנטליכער יוד, ווי ר' אלי, אַ חסיד, און נעהמט פון דיר אַ שענע נדבה. ער פרעגט זיך נישט פון וואַנען דו האָסט, גנב'ע, גזל, אַבי דו האָסט, אָט — שטאָ!...

דער „פּעטער".

דו קריך נישט צו הויך, שרה, — דו הערסט? — נישט צו הויך... אַז נישט, וועסט דו מיט איינמאָל דעם קאַרק ברעכען, (גראָזשעט מיט'ן

פינגער) און שטופּ דיך נישט... שטופּ דיך נישט, זאָג איך [illegible], דו האָסט אַ שטוב — ליעג, דו האָסט ברויט — עס. נאָר קריך נישט [illegible]ט, וואו מען בעט דיך נישט... יעדער הונד מוז קענען זיין נאָרע... (גיהט אוועק פון טיש. א סאַך מיט'ן האַנד) עס טהוט מיר שוין באַנג די גאַנצע מעשה... איך האָב מורא, דאָ וועט קומען די מפּלה...

שרה

הערט אויף צו געהן, לייגט אַרונטער די הענד אונטער די באַקעס אויף דער הויך).

מאַנספערשוין! שווייגען זאָלסט דו דיך! איך בין אַ נקבה און קען מיר זאָגען: דאָס, וואָס איז געווען, איז נישט דאָ, פּיס-ס-ס... אַוועקגעפלויגען... עס איז זיך נישט דאָ פאַר וועמען צו שעמען. די גאַנצע וועלט איז נישט בעסער... מיט די אויגען אין דער ערד וואָלט מען בעדאַרפט אַרומגעהן (דערנעהנט זיך צו איהם) און ווידער אַרום, וועסט האָבען געלד — פּאַקסט דו איין דאָס „קרעמעל", און קיין האָהן קרעהט נישט... ווער דאַרפט צו וויסען, ווער דו ביזט געווען...

דער „פּעטער"

(נאָכדענקענדיג).

דאָס וואָלט שוין געווען צום בעסטען... (פויזע) אַ מטאַל פערד זיך איינקויפען, פיהרען קיין אויסלאַנד, ווי אייזיקעל פורמאַן... ווערען אַ מענש... נישט מען זאָל דיר אין די אויגען קוקען ווי אַ גנב...

שרה

(נאָכדענקענדיג).

אַ שאָד אָבער דאָס געשעפט... אין פערד וועסט דו אַזאַ כשר'ן גראָשען נישט פערדינען... דאָ זעהט מען דאָך כאָטש דעם רובל אויף דער האַנד.

דער „פּעטער".

דאָס איז שוין וואָהר.

שרה

(געהט אָב אין דער צווייטער שטוב, ברענגט אריין אַ שטאָס טעלער, שטעלט זיי אַרום דעם טיש).

און זעהסט דו, האָבען מיר אַ טאָכטער, גאָט צו דאַנקען לייטישער, ווי אַלע בעל-הבתישע קינדער אין דער שטאָדט, וועט חתונה האָבען, נעמען אַ אָר׳נטליכען מענש פאַר אַ מאַן, האָבען אָר׳טליכע קינדער... זעהסט דו, און וואָס איז דער מעהר?

דער „פעטער"

(הייבט זיך אויף צו שרה׳ן).

יאָ, אַז דו וועסט איהר פיהרערין זיין! (בייז) געה, לאָז אַרויף צו איהר מאַנקען פון אונטען... האַלט זי דיר דאָ אין שטוב.

שרה

גיט נאָר אַ קוק, וויפיעל דאָס ברויעט אַרום! איך האָב אַמאָל מאַנקען אַרויפגענומען, אַז זי זאָל רבקה׳לען אויסלערנען אויף קאַנווע העפטען. עס איז דאָך אַ מיידעל, מען דאַרף אויך אַ וויפראַווע קלעהרען... זי האָט זיך דען, מיט וועמען צו חבר׳ן? דו לאָזט זי דאָך נישט אויף דער גאַס אַרויס... (פויזע) ווילסט נישט — איז נישט.

דער „פעטער".

ניין, איך וויל נישט, — דו הערסט? — ניין, איך וויל נישט, אַז מיין שטוב זאָל זיך מישען מיט אונטען (ווייזט אויפ׳ן קעלער) אָבגעשיידט זאָל מיין שטוב זיין! דו הערסט, ווי כשר׳ס פון טרפה׳ס אָבגעשיידט! אונטען (ווייזט אויפ׳ן קעלער) איז אַ „הייזעל" און דאָ וואוינט אַ כשר כלה-מיידעל — דו הערסט? (קלאפט אין טיש מיט פויסטען) אַ כשר כלה-מיידעל וואוינט דאָ! אָבגעשיידט זאָל עס זיין!...

(עס הערען זיך טריט אויפשטייגען אויף די טרעפ).

# שרה

איז נישט, איז נישט, נור שריי נישט. (האָרכט זיך איין) שאַ, מענשען געהען, ר׳ אלי געהט. (זי שטופּט אַרונטער די לאָקען פון איהרע האָר הינטער׳ן שייטעל. וואַרפט אַראָב פון זיך דעם שערץ. דער „פעטער" מאַכט זיך גלייך די באָרד, דעם ראָק. שטעלען זיך ביי דער טהיר, אָבוואַרטען די געסט... די טהיר עפענט זיך ברייט, עס קומען אריין שלמה מיט הינדלען).

## שלמה. הינדעל.

(אַ הויכע שטאַרקער יונג כּן; אַ יאָהר עטליכע צוואַנציג, אין לאַנגע שטיוועל מיט אַ קורץ רעקעל, לאָבוסעוואַטע בעוועגונגען, ווינקט מיט די אויגען ביים ריידען גנבה׳דיג; הינדעל, — אַ פערעלטערט מיידעל, טראָגט קליידער, וועלכע פּאַסען שוין ניט לויט איהרע יאָהרען, אָבגעשווענקט דאָס פּנים. געהען ביידע דרייסט, הוימיש).

## דער „פעטער"

(צו שרה׳ן).

קוק מיר אָן מיינע געסט... (צו שלמה׳ן) דאָ האָב איך קיין שום געשעפטען נישט, אונטען, אַלץ אונטען... (ווייזט אויפ׳ן קעלער) איך וועל אַראָבקומען.

## שלמה.

וואָס יאָגסט דו דיך אַזוי, וואָס? דו שעמסט דיך שוין מיט אונז?

## דער „פעטער".

הכלל, וואָס וועט עט׳ץ זאָגען גוטס?

## שלמה.

מאַכסט דאָך היינט אַ שטיקעל שמחה, זענען מיר דיר געקומען מזל-טוב זאָגען... אַלטע בעקאַנטע... וואָס, ניין?

שרה

קוקט׳ס מיר אָן מיינע בעקאַנטע?

דער „פעטער".

אַלץ געווען אַמאָל, פון היינטמאָל אָן — אויס... דו וועסט האָבען אַ געשעפט — יאָ, נור אַלץ אונטען, (ווייזט איהם אייפ׳ן קעלער) דאָ — קען איך דיך נישט, דו מיך נישט פון היינטמאָל אָן. — אַ טרונק בראָנפען קענסט דו נאָך קריגען. (גיסט זיי ביידע אָן צו גלעזלער בראָנפען) אָבער מאַכט׳ס פלינקער, עס קען נאָך אַ מענש אָנקומען צו געהן.

שלמה

(נעהמט דאָס גלעזעל בראָנפען אין האַנד אריין, זאָגט צו הינדלען שעלמיש).

זעהסט, חתונה האָבען איז אַ וואוילע זאַך, ווערט מען טאַקע אַ מענש מיט לייטען גלייך, לאָזט מען ספרי-תורות שרייבען, נישט אַזוי ווי דו, אַלפאָנסען, מיידען-יונגען. (צום „פעטער") זעהסט, האָב איך מיך טאַקע פערקוקט אין דיר און בין היינט אַ חתן געוואָרען מיט די חיה׳-טע — אָט, (ווייזט אויף הינדלען) אָט, וועט אפשר נישט זיין אַ שענע בעל-הבית׳טע? וועסט זעהן, זי וועט זיך אָנטהון אַ שייטעל, וועט זי אויסזעהען ווי אַ גאַנצע רביצ׳ן, זאָלסט אַזוי לעבען מיט מיר.

דער „פעטער".

זאָל מיר ווערען גוטע בשורות אָנגעזאָגט.... אַזוי, חתן-כלה גע-וואָרען? און ווען איז די חתונה מיט מזל?

שרה.

גיעב נאָר אַ קוק, מיט וועם ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויס-טענה׳ן! עס שטעהט איהם טאַקע אָן; מיט אויסוואורפען, גאָט זאָל נישט שטראָפען פאַר די רייד, דער דיין, דער סופר קען נאָך אָנקומען צו געהן.

ש ל מ ה.

ווען די התונה איז, פרעגסט דו? ווען האָט אַ „נאַש בראַט״ התונה? עס וועלען זיין אַ פּאָר נקבות, וועט מען אַ חופה שטעלען און אַ „הייזעל״ זיך פערלייגען, וואָס דען, קען אַ „נאַש בראַט״ ווערען? קיין רב שוין נישט, נאָר עס מוז עפּעס זיין עקסטראַ, פיין, פייער און פלאַם, (ווינקט צו איהם) אַז נישט — לוינט נישט...

דער „פּעטער״.

און וואָס ווילסט דו פון מיר, זאָלסט מיר לעבען?..

ש ל מ ה.

וואָס איך וויל פון דיר? אַ קלייניגקייט נאָר. (ווייזט אויף הינדלען) עס איז דיין נקבה, יאָ? און דאָס איז מיין כלה. זי האָט צו דיר אַ פּרעטענזיע. (נעהמט פון הינדלען איהר לוין־ביכעל) און פון היינטמאָל אָן ווערסט דו האָבען מיט מיר צו טהון, היינט וויל איך נאָר אַ קלייניגקייט. צעהן רובל אויפ׳ן ביכעל. (קלאַפּט מיט דער האַנד אויפ׳ן ביכעל) עס איז גוט געלד, גוט געלד. (מאַכט מיט די אויגען אויף הינדלען) זי וויל זיך דאָרט אַ קאַפּעלוש קויפען.

דער „פּעטער״.

אַלץ אונטען, אַלץ אונטען. איך וועל אַראָבדומען,״ וועט מען אַלע געשעפטען אָבמאַכען. דאָ קען איך דיך גאָר נישט. דאָ האָב איך מיט דיר קיין שום געשעפטען נישט

ש ל מ ה.

ביי מיר איז אַלץ איינס — אונטען זאָדער אויבען, אונטען וואוינט נישט קיין פרעמדער, אויבען וואוינט נישט קיין פרעמדער, „ווסיאָ ראַוונאָ״, איין טייוועל.

דער „פעטער".

(בייז שוין).

קלויב דיר דיביינער צוזאַמען, מאַך פלאַץ, דו הערסט? — אַ מע-ש דאַרף אָנקומען.

שרה.

אַ בייזע נאַכט אויף זייער קאָפּ, אויף זייער הענד און פיס, אַרויפגעקומען אונז די שמחה פערשטערען... (קוקט אויף הינדלען מיט אָבשוי) עס ליגט טאַקע איבער אַזאַ פעדערינשלאַצערין עגמת נפש צו האָבען.

הינדעל

(צו שרה'ן).

איך געבעל איהן נישט פאַר אַ נקבה, קענען זי זיך אַליין אַראָבשטעלען.

שלמה

(מאַכט צו הינדלען).

זאָג איהר, אַז די טאָכטער קען זי אַראָבשיקען. (צו שרה'ן) ח'לע-בען, זיי וועלען גאַנץ גוטע געשעפטען מאַכען.

דער „פעטער"

(געהט צו צו שלמה'ן).

מיך זידעל, דו הערסט? — (וויזט אויף דער ווייב) זי זידעל, מיר וועגען „פאַן בראַט", אָבער מיין טאָכטער'ס נאָמען דערמאָן נישט אין דיין מויל. דו הערסט? (דערנעהנט זיך צו איהם) זי דערמאָן נישט, אַז נישט וועל איך דיר די געדערים אויפשניידען. דו הערסט? זי קען דיך נישט, דו קענסט זי נישט.

שלמה.

וועל איך זי קענען, אַ „נאַש בראַטס״, נישט קיין ווייטע משפחה

דער „פעטער״

(פאַקט שלמה׳ן פאַר׳ן האַלז).

די געדערים נעהם איך דיר אַרויס... אין פנים אַריין פאַטש מיר, מיט די פיס קאָפּיע מיך, אָבער מיין טאָכטער׳ס נאָמען זאָלסט דו נישט דערמאָנען. (זיי רייסען זיך).

שרה

(לויפט צו).

אַ בראָך איז מיר נישט געשעהן! אַנידערגעשטעלט קריגען זיך מיט אויסוואורפס, דאָ קען נאָך אַ מענש אָנקומען צו געהן, וועה איז מיר, יעקל, ר׳ אלי, דער סופר... יעקל, יעקל, געדענק אָן גאָט! (שלעפט איהם אוועק) וואָס טהוט זיך מיט דיר? עס הערען זיך שווערע טריט פון שטייגען אויף די טרעפ. שרה רייכט אַוועק דעם „פעטער״). יעקל, יעקל, ר׳ אלי געהט, דער סופר געהט, אַ חרפּה און אַ שאַנד פאַר לייטען!

דער „פעטער״.

ניין, דאָ אויפ׳ן אָרט... (האַלט נאָך שלמה׳ן).

ר׳ אלי׳ס קול

(אין דער טהיר).

זייט מוחל, סופר, דאָ וואוינט דער בעל מחנך. (ווייזט זיך אין טהיר, אַריינשטעקענדיג צוערשט זיין גרויסען קאָפּ מיט דער ליולקע). וואָס איז דאָ פאַר אַ גערודער, ביי אַ בעל-מחנך דאַרף זיין ששון ושמחה אין דער שטוב, נישט מען קריעגט זיך. (נעהמט צוריק זיין קאָפּ אין הויז אַריין) זייט מוחל, סופר. (דער „פעטער״, דערהערענדיג ר׳ אלי׳ס קול, לאָזט נאָך שלמה׳ן. שרה לויפט צו און שטעקט אַריין שלמה׳ן אַ שטיק פּאַפּיערען געלד, וועלכעס זי האַט

פון זאָק אַרויסגענומען, שטופּט זיי ביידע, שלמה'ן און הינדלען, צו דער טהיר אָב: די לעצטע טרעפּען זיך אין דער טהיר מיט'ן סופר און ר' אלי'ן, וועלכע רוקען זיך אָב אַ פּאָר אַ נקבה און לאָזען זיי דורך).

שלמה

(צו הינדלען, ביים אַרויסגעהן).

זעהסט, מיט וואָס פאַר אַ לייט ער חבר'ט זיך היינט... וואַרט, וואַרט, ער וועט נאָך אַ דאָזאָר אין שטאָדט ווערען. (געהען אָב, זאָגענדיג עפּעס נאָך אין הויז).

## ר' אלי. דער סופר. די פּאָריגע.

ר' אלי

(אַ נידריג יודעל, אַ דיקס, רעדט פלינק, מאַכענדיג דערביי בעוועגונגען מיט די הענד צו'חנפנ'דיג זיך, הײמיש און דרייסט, איבערצייגט אין זיך).

זייט מוחל, זייט מוחל, כופר, (אין דער שטיל צום „פעטער" מיט שרה'ן) איהר דאַרפט אייך שוין פיהרען אַ ביסעל אָנשטענדיגער, עס איז שוין צייט, מענשען קומען.

דער סופר

(קומט אַריין. אַ הויכער. אַלטער יוד, זיין לאַנגער, דאַרער קערפּער הילט זיך אין אַ גרייטען טאַלאַט איין. אַ לאַנגע, ווייסע, שיטערע באָרד. טראָגט ברילען אויף די אויגען. האַלט זיך קאַלט און געהיימניספול).

ר' אלי

(ווייזט אויף דעם „פעטער").

דאָס איז דער בעל מחנך.

דער סופר

(שמרעקט צו איהם אויס די האַנד, אָנקוקענדיג איהם).

שלום עליכם, יוד.

## דער „פעטער"

(גיט די האַנד אַ קעגן, נישט זיבער, שרה רוקט זיך אָב אָן אַ זייט מיט דרך ארץ).

### ר׳ אלי

(זעצט זיך צום טיש, רוקט צו אַ שטוהל פאַר׳ן סופר).

זעצט אייך, סופר.

(צו דעם „פעטער").

זעץ דיך. (דער סופר זעצט זיך, ביי ר׳ אלי׳ן געגענאיבער טיש. דער „פעטער" — נישט זיכער).

### ר׳ אלי

(צום סופר).

דאָס איז דער יוד, וואָס איך האָב פאַר זייגעטוועגען דאָס ספר-תורה בעשטעלט. (ער רוקט זיך צו בראָנפען און גיעסט אָן דעם סופר, דערנאָך זיך) קיין בן-זכר האָט ער נישט, וויל ער גאָט מהנה זיין מיט אַ ספר תורה. עס איז אַ מנהג בישראל, גאַנץ שען — דאַרף מען איהם מסייע צו זיין ... לחיים, סופר (גיט איהם די האַנד. צום „פעטער", געבענדיג די האַנד) לחיים, בעל מחנך, דו ביסט דאָך היינט דער בעל-שמחה.

(דער „פעטער" גיט צוריק די האַנד נישט זיכער. ר׳ אלי טרינקט. שרה דערנעהנט זיך צום טיש און רוקט צו ר׳ אלי׳ן אייגעמאַכטס. דער „פעטער" ציהט זי ביים קאַפטען און ווינקט צו איהר, אַז זי זאָל זיך ערווייטערן).

### ר׳ אל

(נאָכ׳ן טרינקען).

טרינקט, סופר, (צום „פעטער") טרינק, בעל מחנך, דו דאַרפסט דיך היינט משמח זיין, גאָט האָט דיר געהאָלפען. קענסט אַ ספר-תורה שרייבען, עס איז אַ גרויסע מצוה, אַ גרויסע מצוה.

דער „סופר"

(האַלט דאָס כוס אין דער האַנד, צו ר' אלי'ן, אויפ'ן „פעטער").

ווער איז דער יוד?

ר' אלי.

וואָס איז דער חילוק? אַ יוד... איז ער נישט קיין למדן, אַלע מוזען דען זיין למדנים? אַ יוד וויל מקיים זיין אַ מצוה, דאַרף מען איהם מקרב זיין. (צום „פעטער") טרינק לחיים, זיי דיך משמח.

דער „סופר".

וועט ער נאָר וויסען, ווי זיך מיט אַ ספר אומצוגעהן?

ר' אלי.

ווי הייסט ער וועט נישט וויסען? ער איז דאָך אַ יוד, און וועלכער יוד ווייס נישט, וואָס אַ ספר-תורה איז? (טרינקט) לחיים, לחיים... זאָל גאָט געבען ישועות טובות אויף יודען.

דער „סופר"

(גיט די האַנד דעם „פעטער")

לחיים, בעל מחנך... (זאָגט איהר אָן) זאָלסט וויסען, אַ ספר-תורה איז אַ גרויסע זאַך, אויף אַ ספר-תורה שטעהט געשטיצט די גאַנצע וועלט און יעדעס ספר-תורה איז פונקט אַזוי ווי די לוחות, וואָס זענען אַראָבגעגעבען צו משה רבינו פון באַרג סיני אַראָב. יעדער שורה ווערט געשריבען אין ספר-תורה בטהרה וקדושה... אין דעם הויז, וואו עס שטעהט אַ ספר-תורה, דאָרט געפינט זיך גאָט... מוז עס זיין אָבגעהיט פון יעדערע טומאה... יוד, זאָלסט וויסען אַז אַ ס"ת...

דער „פעטער"

(ווערט דערשראָקען, שטאַמעלט).

רבי... רבי... איך וועל זאָגען דעם רבי'ן דעם גאַנצען אמת,

וועל איך זאָגען... איך בין אַ זינדיגער מענש... רבי, איך האָב מורא...

## ר׳ אלי.

(פאַלט איהם אין די רייד אַריין, צום סופר).

דער יוד איז אַ חוזר בתשובה דאַרף מען איהם מקרב צו זיין, עס איז אַ בפירוש׳ע גמרא, און ווי הייסט ער ווייסט נישט, וואָס אַ ספר-תורה איז? ר׳איז דאָך פאָרט אַ יוד. (צום „פעטער״) פאַר אַ ספר-תורה דאַרף מען דרך-ארץ האָבען, גרויס דרך-ארץ האָבען, פונקט אַזוי ווי אַ גרויסער רב וואָלט ביי דיר אין שטוב געווען. מען טאָר נישט ריידען קיין עזות׳דיגקייט אין דעם שטוב, וואו עס שטעהט אַ ספר-תורה, און מען מוז זיין אָבגעהיט מיט צניעות. (רעדט צו שרה׳ן, קוקענדיג אין איהר, נאָר נישט אויף איהר) אַ אשה דאַרף זיך נישט אויפדעקען די האָר אין דער שטוב, וואו עס שטעהט אַ ס״ת... (שרה שטופט זיך אַרונטער די האָר אונטער׳ן שייטעל) טאָר נישט צוגעהן צום ספר-תורה מיט נאַקעטע הענד. פאַר דעם, אין דעם הויז, וואו עס שטעהט אַ ספר-תורה, געשעהט קיין שום שלעכטס נישט, עס איז שטענדיג עושר והצלחה, און עס היט אָב דעם מענש פון אַלדעס בייז (צום סופר) ווי הייסט, ער ווייסט נישט? זענען דאָך יודען... (שרה שאָקעלט צו מיט׳ן קאָפּ).

## דער סופר.

ר׳ יוד, איהר הערט, אויף אַ ספר-תורה שטעהען גאַנצע וועלטען, אין דער ספר-תורה איז דער גאַנצער קיום היהדות, מיט איין וואָרט, חלילה, מיט איין וואָרט קענט איהר דאָס ספר-תורה פערשעמען און עס קען, חלילה, קומען אַ גרויס אונגליק אויף אַלע יודען, רחמנא לצלן!

## דער „פעטער״

(שטעלט זיך אויף פון טיש).

רבי, איך וועל אַלץ זאָגען... רבי, (געהט נעהנטער צו) איך ווייס, איהר זענט אַ הייליגער יוד, איך בין נישט ווערט, אַז איהר, רבי.

זאָלט זיך געפינען דאָ... אונטער מיין באַלקען... רבי, איך בין אַ זינדיגער מענש, זי (ווייזט אויפ׳ן ווייב) איז אַ זינדיגער מענש, מיר טאָרען זיך נישט צוריהרען צו אַ ספר-תורה... רבי, דערינגען... (ווייזט אויפ׳ן טהיר לינקס) פאַר איהר, רבי, (געהט אַריין אין רבקה׳לעס צימער און פיהרט אַרויס רבקה׳לען ביי דער האַנד. זי האַלט אין דער האַנד אַ סאַמעט קליידעל פון אַ ספר-תורה, אויף וועלכען זי העפט אַ מגן-דוד אויס מיט גאָלד-שטעך) רבי, זי (אויף רבקה׳לען) מעג מיט אַ ספר-תורה אומגעהן, זי איז אַזוי כשר, ווי אַ ספר-תורה. פאַר איהר, רבי, האָב איך דאָס ספר-תורה בעשטעלט, (ווייזט אויף איהר אַרבייט) זעהט, רבי, זי העפט אויס אַ קליידעל פאַר׳ן ספר-תורה׳ס וועגען, זי מעג, רבי. איהרע הענד זענען כשר׳ע הענד. איך, רבי, (קלאַפּט זיך אויפ׳ן האַרצן) איך וועל זיך נישט צוריהרען צו אַייער ספר-תורה... זי, (אויפ׳ן ווייב) זי וועט זיך נישט צוריהרען צו אַייער ספר-תורה... זי, רבי, (לייגט די האַנד אויף רבקה׳לעס קאָפּ) זי וועט דער-מיט אומגעהן, ביי איהר אין שטיבעל וועל איך דאָס ספר-תורה שטע-לען, חתונה האָבען, אַרויס פון מיין הויז — נעהם דיר דאָס ספר-תורה׳לע מיט מיט דיר צו דיין מאַן...

ר׳ אלי

(צום „פעטער״).

דאָס הייסט, דו מיינסט, אַז דו וועסט חתונה מאַכען דיין בתולה, וועסט דו איהר דאָס ספר-תורה נדן געבען, וואָס, ניין?

דער „פעטער״.

ר׳ אלי, אַז מיין טאָכטער וועט חתונה האָבען, וועל איך איהר דן געבען, אַ סך געלד נדן און וועל זאָגען צו איהר אַזוי: דו געה אַרויס פון דיין טאַטענס הויז און פערגעס... פערגעס דיין טאַטען... פערגעס דיין מאַמען... און האָב כשר׳ע קינדער, יודישע קינדער, אַזוי ווי יעדע יודישע טאָכטער. אָט וואָס איך וועל זאָגען צו איהר.

ר׳ אלי.

דו ווילסט, הייסט עס, דאָס ספר-תורה אַ חתן-מתנה דיין טאָכטער׳ס

חתן שענקען, וואָס, ניין? (צו דעם סופר) זעהט איהר, ר׳ אַהרן, עס זענען נאָך פערהאַנען יודען אויף דער וועלט; אַ יוד האָט אַ טאָכטער לאָזט ער שרייבען אַ ספר-תורה פאַר׳ן חתן וועגען... ווי שען איז דאָס, ווי גוט איז דאָס, איך זאָג אַייך, ר׳ אַהרן, אַז דאָס יודישקייט... אַז דאָס יודיש... אַך—אַח... (קלאַפּט מיט די ליפּען).

## דער „פּעטער"

(פיהרט צוריק אַריין רבקה׳לען אין איהר צימער, מאַכט צו די טהיר נאָך איהר).

רבּי, פאַר אייך מעג איך דאָך זאָגען, מיר זענען דאָך אַליין, מיין ווייב מעג עס הערען. רבּי, מיר זענען זינדיגע מענשען. איך וויים, גאָט וועט אונז שטראָפען, זאָל ער שטראָפען. האָב איך אַ זאָרג. די פוס זאָל ער מיר אָבּנעמען, אַ קאַליקע זאָל ער מיך מאַכען... בעטלען זאָל איך אַרומגעהן, נאָר מיט דעם נישט... (שטילער) רבּי, אַז מען האָט אַ זוהן, און ער פּאַסקודעוועט זיך — האַפּט איהם דער טייוועל, אָבער אַ טאָכטער, רבּי, אַ טאָכטער פערזינדיגט זיך — איז ווי די מאַמע אין גרוב וואָלט געזינדיגט... בין איך געגאַנגען אין הייליגען בית-המדרש אַריין... בין איך צוגעגאַנגען צו דעם יוד (ווייזט אויף ר׳ אלי׳ן) און זאָג צו איהם אַזוי: דו גיעב מיר עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל אָבּהיטען מיין שטוב פון זינד... מאַכט ער צו מיר: לאָז דיר שרייבען אַ ספר-תורה און שטעל עס דיר אין שטוב אַריין. רבּי, אונז... סיי ווי סיי די נשמה דעם טייוועל איבערגעגעבען... פאַר איהר, רבּי... ביי איהר דערינגען אין שטיבעל וועל איך דאָס ספר-תורה אַריינשטעלען, זי זאָל דערמיט אומגעהן... מיר — טאָרען נישט...

(ר׳ אלי בייגט זיך אַיין צום סופר און רעדט עפּעס מיט איהם אין דער שטיל, מאַכענדיג דערביי פערשיעדענע בעוועגונגען מיט די הענד, ווייזענדיג אויפ׳ן „פּעטער". דער פּעטער און שרה שטעהען ביים טיש אין וואַרטען. פּויזע...)

## דער סופר

(נאָך אַ קורצען ישוב הדעת).

און וואו זענען בעלי-בתים? כבוד-התורה?

ר׳ אלי.

מיר וועלען געהן אין בית המדרש אַריין, מיר וועלען צוזאַמען נעהמען אַ מנין יודען, עס וועלען זיך שוין געפינען יודען, וואָס ווילען מכבּד זיין די תּורה. (הויבּט זיך אויף פון טיש און גיעסט אָן די גלעזעלעך, קלאַפּענדיג דעם „פּעטער״ אויף די פּלייצעס) נו, נו, גאָט וועט העלפען, זיי דיך משמח, בּעל מחנך, גאָט איז מקרב בּעלי תּשובות... נישקשה, ווערסט אויסגעבּען דיין בּתולה פאַר אַ תּלמיד חכם, ווערסט נעהמען אַ אָרים ישיבה-בּחור פאַר אַנ׳איידעם, וועסט איהם פּרנסה געבּען, ער וועט זיצען און לערנען אין די היילינע תּורה, אין דעם זכות פון דער תּורה וועט דיר גאָט מוחל זיין... (פּויזע) איך האָבּ שוין טאַקע געקלעהרט וועגען דעם און האָבּ טאַקע אויפ׳ן אויג אַ חתן — אַנ׳אַנטיק, אַ פיינעם קאָפּ... דער פאָטער, זעהר אַ אָרנ׳ליכער יוד... (אָבּהאַקענדיג) אַ סך ווילסט דו געבּען דיין בּתולה נדן?

דער „פּעטער״.

רבּי, אַלץ נעהמט מיר אַוועק. די קאַפּאָטע וועל איך מיר לאָזען אויסטהון... אַלץ... אַלץ... און דו קען נישט דיין טאַטען... דיין מאַמען... הינטער אַרום וועל איך זיי שיקען. נאַ דיר דיין עסען, דיין טרינקען און לערן דיר דאָרט אין דיינע היילינע ספרים... איך קען דיך נישט... דו קען מיך נישט...

ר׳ אלי.

עס וועט שוין רעכט זיין. אין דעם זכות פון דער הייליגער תּורה... קומט, סופר, קומט, בּעל מחנך, אין בּית-המדרש אַריין. אַ מנין יודען זוכען, וועלען מיר זיך מיט׳ן ספר משמח זיין... (צום סופר) זעהט איהר, ר׳ אהרן, אַ יוד, האָטש ער זינדיגט... פאָרט אַ יוד, אַ יודישע נשמה— זוכט אַ איידעם אַ תּלמיד-חכם... (צום „פּעטער״) נישקשה, נישקשה, גאָט וועט העלפען... גאָט האָט ליעב בּעלי-תּשובות, נאָר צדקה דאַרף מען טהון לומדי-תּורה; קען מען אַליין נישט, מוז מען אַ תּלמיד-חכם אונטערשטיצען, וואָרום על תּורה עולם עומד; אויף די תּורה שטעהט

די וועלט ... (צום סו ר) נישט וואָהר, ר׳ אהרן? און פאַר וואָס דען נישט? (אויפ׳ן פעטער) איך האָב דאָך זיין פּאָטער געקענט ... אַ גאַנץ אָרנ׳ליכער יוד געווען ... אַ בעל עגלה געווען ... אַ גאַנץ שענער יוד ... גלויבט מיר, גאָט וועט העלפען און דער יוד וועט נאָך ווערען מיט יודען גלייך ... (צום „פעטער״) נאָר דער עיקר איז, מען מוז זיין אַ חוזר בתשובה בשלמות, דאָס הייסט, מען געהט נישט אויף דעם זעל-בען וועג, אויף וועלכען מען איז געגאַנגען ... און מען שטיצט אונטער לומדי-תורה ...

## דער „פעטער״

(דרייסטער, דערנעהנטערט זיך צו ר׳ אלי׳ן).

לאָזט מיך נאָר, ר׳ אלי, אַביסעל אויפ׳ן לייב קריעגען, אַז איך זאָל מיין טאָכטער אַ שענעם נדן קענען געבען, איז מיין נאָמען נישט יעקל טשאַפּטשאָוויטש, ר׳ אלי, אויב איך מאַך נישט צו דאָס „קרע-מעל״... איך וועל האַנדלען מיט פערד, וועל איך האַנדלען... ווי מיין טאַטע, עליו השלום... איך וועל מיר אַ שטאַל פערלייגען, פאָהרען אויפ׳ן לאָוויטשער מאַרק, און מיין איידעם וועט זיך דאָרט, דע-רינען, זיצען און לערנען תורה. אַהיים קומען אויף אַ שבת — וועל איך מיך אָט דאָ אַנידערזעצען און וועל מיר אויסהערען ווי מיין איידעם לערנט אין די גמרות — איז נישט מיין נאָמען יעקל, אויב איך זאָג ליעגען!

## ר׳ אלי.

נישקשה, נישקשה, גאָט וועט דיר העלפען, גאָט וועט דיר העלפען. נישט וואָהר, ר׳ אהרן?

## דער סופר.

ווער קען וויסען? אונזער גאָט איז אַן אל רחום וחנון — אָבער ער איז אויך אַן׳אל נוקם ונוטר. (געהט ארויס) נו, עס ווערט דאָך שוין שפּעט, לאָז מען געהן איז בית-המדרש אַריין. (געהט אָב).

דער „פעטער"

וואָס זאָגט דער רבי?

ר' אלי.

ניש קשה, ניש קשה, גאָט וועט העלפען... ער מוז העלפען... קום, קום, בעל מחנך, נעהם אַהיים דאָס ספר-תורה בשמחה וששון. (געהט. דער פעטער וויינערט זיך. ווייסט נישט, וואָס צו טהון. ר' אלי בעמערקט עס). וואָס, דו ווילסט נאָך עפּעס דיין פלונית זאָגען, אַז זי זאָל אָנ-גרייטען, ווען מיר וועלען מיט'ן ספר קומען?

שרה.

(צו ר' אלי'ן).

עס איז אָנגעגרייט, ר' אלי, אָנגעגרייט.

ר' אלי.

נו, וואָס וואַרטסטו? דער סופר איז שוין געגאַנגען.

דער „פעטער"

(שטעהט ביי דער טהיר, נישט זיכער, ווייזט מיט'ן פינגער).

איך אינאיינעם מיט'ן רבי'ן איבער דער גאַס?

ר' אלי.

קום, קום, אַז גאָט איז דיר מוחל, זענען מיר דיר אודאי מוחל.

דער „פעטער"

(ענטוזיאַסטיש).

ר' אלי, איהר זענט אַ גוטער רבי, (שפּריינט אויס די הענד, וויל איהם

אַרומנעהמען, דערמאָנט זיך, האַלט זיך צוריק). אַ גוטער רבי... זאָל איך שוין אַזוי לעבען... (געהען אָב אינאיינעם. עס ווערט פינסטער).

שׂרה. נאָכהער רבקה׳לע.

שרה.

(נעהמט זיך פלינק די שטוב צוצורוימען, דעם טיש גלייך צושטעלען. רופט אין דער צווייטער שטוב, צו רבקה׳לען):

רבקה׳לע, רבקה׳לע, קום מיר אַריין העלפען מען וועט דאָך באַלד מיט׳ן ספר-תורה אָנקומען צו געהן.

רבקה׳לע.

(ווייזט זיך אין דער טהיר. נישט זיכער).

ער טאַטע איז שוין נישט דא?

שרה.

ניין, רבקה׳לע, ער איז געגאַנגען אין בית-המדרש אַריין מיט ר׳ אלי׳ן, מיט׳ן סופר, נאָך בעל-בתים, דער רב וועט קומען.

רבקה׳לע

(ווייזט דאָס ספר-תורה-קליידעל).

זעהסטו, ווי שען איך האָב עס אויסגעהאָפטען?

שרה

(פערנומען).

איך זעה, איך זעה. קעם זיך אויף, טו זיך אָן, די בעלי-בתים וועלען דאָך קומען... דער רב...

רבקה׳לע.

איך וועל אַרויפרופען מאַנקען, זי זאָל מיך אויפקעמען, איך האָב

אַזוי ליעב, אַז זי קעמט מיך אויף. זי פערקעמט מיך אַזוי שען, אַזוי גלייך די האָר... איהרע הענד זענען אַזוי קיהל... (נעהמט עפּעס אין האַנד און קלאַפּט אין דער פּאָדלאָגע, רופענדיג): מאַנקע, מאַנקע!

שרה

(דערשראָקען).

וואָס טהוסטו, רבקה׳לע, ניין, דער טאַטע וועט שרייען. עס פּאַסט שוין נישט פאַר דיר, דו זאָלסט דיך חבר׳ן מיט מאַנקען, דו ביסט שוין אַ כלה-מיידעל, אַ בעל-הבתיש קינד, מען רעדט דיר שדוכים, פיינע שדוכים, מיט לערן-קינדער...

רבקה׳לע.

איך האָב אַזוי ליעב מאַנקען.

שרה.

עס איז אַ חרפּה פאַר דיר צו חבר׳ן זיך מיט מאַנקען... דו ביסט אַ בעל-הבתיש קינד, דו וועסט דיך חבר׳ן מיט בעל-הבתישע קינדער... מען רעדט דיר שוין שדוכים, פיינע שדוכים, דער טאַטע איז גע-גאַנגען דעם חתן זעהן פאַר דיר, ר׳ אלי האָט געזאָגט... (געהט אָב אין דער צווייטער שטוב אריין) מען דאַרף זיך אָנטהון, ריין אַרומוואַשען... די געסט וועלען באַלד קומען...

רבקה׳לע.

אַ חתן, וואָס פאַר אַ חתן, מאַמעשי?

שרה

(פון דער צווייטער שטוב)

אַ חתנ׳דעל — אַ גאָלד, אַ פיין לערן-קינד, פון אַ שענער משפחה.

(מאַנקע ווייזט זיך אין דער טהיר פון געגענאיבער דער סצענע, שטעקט צו-

ערשט אריין דעם קאָפּ, ווינקענדיג קאָקעט מיט'ן פינגער אויף רבקה'לען; רבקה'לע דערגעהנטערט זיך צו איהר הינטערווייִלעכס, ווינקענדיג צו מאַנקען. אין שטוב הייבט אָן צו טונקלען.

### רבקה'לע

(פאַלט אין מאַנקעס אָרעמס. רעדט צו דער מוטער אין דער צווייטער שטוב אריין).

עפּעס אַ שענער חתן, מאַמעשי?

(מאַנקע קושט זי לייִדענשאַפטליך).

### שרה

(פון דער צווייטער שטוב).

יאָ, טאָכטערשי, אַ שענעם חתן, מיט צוויי שוואַרצע פּאה'לעך, אַן'אַטלאַסין קאַפּאָטעל מיט אַ סאַמעטען קאַשקעטעל, ווי אַ רב געהט ער אָנגעטהון, ער איז א רב'ס אַ זוהן, ר' אלי האָט געזאַגט.

### רבקה'לע

(אין מאַנקעס אָרעמס, גלעטענדיג מאַנקעס באקען).

וואו וועט ער זיין, מאַמעשי?

### שרה

(פון דער צווייטער שטוב).

דאָרט, דערינען ביי דיר אין שטיבעל, וואו דאָס ספר-תורה וועט שטעהן, וועט ער דאָרט וואוינען מיט דיר און לערנען אין די הייליגע תורה.

### רבקה'לע.

(אין מאַנקעס אָרעמס).

וועט ער מיך ליעב האָבען, מאַמעשי?

ש ר ה

(ווי פריהער).

זעהר, טאָכטערשי, זעהר. עטץ וועט האָבען אָרענטליכע קינדער, כשר׳ע קינדער ...

(אין דער צייט, ווען זיי ריידען, פאלט די פאָרהאנג זעהר לאנגזאם, איבער־לאָזענדיג די שפילענדע אין דער זעלבער פאָזע).

(פאָרהאנג).

# צווייטער אַקט.

---

## סצענע.

אין קעלער-שטוב.

אַ גרויסע קעלער-שטוב אין אַן'אַלטער געביידע. אַ טיעפער אויסגע-וועלבטער באַלקען. האַט ביים באַלקען — צוויי טיעפע, נידריגע פענסטערלעך מיט פאָרהאַנגליך און בלומען-טעפ זענען אויפגעעפענט און עס רעגענט דורך זיי אַריין... אַ טרעפ אַרויף צו דער טהיר, וועל-כע איז געמאַכט אין דעם אָרט, ווו אַ שיעף-געביידע. די ערשטע העלפט פון דער טהיר איז אויפגעעפענט אין דער נאַכט אַריין, פון וואַנען עס טריפט אַ דין-רעגענדעל אַהער. אין הינטערגרונד — איניגע, גאַנץ קליינע, חדרים'לעך, אָבגעזונדערט איינס פון דעם צווייטען מיט דינע ווענטלעך, פערהאָנגען מיט דיקע שווארצע פאָרהאַנגען. איין פאָרהאַנג איז אויפגעדעקט, — אין דעם צימערעל שטעהט אַ בעט, אַ וואַש-טיש, אַ שפיגעל און מיידעל-געשיר, מיט אַ קאָליערט נאַכט-לעמפעל. דאָס מעבעל פון דעם קעלער-שטוב בעשטעהט פון איניגע קאַנאַפּעס, טיש, בענק, קאָרטען-טישלעך. די ווענט זענען בעהאָנגען מיט שפיגלען, בעפוצט מיט ביליגער גאַלאַנטעריי, פרויען-בילדער און רייצענדע פּאָ-זעס... אויף איינע פון די קאַנאַפּלעך ליגט שלמה אויסגעצויגען, די לאַנגע שטיוועל זיינע דערגרייכען ביז צו אַ צווייטען בענקעל. ער שלאָפט. פריהלינגס-נאַכט. די שטוב בעלייכטעט אַ גרויסער העגג-לאָמפּ.

## שלמה. נאכהער הינדעל.

### הינדעל

(קומט אריין, שטעהט אַ מינוט אויף די טרעפּ און קוקט אראָב אויף שלמה׳ן. זי איז אין אַ לייכטער טוך ארומגעהילט, קאקעט געקליידט אין אַ קורץ קלייד, אַ נישט פּאַסענדע לויט איהרע יאָהרען. געהט ארום אין שטוב, קלאַפּענדיג מיט די פּיס, כדי שלמה זאָל זיך אויפוועקען.)

### שלמה

(וועקט זיך, קוקט זיך ארום).

דו ביזט עס? וואָס נישט אין דרויסען?

### הינדעל.

עס האָט אָנגעהויבען צו רעגענען.

### שלמה

(אויפזעצענדיג אויף די קאַנאַפּע)

ענטפערסט מיר גאָר, פּריצ׳טע? האָסט זיך שוין מיט מיר איבער-געבעטען?

### הינדעל.

איך בין גאָר נישט ברוגז געוועזן

### שלמה.

אַזוי... אַז דו ווילסט, קענסט דו ווייטער אויך ברוגז זיין.

(לייגט זיך צוריק).

הינדעל

(קוקט זיך אום. לויפט צו צו א פאָרהאַנג און האָרכט זיך איין, לויפט צו צו שלמה׳ן).

שלמה, איך וועל פון דאַנען נישט אַוועקגעהן. זעה, יעצט זענען מיר אַליין, קיינער הערט אונז נישט, זאָג מיר, אַזוי ווי עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, זאָג מיר, מיינסט מיט אַנ׳אמת צו שטעלען אַ חופה?

שלמה.

געה, פּריצ׳טע, מאַך דיר קניפּלעך אין העמד, און בעקלאָג דיך דערנאָך פאַר׳ן „פּעטער", אַז איך נעהם ביי דיר דאָס גאַנצע געלד אַוועק. דו האָסט דיר נישט, פאַר וואָס אַ קאַפּעלוש צו קויפען...

הינדעל

יאָ, איך האָב געזאָגט. עס האָט מיך געקרענקט, אונטער׳ן האַרץ געשניטען. דאָס העמד פון לייב נעהמסט דו מיר אַראָב און דו קריכסט צו דער געלער צויג... דאָס פּרצוף וועל איך איהר מיט פּעטראָל בע- גיסען. מען שפּירט דאָך איהר פון מויל. ווי קען מען ביי אַזעלכעס שטעהן? אויסגעזוכט זיך אַ סחורה!

שלמה

טרעטסט אָב? גיב איך דיר אַ פּלעם צווישען די אויגען, זעהסט דו די עלטער-באָבע פאַר זיך!

הינדעל.

שלאָג, שנייד פּאַסען פון מיין לייב... (רייסט אראָב דעם ארבעל פון איין האַנד און ווייזט) בלאָהע פלעקען האָסט דו מיר געמאַכט. (רייסט דעם ארבעל פון דער צווייטער האַנד) נאַ דיר, שנייד, קנייפּ, נאָר זאָגען זאָלסט דו מיר, דאָ אויפ׳ן אָרט, אַזוי ווי דו געדענקסט דיין טאַטען אין קבר און אַזוי ווי דו זאָגסט קדיש נאָך איהם — ווילסט טאַקע אויף דעם רעכ- טען אמת מיט מיר חתונה האָבען?

שלמה

(ליגענדיג).

איך האָב אַמאָל געוואָלט. נאָר היינט וויל איך נישט.

הינדעל

דאַרף מען נישט. אָט אַזוי האָב איך ליעב. נאָר נאַרען זאָלסט דו נישט. ווילסט געלד — זאָג, אַ קאַפּאָטע — נאַ דיר. נאָר צו גענאַרען וואָס האָסט דו? (ערווייטערט זיך פון איהם).

שלמה.

נישקשה, תּנים זענען דאָ אויף דער וועלט, וועסט כּאַקען אַ העכט

הינדעל

(אויפרוקענדיג די פאָרהאַנג פון איהר צימערל).

וואָס האָסט דו דיר דעם קאָפּ אויסצודאַרען פאַר מיינעט וועגען?

שלמה.

ווילסט נישט, דאַרף מען נישט. (פויזע) נו, וועסט חאָטש נאָך וועלען אַ גלאָז טהיי דערלאַנגען?..

הינדעל

ברענגט איהם אַריין אַ גלאָז טהיי פון איהר שטיבעל, שטעלט אויפ'ן טיש, אליין געהט זי אָב צו זיך אין איהר צימערל, זעצט זיך אַנידער ביי איהר קאַסטען, זוכט דאָרט אין איהם. נאָך אַ קליינע פויזע, פון איהר חדר'ל).

אַזוי, איז זי דיר געפעלען, נו... נו... וועסט דו יעצט האָבען אַ געטועכטס, האַנטיכער צו קויפען — דיין ווייבעל'ס ברוסטען אָנצופיהלען, צייהן איהר לאַזען אַריינשטעלען און אויף שטאָלצען זי אַרויפ-

שטעלען, און וועסט דיר אַ קאַטאַרינקע קויפען און אין הויפען זי אַרומפיהרען, ווייזען ס׳גצווערק. אַ שענער קאַטאַרינאַרש, כ׳לעבען. איך וועל דיר אויך אַ צווייער פון פענסטער גראָבוואַרפען.

שלמה.

האַלט ס׳פיסק, זאָג איך דיר...

הינדעל.

און אַז נישט, וואָס וועסט דו מיר טהון?

שלמה

צונפאַטשען.

הינדעל.

אָ, אָ, היינט פאַטשט מען נישט, היינט גיט מען פאַר פעטש מיט מעסערס צוריק.

שלמה.

(שטעלט זיך אויף).

ווער דאָס אַזעלכעס? (געהט אַריין צו איהר אין צימערל) ווער דאָס אַזעלכעס? (זי בעהאלט עפעס פלינק אין קאסטען) וואָס האָסט דו דאָ אַזוינס, וואָס דו בעהאַלטסט עס אַזש אין דער זיידענער בלוזע?

הינדעל.

וואָס געהט עס דיר אָן?

שלמה.

ווייז, זאָג איך דיר! (רייסט זיך מיט איהר, רייסט פון איהר האנד אַ

רויטע בלוזע ארויס. ער קומט פון דעם צימער'ל ארויס) נו, זאָל מען אָקאָרשט זעהן. (ער צורייסט די בלוזע מיט אומפעט, עס פאלט ארויס פון איהר א פאָטאָגראפיע.) אַהאַ, משה'לע שלאָסער, ער זאָל דער גביר זיין? פון ווען אָן ביסטו דאָס מיט איהם „פאַן-בראַט" געוואָרען? (געהט אריין צו איהר אין צימערל).

הינדעל.

וואָס געהט עס דיך אָן?

שלמה.

אָט וואָס ס'געהט מיך אָן... (ער פאטשט זי אויס, זי פאלט אויפ'ן בעט און וויינט) אַזוי, מיט משה'לע שלאָסער חבר'סט דו זיך גאָר, פאָטאָגראַפיעס געגעבען, חתן-כלה-פאָר, און איך האָב גאָרנישט געוואוסט? (פויזע. אָבגעהענדיג צוריק צו זיין טיש) און איך האָב עס גאָר נישט געוואוסט... (טרינקט ווייטער דעם טהיי, שטעלט זיך אויף, געהט אויף די טרעפּלעך צו דער טהיר) און איך האָב עס גאָר נישט געוואוסט... (ער שטעלט זיך אָב ביי דער טהיר) הינדעל! (זי ענטפערט נישט) הינדעל, אַהער קום! (זי ענטפערט נישט) הינדעל! (טופעט מיט די פיס. בייז אראָבלויפענדיג פון די טרעפּלעך) אַהער, זאָג איך דיר, דו הערסט?...

הינדעל.

(הויבט זיך אויף פון איהר בעט, געהט אהין צו איהם, פערשטעלט זיך דאס פנים מיט א טיכעל.)

וואָס ווילסטו?

שלמה.

האָסט מיט מאַנקען גערעדט?

הינדעל.

(וויינענדיג).

יאָ.

שלמה.

נו, וואָס זאָגט זי?

הינדעל

(נאָך מיט געוויין).

אַז מיר וועלען האָבען אונזער „הייזעל“, וועט זי צו אונז אַרי-בערקומען.

שלמה.

געוויס?

הינדעל

(ווישט זיך אוים די אויגען).

יאָ, אַליין וויל זי אָבער נישט געהן, אַ חבר'טע וויל זי מיט-ברענגען.

שלמה.

געוויס, פון איין נקבה וועסטו פרנסה האָבען, דירה-געלד צאָהלען?

הינדעל

מען וואָלט געדאַרפט איינע אַ פרישע...

שלמה.

ח'לעבען, דאָס וואָלט שוין פרנסה געגעבען, וואו נעהמט מען זי אָבער?

הינדעל.

איך האָב אַנ'אויג אויף אַ נקבה—אַ פּאַרשוין ווי אַ בוים, אַ מיידעל נאָך...

שלמה

(נייגיריג).

עס קען זיין פון איהר פרנסה?

הינדעל.

אָבער נאָך ווי...

שלמה.

אַ מיידעל... אַ נקבה פון אַ הייזעל?

הינדעל

ניין, אַ בעל-הבת׳ישע טאָכטער.

שלמה.

פון וואַנען קענסט דו זי?

הינדעל.

זי קומט צו מאַנקען יעדע נאַכט, גנב׳עט זיך אַרויס פון פאָטערס שטוב... קיינער זעהט נישט... עס ציהט זי אַהער... זי איז אַזוי ייבּיריג..

רבקה׳לע

(שטעקט אריין איהר נאָסען קאָפּ דורכ׳ן פענסטער, ווינקט צו הינדלען).

פּס-ס-ס, דער טאַטע איז דאָ?

הינדעל

(ווינקט צו איהר).

ווייז

(רבקה׳לע געהט אָב פון פענכטער).

שלמה

(מאַכט מיט די אויגען צו הינדלען).

זי, דעם „פעטערס״ טאָכטער? אַ פרנסה — אַ גאָלד

הינדעל.

שאַ, שטיל, זי קומט.

רבקה׳לע

(שלאַנק און שען, בעל־הבתיש געקליידט, אין אַ שוואַרץ טיכעל ארומגעהילט, שלייכט זיך אריין אין דער שטיל, לויפט אראָב מיט הארץ־קלאפעניש פון די טרעפ, רעדט מעהר מיט די הענד, ווי מיט׳ן מויל).

מאַניקע וואו איז? דאָרט? (וועיזט אויף א פערהאָנגען צימערל) דאַרט... מיט?...

הינדעל

(ווינקט איהר מיט די אויגען אויף יאָ).

רבקה׳לע

(שטעלט זיך ארונטער די פאָר אנג, הערט זיך ליידענשאַפטליך איין. מיט הארץ־קלאַפּענעש קוקט זי זיך אלע מאָל ארום)

שלמה

(אין דער שטיל, צו הינדלען).

מען דאַרף מאָרגען געהן די וואוינונג זעהן, אויף פיוונע גאַס.

הינדעל.

ווען וועט מען די חופה שטעלען?

שלמה.

מען מוז דאָך צו ערשט אַ וואוינונג האָבען.

הינדעל.

ווער ווייסט, וויפעל דער רב וועט זיך הייסען געבען פאַר מכדר קדושין זיין!

שלמה.

עס זאָל נאָר נאָך איבערבלייבען אויף מעבעל אַיינצוקויפען, עס דאַרף דאָך אויסזעהען לייטליך.

(די טהיר פראַלט זיך מיט רעש אויף, עס קומט אַריין דער פעטער).

דער „פעטער".

דאָס געזיכט האָט נאָך אין זיך גענוג לאָבוסעוואַטע שפורען, וועלכע פערצעהלען פון זיין יוגענד. געקליירט שוין ערנסט. קלאַפּט אָב דעם הוט פון רעגען).

נאַ דיר אַ פרנסה, אַ רעגען גאָר (דערזעהט פלוצלונג רבקה'לען, מיט כעס). וואָס, דאָ? ! (חאַפּט זי אָן פאַר'ן קאָלנער און טרייסעלט זי, קריצענדיג מיט די ציינער) וואָס טהוסט דו דאָ?

רבקה'לע.

די מאַמ... די מאַמע האָט מיך געהייסען... רופען... (וויינט) טאַ־טע, שלאָג מיך נישט!

דער „פעטער".

די מאַמע, די מאַמע האָט דיך געהייסען... דאָ... (שרייט) די מאַמע! (פיהרט זי פאַר'ן קאָלנער אויף די טרעפּ ארויף) צו אַלדעס שלעכטס וועט זי דיך נאָך ברענגען! עס ציהט זי... זי וויל האָבען, אַז די טאָכ־טער זאָל זיין ווי די מאַמע איז געווען..

רבקה׳לע

(וויינט).

טאַטע, שלאָג מיך נישט...

דער „פעטער״.

איך וועל דיך לערנען, ווי דו זאָלסט אַ טאַטען פאָלגען. (פיהרט זי ארויס, פון דרויסען הערט מען רבקה׳לעס געוויין).

שלמה.

יענקעלע בענקאַרט, עס פּאַסט איהם גאָר נישט אָן, אַז די טאָכטער זיינע זאָל זיין אַ נקבה... (פון באַלקאָן דעריהערט זיך אַ געדודער, א טאָפּען מיט די פיס, אַ וויינענדיג קול פון אַ פרוי) מוז ער דאָס איבער דעם ווייב דאָס לעדער צוהאַקען: אָוואַ... אָוואַ...

הינדעל.

גאַנץ גוט אַזוי, אַ מאַמע דאַרף היטען אַ טאָכטער... וואָס דו ביסט געווען, — ביסט דו געווען, האָסט דו חתונה געהאַט, האָסט דו אַ קינד, היט עס... וועסט זעהן, אַז גאָט וועט העלפען און מיר וועלען האָבען אונזערע קינדער, וועל איך זיי שוין וויסען ווי אויפצוציהען. ביי מיר וועט אַ טאָכטער זיין אַזוי ריין ווי אַ צדקית, רויטע באַקען ווי די באָרקעס... קיין אויג נישט לאָזען אויף איהר פאַלען, חתונה האָבען — יאָ, נעהמען אַ לייטישעז מענש — חופּה-וקדושין...

שלמה.

(קלאַפּט איהר אויף די פּלייצעס).

אַז מיר וועלען לעבען, וועלען מיר זעהן. נאָר מיט רבקה׳לען רעד, מיט רבקה׳לען אַרבייט, ברודער, אַז נישט איז אַלץ פערפאַלען.

הינדעל

האָב נישט קיין מורא, איך וועל מיר שוין אַנ׳עצה געבען.

ש ל מ ה.

וועלען מיר זעהען. (פויזע. שטיל.) אַז דו ווּעסט זי פּאַקען, פערפיהר גלייך אַריבער צו מיר פּאָרט, ווייסט שוין...

דער „פּ ע ט ע ר"

(קומט אריין בייז).

עס איז שוין צייט נאַכט צו מאַכען, עס רעגענט, עס וועט שוין סיי-ווי-סיי קיין הונד נישט אַריינשמעקען. (קוקט אויף שלמה'ן) גע-נוג, גענוג זיך שוין אויסגעפּרעהט חתן-כּלה. נאַכט מאַכען. (געהט ארויף אויף די טרעפּלעך און רופט) רייזעל, שלאָפען! באַשאַ, שלאָפען!

(פון דרויסען הערען זיך מיידעלשע שטימען: כאַלד, באַלד.)

ה י נ ד ע ל.

(ווינקט צו שלמה'ן אויפ'ן „פּעטער", מאַכענדיג מיט דער האַנד, אז ער זאָל אהיים געהן.)

ש ל מ ה.

(געהט אַרויף אויף די טרעפּלעך. ביים אַרויסגעהן טרעפט ער זיך אָן מיט'ן „פּעטער". קוקען זיך אָן).

דער „פּ ע ט ע ר".

רוק, רוק, שוין צייט נאַכט צו מאַכען, גענוג זיך שוין אויס-געסוד'עט.

ש ל מ ה

(שטעקט די הענד אין די הויזען-קעשענעס. קוקט איהם אָן).

פון ווען אָן ביסטו מיר אַזאַ אָרנטליכער מענש געוואָרען?

דער „פעטער".

וואַנדער, וואַנדער, איך וועל דיר שוין שפעטער דערציילן.

שלמה.

אַ רוח אין דיין טאַטען אַריין...

הינדעל

(לויפט אַרויף אויף די טרעפלעך. צו שלמה'ן).

שלמה, אַהיים גער, דו הערסט, אַהיים זאָג איך דיר!

שלמה

(געהט אַרויס, קוקענדיג אויפ'ן „פעטער").

מיינע יאָלדען!...

דער „פעטער".

איך דאַרף איהם דאָ... (ווייזט אויף הינדלען) קענסט דיר די אַלטע פאַדלע מיטנעהמען און פערלייגען זיך מיט איהר אַ „קרעמעל".

הינדעל.

מיט קיין אַלטע פאַדלעס פערלייגט מען זיך נישט קיין „קרעמעל", אין אַלטע פאַדלעס לייגט מען זיך אַריין אויסרוהען... מיט יונגע לאַלקעלעך...

דער „פעטער"

(רופט אין קאָרידאָר).

רייזעל! באַשאַ!

(צוויי מיידלעך קומען צולויפען. פון די לייבטע, נאַסע, דורכזעהענדע קליידער

גיכט זיך וואַסער, פון די צופּלאָכטענע האָר רינען טראָפּענס וואַסער. ווי זעגען אויפגערוימט, ריידען לאַכענדיג. דער „פּעטער" האַקט צו די טהיר, געהט אַרויס.)

## באַשאַ.

(אַ פּראָווינציאַל מיידעל, אַ דיקע מיט רויטע באַקען, נאַאיוו, רעדט מיט אַ האַרטען אַקצענט.)

ווי דער רעגען שמעקט... (טרויסעלט אָב פון זיך דעם רעגען) פּונקט אַזוי ווי די עפּעל ביי אונז, וואָס טריקענען זיך אויפ'ן בוידעם... עס איז דאָך דער ערשטער מאַיאָווער רעגען...

## הינדעל.

אַ משוגעת צו שטעלען זיך אויפ'ן רעגען, די גאַנצע וועלט ווי-לען זיי איינגעהמען... עס וועט סיי-ווי-סיי קיין יאָלד נישט בעווייזען זיך אין אַזאַ גוס... (געהט אָב צו איהר אין חדר'ל, וואו די פּאַרהאַנג איז אויפגערוקט, זעצט זיך ביי איהר קאָרב, פּאַקט פּאַנאַנדער די צעוואָרפענע זאַכען.)

## רייזעל

(אָבטרייסלענדיג פון זיך דעם רעגען).

אויף אַלדע שוואַרץ יאָהר דאַרף איך זיי. מיין ביכעל האָב איך נאָך איירנעכטען בעצאָהלט... מיר האָבען זיך הינטער דער רינע גע-שטעלט, דער רעגען שמעקט ווי... דעם גאַנצען ווינטער וואַשט ער פון קאָפּ אָב. (געהט צו צו הינדלען) זעה... (ווייזט איהר די נאַסע האָר) ווי פריש ער איז... ווי ער שמעקט...

## באַשאַ

ביי אונז דאָרט, אין דער היים, אויפ'ן דאָרף מוז שוין אודאי דער ערשטער שטשאַוו זיין. ח'לעבען, אַז דער ערשטער מאַיאָווער רעגען גיסט, קאָכט מען שוין ביי אונז שטשאָוו-באָרשט... און די צי-געו מוזען שוין זיך אויף די לאָנקעס פּאַשען... און די טראַטוועס מו-

זען שוין אודאי איבער׳ן וואַסער שווימען... און פראַנעק נעהמט די שיקסעס צוזאַמען און טאַנצט אין דער קרעטשמע... און די ווייבער מוזען שוין אודאי קעז-קיכלעך אויף שבועות באַקען... (פויזע) ווייסט איהר וואָס? איך וועל מיר קויפען אַ נייע זומער-פּאָלערינע און פאָהר מיר אויף שבועות צו גאַסט אַהיים... (לויפט אריין אין איהר צימער׳ל, ברענגט זיך פון דאָרט אַ גרויסען זומער-קאַפּעלוש אויס מיט אַ לאַנגען פליה-שלייער, זעצט איהם זיך אויפ׳ן נאַסען קאָפּ אַרויף, און שטעלט זיך אין שפּיגעל אריין.) זעהט׳ס, אַז איך ווייז מיך אַזוי שבועות אין דעם קאַפּעלוש, אַזוי צו די קאָליע אַראָבשפּאַציערען... אַך, די גאַל וואָלט זיי גע-פּלאַצט פאַר קנאה, וואָס, ניין? איך וואָלט נאָר נישט פאַר׳ן טאַטען מורא געהאַט...

## רייזעל.

וואָס, ער וואָלט דיך געשלאָגען?

## באשא.

געטויט וואָלט ער מיך אויפ׳ן אָרט. ער זוכט מיך אַרום מיט אַן׳אייזערנעם באָטעק. ער האָט מיך אַמאָל מיט פראַנעק׳ן געטראָפען אין דער קרעטשמע טאַנצען, האָט ער מיר מיט אַ דראָנג געגעבען אַזאַ קלאַפּ איבער׳ן האַנד, אָט, (ווייזט די האנד) איך האָב נאָך אַ צייכען ביז צום היינטיגען טאָג. (פויזע) איך בין אַ בעל-הבתיש קינד, מיין טאַטע איז אַ קצב. וואָס מען האָט מיר שוין שדוכים אויסגע-רעדט... (דערצעהלט מיט א נידריגען טאָן) איין שדוך האָט מען מיר גע-רעדט מיט נאָטקע פליישׂ-האַקער. איך האָב נאָך פון איהם דאָס גאָל-דענע פינגערל. (ווייזט אַ פינגערל אויף דער האנד) ער האָט מיר חל-המועד סוכּות געגעבען. אוי, האָט ער מיט מיר געוואָלט אַ חתן ווערען, נאָר איך האָב נישט געוואָלט.

## רייזעל.

פאַרוואָס האָסטו נישט געוואָלט?

באַשאַ.

ווייל איך האָב נישט געוואָלט... עס שטינקט פון איהם דאָס אָקסען-פלייש... בררר... פראָשיק רופט מען איהם. געה האָב חתונה׳ כאַר פראָשיק׳ן און האָב יעדעס יאָהר אַ קליין פראָשיקל... בררר...

רייזעל.

און וואָס האָסטו דאָ...

באַשאַ.

דאָ בין איך דאָך מיר אַ פרייער מענש, איך האָב מ׳ר מיין קאָרב שענע וועש, אָנשטענדיג געקליידט, ה׳לעבען, אַ ביסעל שענערע קליידער ווי אונזערע נגידה׳סטע. (ברענגט אַריין פון איהר צימערל אַ קאָרינ־קאָווע העל קלייד) אַז איך געה אין דעם אַרויס אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס ווערט אַ געקוק... פייער און פלאַם! אַך, ווען איך וואָלט מיך אַזוי אין דעם קלייד ביי אונז אין שטעדטעל געקענט ווייזען, (וואַרפט אַרויף אויף זיך דאָס קלייד) וואָלט איך מיר אַזוי שפּאַציערט צום באַהן אַראָב. (געהט איבער׳ן צימער גאַלאַנט, דערהויבענדיג פון הינטער זיך דאָס קלייד, מאַכענדיג דערביי אַ גרויס־שטעדטישע מינע). די גאַל וואָלט דאָך זיי געפּלאַצט... די פּאָפּלעקציע וואָלטען זי געקריגען אויפ׳ן אָרט. (שפּאַצירט איבער די שטוב אין איהר סטרוי, פּעציהענדיג דאָס געזיכט גרויסאַרטיג.)

רייזעל

(פערריכט איהר די פאַלדען פון קלייד פון הינטען אוים. וועצט איהר בעסער דעם הוט אויפ׳ן קאָפּ).

אָט אַזוי, דעם קאָפּ נאָך אַ ביסעל אין דער הויך... ווער דאַרף דען צו וויסען, אַז דו ביזט אין אַזאַ הויז געוועזען? דו וועסט זאָגען, אַז דו ביזט אין אַ געשעפט. אַ גראַף האָט זיך אין דיר פערליעבט...

הינדעל

(פון איהר קאַסטען אַהער).

און וואָס איז דען דער מעהר אַזאַ הויז? מיר זענען נישט,

אפשר, אַזוי ווי די מיידלעך אין די געשעפטען? היינט איז די גאַנצע וועלט אַזוי, די היינטיגע וועלט פערלאַנגט עס. היינט זענען אפילו די בעל-הבת'ישע טעכטער נישט בעסער. דאָס איז אונזער פרנסה, אָבער אַז אַזאַ איינע, ווי מיר, האָט חתונה, איז זי געטרייער דעם מאַן פון זיי. מיר ווייסען, וואָס אַמאַן איז דער טייטש..

באַשע

(שפּאַצירענדיג איבער דער שטוב אין דער פּאָריגער פּאָזע).

אָ, יאָ, שען וואָלטען זיי שוין נישט דערקענט? דאָס האַרץ זאָגט שוין... און די מאַמע איז דעריבער געשטאָרבען... נישט געקענט איבערטראָגען... איך בין ס'מאָל אויף איהר קבר נישט געוועזן... (שטעלט זיך אָב פּלוצלונג אין מיט'ן שטוב) טייל מאָל קומט זי צו מיר... ביי נאַכט אין הלום, איך זעה זי, קומט זי צו מיר אין איהרע תכריכים מיט דערנער, מיט שטעכערס בעלייגט, איבער מיינע זינד, און רייסט מיר די קודלעס פון קאָפּ...

רייזעל.

אוי וויי, מאַמע-קרוין! האָסט זי געזעהן? ווי זעהט זי אויס? אַ געשטאָרבענע מאַמע? בלייך איז זי?...

הינדעל.

שווייגט! געגומען זיך ביי נאַכט פערצעהלען פון טויטע, דאָ קענען קיין טויטע נישט אַריינקומען: אונזער בעל-הבית האָט דאָך אויבען ביי זיך אַ ספר-תורה שטעהן... (אָבגעהאקט. פּויזע) איז אונזער בעל-הבית'טע פופצהען יאָהר אין אַזאַ הויז אָבגעוועזן, חתונה געהאַט, איז זי אפשר נישט קיין אָרנ'ליך ווייבעל?... היט זי אפשר נישט אָב די דינים, וואָס אַ יודישע טאָכטער דאַרף אָבהיטען?... איז אפשר רבקה'לע איהר טאָכטער, נישט קיין כשר, ריין קינד? און אונזער בעל-הבית איז אפשר נישט קיין אָרנ'ליכער מענש? פיהרט זיך נישט פיין אויף? די שענסטע נדבה... אַ ספר-תורה געלאַזט שרייבען...

רייזעל.

מען זאָגט אָבער, אַז אין אַזאַ ספר-תּורה טאָר מען נישט לייענען, אין די טעכטער פון אַ זעלכע מאַמעס ווערען דערנאָך אַליין ווי די מוטערס... עס ציהט זיי, דער יצר-הרע שלעפּט זיי אין דער בלאָטע...

הינדעל

(דערשראָקען).

ווער האָט דאָס געזאָגט?

רייזעל.

אַנ׳אַלטע באָבע, אַ כשוף-מאַכערין האָט עס מיר געזאָגט... אַזוי ווי כשוף איז דאָס...

הינדעל.

עס איז אַ גרויסער ליגען... וואו איז זי, די ציגיינערין, וואָלט איך איהר די אויגען אויסגעדראַפּעט... עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט... מיר האָבען אַ גרויסען גאָט אויף דער וועלט...

מאַנקע

(שלייכט זיך אונטער די פּאָרהאַנג פון איהר צימערל אין האַלבע נאַכט-קליידער. אַרויפגעוואָרפען אויף זיך אַ לייכטע טוך. מען זעהט ביי איהר אַרויס די הויכע קאָלירטע שטרימפּף, די האָר צופלאָכטעט. זי איז זעהר אַ שמיידיגע און מיט אַ לאַנג פרעך-שען געזיכט. זי איז נאָך גענוג יונג, אַ לאָק פון איהר קאָפּ איז פערוואָרפען איבער איהר שטערן. אַז זי רעדט, ווינקט זי מיט די אויגען, דענסמאָל גיט אַ ציטער איהר גאַנצער קערפּער, און מען האָט דאָס געפיהל, ווי איהרע ביינער וואָלטען זיך צוזאַמען-געבראָכען. קוקט זיך אום פערוואונדערט).

וואָס, קיינער איז נישט דאָ?

ר י י ז ע ל

(דערזעהט מאנקען, אויפגערויטט).

מאַנקע, דו ביזט עס? גוט, וואָס דו ביזט אַריינגעקומען. (ווייזט אויף הינדלען) זי האָט מיך שוין באַלד פאַר אַ גאַנצע רבי׳צין געמאַכט. וואו האָסט דו דיין יאָלד געלאָזט?

מ אַ נ ק ע.

ער איז איינגעשלאָפען, האָב איך מיך פון איהם אַרויסגע׳גנב׳עט.

ר י י ז ע ל.

אַ רעכטער פריץ עפּעס? ער וועט אפשר שטעלען ביער?

מ אַ נ ק ע.

אַ משוגע׳נער ליטוואַק עפּעס דאָרט. דאָס דריטע מאָל קומט ער צו מיר. נאָר ער פרעגט זיך אויס — ווער דער טאַטע? ווער די מאַמע? ווי ער וואָלט זיך געוואָלט משדך זיין... קושט ער, בעהאַלט ער דאָס פנים אין די ברוסט, מאַכט די אויגען צו, און שמייכעלט, ווי די מאַמע וואָלט איהם געהאַט. (קוקט זיך אום, אין דער שטיל צו הינדלען) רבקה׳לע איז נאָך נישט געווען?

ה י נ ד ע ל

(מיט אַ חנפ׳דיג געלעכטערל).

געווען... זי האָט דעם פאָטער געטראָפען... האָט ער דאָ אַ גוואַלד געמאַכט...

מ אַ נ ק ע.

וועה איז מיר... שוין לאַנג?

הינדעל.

לאַנג שוין ... ער איז שוין אודאי אײַנגעשלאָפֿען. (אין דער שטיל) זי װעט אודאי באַלד אַרײַנקומען.

רייזעל

(אויפגערויטט צו מאַנקען).

קום, מאַנקע, מיר װעלען זיך אויף דער גאַס שטעלען, עס רעגענט אין דרויסען. טראָפּענס װי די פּערל... דער ערשטער מאַיאָװער רעגען. װער געהט אַרויס מיט מיר אונטער דעם רעגען זיך שטעלען?

מאַנקע

(געהט צו צום פענסטערל).

עס רעגענט אין דרויסען. אַך, װאָס פאַר אַ לײַכטער רעגען. און װי ער שמעקט... קומט׳ס...

באַשאַ.

ביי אונז אין דערהיים, אַז עס גיעסט אַזאַ רעגען, װערען די רינשטאָקעס ברייט און פערפלייצען די קליינע געסלעך, און מען טהוט זיך אויס באָרפיס און מען טאַנצט אין דעם רעגען אַרום... װער טהוט זיך די שיך אויס? (טהוט זיך די שיך מיט די זאָקען אויס, צו מאַנקען) טהו דיר די שיך אויס, מאַנקע, מיר װעלען אין רעגען אַרומטאַנצען..

מאַנקע

(טהוט זיך אויס די זאָקען, צולאָזט די האָר).

אַזוי װעט אונז דער רעגען בעגיסען פון קאָפּ ביז די פיס... מען װאַקסט העכער, אַז מען שטעהט אונטער אַ מאַיאָװען רעגען, װאָס, ניין?

באַשאַ

(לויפט צו).

קומט, מיר וועלען זיך בעגיסען איינע די צווייטע מיט וואַסער... מיט גאַנצע הענד וואַסער בעשפּריצען (זי צולאָזט זיך די האָר) אויסצוואָגען זיך ווי די בוימער... קומט.

הינדעל.

וואַרט, וואַרט, דער „פּעטער" שלאָפט נאָך נישט, ער וועט נאָך הערען.

(אַלע האָרכען זיך איין צום באַלקען).

רייזעל.

קומט'ס, איהר הערט, ווי ער שנאָרכט?..

מאַנקע.

וואַרט, מיר וועלען אין דער שטיל אָנקלאַפּען צו רבקה'לען.

(באַשאַ און רייזעל אָב. מאַנקע נעהמט אַ שטעקען און קלאַפּט זעהר לייכט אין אַ ווינקעל פון באַלקען. פון דרויסען הערט זיך, ווי די מיידלעך שפּרינגען אַרום אין וואַסער, זיי נעהמען הענד פול מיט וואַסער און גיסען דורך די אָפענע טהיר אין שטיבעל אַריין, רופענדיג: קומט אַרויס! קומט אַרויס!)

רבקה'לע

(שטעקט אַריין איהר שוואַרצען קאָפּ האַר דורך דעם קליינעם פענסטער. זי איז אין די נאַכט-קליידער, אין אַ לייכטען שאַל אַרומגעהילט. רופט שטיל:)

מאַנקע, מאַנקע, דו האָסט מיך גערופען?

מאַנקע

(נעהמט אַ שטוהל, שטעלט צו צום פענסטער, קריכט אַרויף, דערגרייכט רבקה'לעס הענד.)

יאָ, רבקה׳לע, איך האָב דיך געראָפען... קום, מיר וועלען זיך הינטער דעם מאַי-רעגען אַרונטערשטעלען, מיר וועלען זיך מיט וואַסער בעגיסען, און וועלען העכער וואַקסען...

רבקה׳לע.

(פון איבער דעם פענסטערל).

שווייג, שטילער רעד, איך האָב מיך פון דעם בעט אַרויס-געגנב׳עט... אַז דער טאַטע זאָל נישט הערען... איך האָב מורא, ער זאָל מיך נישט שלאָגען...

מאַנקע.

האָב נישט מורא פאַר׳ן טאַטען, ער וועט זיך נישט אַזוי פלינק אויפהאַפּען... קום, מיר וועלען זיך ליעבער אויפ׳ן רעגען שטעלען. איך וועל דיר די האָר צולאָזען. (צולאָזט מיט איהרע פינגער רבקה׳לעס שוואַרצע פלעכט. פון איבער דעם פענסטער) אָט אַזוי וועל איך זיי דיר אין רעגען וואַשען.

רבקה׳לע.

איך בין אין בלויזען נאַכט-העמד... אַ גאַנצע נאַכט בין איך אין בעט געלעגען און האָב געוואַרט ביז דער טאַטע וועט איינגעשלאָפען ווערען, אַז איך זאָל מיך צו דיר קענען אַרויסגנב׳ענען, איך האָב דיין קלאַפּען דערהערט און איך האָב מיך פון בעט אַרויסגעשלייערט... אַזוי לייכט זיך אַרויסגע׳גנב׳עט, באָרפיסערהייט, אַז דער טאַטע זאָל נישט דערהערען.

מאַנקע

(נעהמט זי ארום לוידענשאַפטליך).

קום, רבקה׳לע, איך וועל דיינע אויגען אין רעגען-וואַסער וואַשען, די נאַכט איז אַזוי ליעב, דער רעגען איז אַזוי וואַרים און אַלץ שמעקט אַזוי אין דער לופט... קום...

## רבקה׳לע.

שווייג... שווייג... זיך האָב מורא פאַר׳ן טאַטען... ער האָט מיך געשלאָגען... ער האָט די שטוב צוגעשלאָסען... און האָט דעם שליסעל ביים ספר־תורה בעהאַלטען... איך בין געלעגען אַ גאַנצע נאַכט... איך האָב געהערט, ווי דו האָסט מיך גערופען... אַזוי שטיל האָסט דו מיך גערופען... עס האָט מיך געצויגען צו דיר... און איך האָב דעם שליסעל פון אָרון־קודש אַרויסגעגנב׳עט... מיין האַרץ האָט אַזוי געקלאַפּט... אַזוי געקלאַפּט...

## מאַנקע.

וואַרט, רבקה׳לע... וואַרט... אָט געה איך צו דיר... (שפּרינגט אַראָב פון שטוהל, פערלאָזט דעם קעלער) איך קום צו דיר... איך קום צו דיר. (מאַנקע אָב. רבקה׳לע ווערט פערשוואונדען פון פענסטער.)

## הינדעל

(וועלכע האָט דעם שמועס צווישען מאַנקען און רבקה׳לען זעהר נייגיריג ביי דער פאָרהאַנג פון איהר צימער׳ל אויסגעהאָרכט, דרעהט זיך איצט מיט רעש אַרויס און אַראָב איבער דער שטוב צופלאַטט, נאָכדענקענד, רעדענדיג צו זיך אליין זעהר לאנגזאם.)

ווען גאָט מאַכט אַזוי, און איך פּאַק זיי ביידע אויף אַמאָל, רבקה׳לען מיט מאַנקע׳ן, נאָך היינט אויף דער נאַכט... איך ברענג זיי ביידע אַהין צו שלמה׳נען... נאַ, נאַ דיר ברויט מיט פּוטער... דינג אַ דירה, שטעל אַ חופּה, ווער אַ מענש מיט לייטען גלייך... (שטעלט זיך אָב אין מיטען שטוב נאָכדענקענדיג, צושפּרייט די הענד צום באַלקען) טאַטע אין הימעל, ביסט דאָך אַ טאַטע פאַר יתומים... מאַמע אין קבר, מיה דיך פאַר מיר... לאָז מיך קומען צו אַ ברעג! צו אַ תכלית!... (פּויזע) וואָס, ווען גאָט גיט, אַ ספר־תורה אין שוהל לאָז איך איהם שרייבען... יעדען שבת דריי פונט ליכט אין בית־המדרש אַריין. (אַ לאַנגע פּויזע. פערזונקען אין דער פאַנטאַזיע פון איהר גליק.) ער איז דאָך אַ גוטער גאָט... אַ גוטער גאָט... טאַטע אין הימעל... מאַמע, מאַמע

שוויג נישט... שווייג נישט... מיה דיך... וועלטען לייג איין... (זי געהט אָב צו זיך אין צימערל, הייבט אָן מיט ענערגיע צוזאַמענצונעהמען די זאַכען פון איהר צימערל און פאַקט זיי זיך אין איהר קאָרב איין.) לאָז מיך נאָר קודם-כל גרייט זיין...

(אַ לאַנגע פויזע. קיינער ווייזט זיך נישט אויף דער סצענע. מאַנקע פיהרט צו-געטוליעט צו זיך רבקה'לען... זיי זענען ביידע אין איין נאַס טוך אַרומגעהילט... די האָר צופלאָשעט, אָבגעצוואָגענע... און פון די נאַסע קליידער רינען טראָפּענס וואַסער אויף דער פּאָדלאָגע... זיי זענען ביידע באָרפיס... הינדעל שטעלט זיך הינטער'ן פאָרהאַנג פון איהר צימערל אין האָרכט זיך איין.)

## מאַנקע

(רעדט מיט אַ באַהאַלטענע ליידענשאַפט און ליעבע. שטיל, אָבער זעהר טיעף און קלינגענד.)

עס איז דיר קאַלט, רבקה'לע? טוליע דיך צו צו מיר... גוט טוליע דיך איין אין מיר... וואַרים דיך אין מיר, אַזוי גוט אין מיר... קום, מיר וועלען זיך דאָ ביידע אַנידערזעצען אויף די קאַנאַפּע. (פיהרט זי צו צו אַ קאַנאַפּע, זעצט זיך מיט איהר) אַזוי, אַזוי... טוליע איין דיין פּנים אין מיין ברוסט... אַזוי... אַזוי... און גלעט מיך מיט דיין לייב... אַזוי קיהל, ווי וואַסער וואָלט גערונען צווישען אונז... (פויזע) איך האָב דיר די ברוסטען ענטפּלעקט און האָב זיי דיר געוואַשען אין רעגען-וואַסער, וואָס איז אויף מיין האָר גערונען... אַזוי ווייס אין קערנדיג זענען דיינע ברוסטען... און דאָס בלוט אין זיי קיהלט זיך אַזוי אונטער'ן האַנד, ווי ווייסער שניי... ווי געגליווערט וואַסער... און ווי דאָס גראָז אויף די לאָנקעס אַזוי שמעקען זיי... און די האָר האָב איך דיר צולאָזט... אָט אַזוי... (צוקעמט זיי צווישען איהרע פינגער) איך האָב זיי אַזוי צווישען רעגען געהאַלטען און געוואַשען זיי, אָט ווי זיי שמעקען... ווי דער רעגען, (זי באָרגט איין דאָס פּנים אין רבקה'לעס האָר) דער מאַיאָווער רעגען שמעקט פון זיי אַרויס... אַזוי לייכט, אַזוי ווייך... און אַזוי פריש... ווי דאָס גראָז אויף דער לאָנקע... ווי די עפּעל אויף דעם בוים... אָט אַזוי קיהל מיך מיט דיינע האָר, (זי וואַשט זיך דאָס פּנים אין איהרע האָר) קיהל מיך אַזוי...

אָבער וואַרט... איך וועל דיך ווי אַ כלה-מיידעל אויפקעמען... אַ שרימף מיט צוויי שוואַרצע לאַנגע צעפּ. (צוקעמט איהר די האָר) ווילסט, רבקה׳לע? יאָ, דו ווילסט?

רבקה׳לע

(שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ).

יאָ, יאַ.

מאַנקע.

דו וועסט זיין די כלה... אַ שענע כלה... פרייטאָג צו נאַכטס, דו זיצסט מיט דיין טאַטעשי מיט די מאַמעשי ביים טיש... איך — דער חתן... דיין חתן... קומט צופאָהרען צו דיר צו גאַסט... ווילסט, רבקה׳לע? ווילסט, יאָ?

רבקה׳לע

(שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ).

יאָ, איך וויל.

מאַנקע.

וואַרט, וואַרט... טאַטע-מאַמע האָבען זיך שלאָפען געלעגט... חתן-כלה האָבען זיך דאָ געטראָפען ביי טיש, מיר שעמען זיך... ווילסט, ניין?

רבקה׳לע

(שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ).

יאָ, מאַנקע.

מאַנקע.

דערנאָך געהען מיר צו איינער צום צווייטען: דו ביסט דאָך

מיין כלה, איך דיין חתן... מען נעהמט זיך אַרום, (נעהמט זי ארום) זעהר פעסט אַרום, און מיר קושען זיך זעהר שטיל, אָט אַזוי (קושען זיך) קושען מיר זיך... מיר ווערען אַזוי רויט, מיר שעמען זיך אַזוי... עס איז גוט, רבקה׳לע, גוט?

רבקה׳לע.

יאָ, מאַנקע... יאָ...

מאַנקע

(דערנידערט איהר קול, שעפטשעט איהר ווי אין אויער).

און מיר לעגען זיך דערנאָך שלאָפען אין איין בעט. קיינער זעהט נישט, קיינער ווייסט נישט, נאָר איך מיט דיר, אָט אַזוי. (דריקט זי פעסט צו זיך) ווילסט שלאָפען מיט מיר דורך די נאַכט, אַזוי, אין איין בעט, ווילסט?

רבקה׳לע

(קלערט זיך ארום אין איהר).

איך וויל... איך וויל...

מאַנקע

(ציהט זי צו זיך).

קום... קום...

רבקה׳לע

(אין דער שטיל).

איך האָב מורא פאַר׳ן טאַטען... ער וועט זיך אויפוועקען...

מאַנקע.

וואַרט, רבקה׳לע, וואַרט... (קלערט א ווײלע) ווילסט מיט מיר

אַוועק פון דאַנען? מיר וועלען זיין אינאיינעם, גאַנצע טעג, גאַנצע נעכט... דער טאַטע וועט נישט זיין, די מאַמע וועט נישט זיין... קיינער וועט נישט שרייען... שלאָגען... מיר וועלען זיין אַליין... גאַנצע טעג... עס וועט אַזוי פרעהליך זיין, ווילסט, רבקה׳לע, ווילסט?

רבקה׳לע

(פערטאַכט די זויגען).

דער טאַטע וועט נישט וויסען?

מאַנקע.

ניין, מיר וועלען אַנטלויפען שוין יעצט ביי נאַכט מיט הינדלען אין איהר שטוב אַריין... זי האָט אַ שטוב ביי שלמה׳ן, זי האָט מיר געזאָגט, וועסט זעהען, ווי גוט עס וועט זיין... עס וועלען קומען יונגע מענשען, אָפיצירען... מיר וועלען זיין אַ גאַנצען טאָג אַליין... מיר וועלען זיך ווי די אָפיצירען אָנטהון און אויף פערד פּרומרייטען. קום, רבקה׳לע, ווילסט? יאָ, דו ווילסט?...

רבקה׳לע

(מיט הארץ-קלאפונג).

דער טאַטע וועט נישט הערען?

מאַנקע.

ניין, ניין. ער וועט נישט הערען, ער שלאָפט אַזוי געשמאַק. אָט, דו הערסט, ווי ער שנאָרכט... (לויפט אין הינדעלס צימער, כאפט זי אָן ביי דער האנד) האָסט אַ שטוב? קום פלינק, פיהר אונז אַוועק!...

הינדעל

(כאפט זיך אויף).

יאָ, יאָ, פלינק צו שלמה'ן (זי האפט אקלייד, ווארפט עס אויף רבקה'לען) ער וועט אונז שוין פיהרען.

מאַנקע

(טוט אָן פלינק רבקה'לען).

דו וועסט זעהען, ווי גוט עס וועט זיין... ווי פרעהליך עס וועט זיין. (טהוען זיך אָן, האפען אויף זיך, וואָס זיי קריעגען אונטער דער האנד, א טוך, א קאפטאן, שטייגען זעהר לאנגזאם אויף. אין טהיר טרעפען זיי זיך מיט רייזלען און באשען, וועלכע קומען אָבגעצוואָגען אין שטוב אריין. די לעצטע קוקען אויף זיי פערוואונדערט.)

רייזעל. באַשאַ.

וואָהין דאָס?

הינדעל.

מאַכט'ס קיין געררודער, קיין גערויש, נאָך ביער, נאָך ליעמאַנאַד...
(הינדעל, מאנקע, רבקה'לע אָב. רייזעל און באשא קוקען זיך בײדע אָן פערוואונדערט.)

רייזעל

די מעשה געפעלט מיר נישט.

באַשאַ.

מיר אויך נישט.

רייזעל.

דאָ מוז עפּעס זיין—אָ-וואַ! ...

באַשאַ

(קוקט איהר אָן דערשראָקען).

וואָס דאָס ?

ר ײ ז ע ל.

און וואָס געהט עס אונז אָן ? לעשען מיר אויס דעם לאָמפּ און לעגען מיר זיך שלאָפען. מיר ווייסען פון גאָר נישט. (דרעהט אראָב דעם לאָמפּ).

אויף דער סצענע ווערט האלב טונקעל. די מײדלעך געהן אָב יעדע אין איהר צימערל).

ר ײ ז ע ל

(אָבגעהענדיג).

אוי, האָט זי וואָהר געזאָגט, די קאָרטען-לײגערין, אוי האָט זי וואָהר געזאָגט ...

(אָב. אײניגע סעקונדען איז אויף דער סצענע קײנער נישט דאָ. טונקעל).

ב אַ ש אַ

לויפט אַרויס ווילד פון איהר צימערל, האלב אויסגעטהון מיט א שלוכצענדיג געשריי).

ר ײ ז ע ל

(רוקט אויף די פאָרהאַנג פון איהר צימערל).

וואָס איז דיר באַשאַ ?

ב אַ ש אַ.

איך האָב מיך מורא צו לײגען. מיר דאַכט זיך, אַז מײן געשטאָרבענע מאַמע מיט די שטעכערס און די דערנער דרעהט זיך אין מײן שטיבעל אַרום.

ר ײ ז ע ל.

דאָס ספר-תורה איז פסול געוואָרען, האָט אונז שוין קײנער נישט אָבצוהיטען.

באַשאַ.

איך האָב מורא, אַז עס וועט היינט זיין נישט קיין גוטע נאַכט, מיין האַרץ ציטערט אין מיר...

(פּ׳ן איבער׳ן באַלקען דערהערט זיך פלוצלונג אַגערודער, אַ שאַרען מיט בענ־קלעך, מיט טישען, די מיידלעך האָרכען זיך, גלאָצענדיג און ערשראָקען, איין באַלד דערהערט זיך ווי עפּעס שווערעס פאַלט אַראָב פון די טרעפּ).

דער „פּעטער"

(שרייענדיג).

רבקה׳לע, רבקה׳לע, וואו ביסט דו?

רייזעל

(צו באַשען).

לייגען מיר זיך אַנידער שלאָפען... מיר ווייסען פון גאָרנישט...

(לייגען זיך ביידע אַנידער און מאַכען זיך הויך שלאָפען...)

דער „פּעטער"

(לויפט אַריין מיט אַ ליכט אין דער האַנד, צושויבערט די האָר, אויפ׳ן העמד אַ קאַפּאָטע אַרויפגעוואָרפען. שרייט ווילד).

רבקה׳לע, רבקה׳לע איז דאָ? (קיינער ענטפערט נישט. גיט אַ רוק די פאָרהאַנגען פון די ציטערלעך) רבקה׳לע! וואו איז זי? (וועקט אויף די שלאָפענדע רייזעל און באַשע) וואו איז רבקה׳לע! רבקה׳לע וואו איז?

רייזעל. באַשאַ

(מאַכען זיך די אויגען אויסרייבען מיט די אַרבעל פון די קאַפּטענס).

וואָס... מיר ווייסען נישט.

דער „פּעטער"

איהר ווייסט נישט... איהר ווייסט נישט?... (לויפט פלינק אַרויס.

מען הערט, ווי ער שטייגט אויף די טרעפ מיט איין שפרונג. נאכהער א שטילע פויזע. מען הערט, ווי עפעס וואָלט זיך אַראָבגעוואָרפען פון די טרעפ. די טהיר גיט זיך א פראַל אויף מיט רעש, עס פאלט אריין דער „פעטער", האלטענדיג שרה'ן ביי די האָר.ביידע זענען אין נאַכט־קליידער).

דער „פעטער"

(רייסט שרה'ס קאָפּ פאַר די האָר צו דער ערד אַראָב. ווייזט מיט'ן פינגער אויפ'ן „הייזעל").

דיין טאָכטער וואו איז? דיין טאָכטער?

באַשאַ, רייזעל

(שטעהען ביידע צוגעדריקט צו דער וואַנד און ציטערן).

(פאָרהאַנג פאַלט פלינק).

# דריטער אַקט.

## סצענע.

צימער ווי אין ערשטען אַקט. שענק און קאָמאָד זענען אויפגערוקט, און שטיקער-וועש, מלבושים וואַלגערן זיך איבער די פּאָדלאָגע אַרום. די טהיר אין רבקה'לעס צימער איז אָפען און פון דרינען דרינגט אַ שטראַהל פון אַ ברענענדיג ליכט אַריין. שרה, מיט צופּלאָשעטע האָר, אַרויף-געוואָרפען אויף זיך די קליידער אָהן אָרדנונג, דרעהט זיך איבער די שטוב, אויפקלויבענדיג די צעוואָרפענע זאַכען, פּאַקט זיי אין איין פּאַק איין, ווי צום אַוועק געהן, אָבער זי לייגט דאָך די מעהרסטע זאַכען צוריק אויף זייער אָרט. גרויער פריה-מאָרגען. פון די צוגעמאַכטע פענסטער-לאָדען דרינגט אַריין דער גרויער מאָרגען.

---

## שרה

(אויפקלויבענדיג די זאַכען).

יעקל, וואָס טהוט זיך מיט דיר, יעקל? (געהט צו צו דער אָפּענער טהיר פון רבקה'לעס צימער, קוקט אַריין) וואָס זיצסט דו? (דרעהט זיך אָב, אויפהויבענדיג די זאַכען) אַ אונגליק, אויסגעגאַנגען, דאָס גאַנצע הויז וויל ער איבערפיהרען... (געהט נאָך אַמאָל צו צו דער טהיר) יעקל, וואָס שווייגסט דו? וואָס טהוט זיך מיט דיר? (דרעהט זיך אויס, מיט טרעהרען) זיצט אַ מענש ביי אַ ספר-תורה און קלעהרט און קלעהרט, וואָס איז דאָ צו קלעהרען? עס איז געשעהן אַ אונגליק, געה אין צירקעל, נעהם דעם פריסטאַוו... זוך אויף דעם יונג מיט גוטען אָדער מיט בייזען... כל זמן עס איז נאָך דאָ צייט... (ווענדט זיך צו דער טהיר) וואָס שווייגסט דו? וואָס שווייגסט דו? (זי זעצט זיך אנידער אויף אַ פּאַק ביי דער טהיר, פּער־שטעלט זיך דאָס פּנים מיט די הענד און הויבט אָן צו וויינען) ווי משוגע זיצט ער איינער אַליין, קוקט אויפ'ן ספר-תורה און מורמעלט עפּעס מיט די ליפּען... אַני ער הערט נישט, אַני ער זעהט נישט, וואָס טהוט זיך דאָס מיט איהם? (שטעלט זיך אויף פון פּאַק, צום „פּעטער" אין דער טהיר) מיר איז דאָרט נישט קיין חלוק... דו ווילסט איך זאָל אַוועק-געהן— געה איך. דער טייוועל וועט מיך נישט נעהמען... איך וועל מיר שוין דאָרט מיין ברויט געפינען. (נעהמט זיך איינצופּאַקען איהרע זאַכען שווייגענדיג פויזע)

## דער „פּעטער"

(קומט אַריין פון דער צווייטער שטוב אָהן הוט, אָהן קאַפּאָטע, די האָר צופלאָשעט. ער קוקט ווילד מיט די אויגען, רעדט מיט אַ שטילען הייזעריגען טאָן זעהר לאנגזאם).

איך וועל געהן... דו וועסט געהן... רבקה'לע וועט געהן... אַלץ וועט געהן... (ווייזט מיט'ן פינגער אויפ'ן קעלער) אַלץ אין „הייזעל" אַריין... גאָט וויל נישט...

## שרה.

יעקל, וואָס טהוט זיך דאָס מיט דיר! משוגע ביזט דו געוואָרען... (גיעהט צו צו איהם) בעדענק, וואָס דו טהוסט. עס איז געשעהן אַ אונגליק — ביי וועלכען מענש געשעהט נישט קיין אונגליק? קום, מיר וועלען אויפזוכען שלמה׳נען. גיעב איהם 200—300 רובל — זאָל ער אונז דאָס קינד צוריק-געבען... דער יונג וועט עס טהון... וואָס זיצט דו? וואָס טהוט זיך דאָס מיט דיר?

## דער „פעטער"

(מיט דעם זעלבען טאָן. דרעהט זיך איבער דער שטוב).

מיר איז שוין איינגאַל... די נשמה דעם טייוועל איבערגעגעבען... עס וועט שוין גאָר נישט העלפען... גאָט וויל נישט...

(ער שטעלט זיך אַנידער ביים פענסטער און קוקט דורך דעם לאָדען-לאָך)...

## שרה.

גאָט וויל נישט... אַיינגערעדט זיך, דו ווילסט נישט... דו האָסט דען ליעב דאָס קינד? יעקל, יעקל, (שלעפט איהם) וואָס איז דאָס מיט דיר געוואָרען, בעדענק כל-זמן עס איז נאָך דאָ צייט... ער קען זי זאָך דערווייל ערגעץ וואו אַוועקפיהרען... קום אַריבער צום יונג... די מויד האָט זי דאָך אודאי צו איהם אַריבערגעפיהרט. וואָס שטעהסט דו? (אָבגעהאקט) איך האָב געשיקט נאָך ר׳ אלי׳ן. מיר וועלען הערען, וואָס ער וועט זאָגען! — (פויזע. דער „פעטער" קוקט אלץ אין איינעם דורכ׳ן פענסטער) וואָס קוקסט דו? (פויזע) פאַר וואָס ענטפערסט דו מיר נישט? מאַמע קרוין, מען קען דאָך משוגע ווערען.

(דרעהט זיך אָב פון איהם און וויינט הויך).

## דער „פעטער"

(ווי פריהער. דרעהט זיך איבער די שטוב).

אויס הויז... אויס ווייב... אויס טאָכטער... אין „הייזעל" אַריין... צוריק אין הייזעל" אריין... מיר דארפען נישט קיין טאַכטער... מיר

דאַרפֿען נישט... נקבות, ווי די מאַמע געוואָרען.., גאָט וויל נישט...
צוריק אין „הייזעל", אין הייזעל אַריין...

שרה.

ווילסט אין „הייזעל"? — מיין כפרה, האָב איך טאַקע אַ געשעפטן (כאַפּט זיך וויטער צום איינפּאַקען) דאָס הויז וויל ער איבערפיהרען... וואָס טהוט זיך מיט איהם? (קלערט א ווײילע) אַז דו ליגסט איבערזאַמען וועל איך מיך נעהמען צו טהון (נעהמט אראָב פון די אויערען די בריליאַנטענע אויער-רינגען) איך וועל אַריבערגעהן צו שלמה'נען, איך גיעב איהם אַוועק די בריליאַנטענע אויעררינגען (זי זוכט אין פּאַק, שלעפּט ארויס א גאָלדענע קיים) מיט דער גאָלדענער קייט און וויל ער נישט, לייג איך איהם צו נאָך אַ הונדערטער, (זי זוכט דעם טייסטער מיט געלד אין „פּעטער'ס" קעשענעס, דער „פּעטער" לאָזט זיך בעזוכען) עס געהט נישט אויס אַ פיערטעל שעה (זי כאַפּט א טוך אויף זיך) און רבקה'לע איז דאָ. (ארויסגעהענדיג) פאַר מיר וועט ער שוין דאָס טהון. (האַקט די טהיר נאָך זיך).

דער „פּעטער"

(דרעהט זיך איינער אליין איבער דער שטוב. דעם קאָפּ צו דער ערד).

מ'ר איז שוין סיי-ווי-סיי אַלץ איינס... דער טייוועל גענומען... אויס טאָכטער... אויס ספר-תורה... אין „הייזעל" אַריין... אין „הייזעל"... גאָט וויל נישט...

(לאַנגע ווײילע. רייזעל ווייזט זיך אין דער טהיר, שטעקט אריין דעם קאָפּ... שלייכט זיך אריין אין דער שטוב, שטעלט זיך ביי דער טהיר. דער „פּעטער" בעמערקט זי, קוקט אויף איהר.)

רייזעל

(שטאמלענדיג).

איך בין געוועזן נאָך ר' אלי'ן... די בעל-הבית'טע האָט געהייסען... ער וועט באַלד קומען...

דער „פעטער"

(קוקט זי אָן נאָך אַ ווײַלע).

סײַ-ווי-סײַ דער טײַוועל גענומען... גאָט וויל נישט...

רייזעל

אַזאַ אָרנטל׳,׳ ק׳נד געווען... אַזאַ שאָד נעבאַך...

דער „פעטער"

(קוקט זי אָן ווי פאַרוואונדערט).

רייזעל

(חי פאַרענטפערנדיג זיך).

די בעל-הבית׳טע האָט מיך געהייסען דאָ וואַרטען, ביז זי וועט צוריקקומען

דער „פעטער".

האָב נישט קיין מורא, איך בין נאָך נישט משוגע געוואָרען... נאָך נישט... גאָט האָט מיך געשטראָפט...

רייזעל.

ווער האָט זיך געזאָלט ריכטען אויף דעם... אַזאַ אָרנטליך קינד געווען... אַזאַ שאָד נעבאַך... איך זאָל אַזוי לעבען...

ר׳ אלי

(מיט אַ לאַמטערן אין האַנד קומט אַריין).

וואָס איז דאָס אַזעלכעס געשעהן! אַזש מיך געדאַרפט פאַרטאָג רופען, (קומט מעהר אין דער שטוב אַריין, קוקט אין לאָדען-לאָך) מען מעג שוין באַלד דאַווענען...

דער „פעטער״

(נישט קוקענדיג אויף ר׳ אלי׳ן)

דאָס ספר-תורה איז פסול געוואָרען, ר׳ אלי, אויפס טויס אָבגע׳פסל׳ט.

ר׳ אלי

(דערשראָקען).

וואָס רעדסט דו, יוד? חלילה, דאָס ספר-תורה, וואָס איז געשעהן? אויף דער ערד זאַראָבגעלאָזט? די גאַנצע שטאָדט דאַרף פאַסטען ...

דער „פעטער״.

נאָך ערגער, ר׳ אלי.

ר׳ אלי

(אויפגערעגט).

וואָס זאָגסטו, די גאַנצע שטאָדט קען זיך, חלילה, פערזינדי׳גען... וואָס איז געשעהן? זאָג, יוד, רבונו של עולם!

דער „פעטער״.

אין „הייזעל״ אַראָב... (ווייזט אויף די פאָרלאָגע, דערנאָך אויף רייזלס) אונטען מיט זיי... אין הייזעל אַריין... אויס ספר-תורה...

ר׳ אלי.

יוד, וואָס רעדסטו? וואָס טהוט זיך דאָס? זאָג!

רייזעל

(ביי דער טהיר, בערוהיגט ר׳ אלי׳ן).

ניין, רבי, נישט דאָס ספר-תורה, די טאָכטער... רבקה׳לע...

די ספר-תורה איז כשר. (ווייזט מיט'ן פינגער אין רבקה'לעס שטוב) דערינען...

ר' אלי

(אָטעמעט אָב)

געלויבט השם יתברך! אָבער דאָס ספר-תורה איז כשר?

רייזעל

יאָ, רבי.

ר' אלי

(רוהיגער, שפייט אויס).

געלויבט השם יתברך, אָבגעקומען מיט די שרעק... (צום „פעטער") וואָס האָסטו גערעדט נאַרישקייטען? (צו רייזלען, נישט קוקענדיג אויף איהר) אַוועק... איז זי נאָך נישט דאָ? (צום „פעטער") איז מען זי שוין געגאַנגען זוכען?

דער „פעטער".

ביי מיר איז מיין טאָכטער הייליגער, ווי אַ ספר-תורה.

ר' אלי.

רעד נישט קיין נאַרישקייטען... נאָר שוייג, נאָר מאַך קיין גערודער נישט... איז מען זי שוין געגאַנגען זוכען? ברענגען? ווייס איך וואָס? וואָס שטעהסטו דאָ?

רייזעל.

די בעל-הבית'טע איז שוין געגאַנגען נאָך זיהר.

ר אלי.

ווייסט מען, וואו זי איז געגאַנגען?

רייזעל.

יאָ, די בעל-הבית׳טע וועט זי באַלד אַהיים ברענגען.

ר׳ אלי

איז דאָך ווייטער גוט, וואָס-זשע שרייט עטץ, ליאַרמט... די גאַנצע וועלט זאָל זיך באַלד דערפון דערוויסען. אַזעלכע זאַכען בע-האַלט מען אין דער שטיל... עס איז נישט שען... אַ מחותן קען נאָך געוואָהר ווערען דערפון — קאָסט עס באַלד אַ פּאָר הונדערט רובעל טייערער...

דער „פּעטער".

מיר איז שוין סיי-ווי-סיי אַלץ איינס... אַלע קענען עס וויסען... אויס טאָכטער... אויס ספר-תורה... אין „הייזעל" אַריין... אַלץ אין „הייזעל" אַריין...

ר׳ אלי

ע, ביסט דאָך גאָר חסר-דעה... עס געשעהט אַ אונגליק... עס טרעפט זיך ביי מענשען אַ אונגליק. גאָט זאָל שומר ומציל זיין... וואָס? ווען? גאָט העלפט... עס געהט דורך בשלום. דער עיקר, קיי-נער ווייסט נישט... מען הערט נישט, מען זעהט נישט. מען ווישט זיך אָב דאָס מויל און מען מאַכט זיך פון גאָרנישט וויסען... (צו רייז-לען) מען דאַרף זיך היטען מיט אַ וואָרט... עס זאָל, חלילה, ווייטער נישט קומען... געהערט?! (ווענדט זיך צום „פּעטער", דער לעצטער קוקט ערגיין וואו וויט אין דער וועלט אריין.) איך האָב מיך געזעהן. (קוקט זיך אום, אויב רייזעל איז נאָך דאָ. בעמערקענדיג זי, הערט ער אויף. נאָך אַ פּויזע הויבט ער ווייטער אָן צו רעדען שטילער, קוקענדיג אויף רייזלען, אַז זי זאָל אַרויסגעהן. לאַנגזאַם:)

איך האָב מיך געזעהן מיט... מיט... (קוקט אויף רייזלען, רייזעל פערשטעהט און פערלאָזט די שטוב.) איך האָב מיך געזעהען מיט'ן חתנ'ס פאָטער אין בית-מדרש צווישען מנחה-מעריב, איך האָב גערעדט מיט איהם, דער יוד בעשטעהט שוין באַלד, איך האָב איהם אפילו פערשטעהן געגעבען, אַזוי כדרך אגב, אַז די כלה איז נישט פון גרויסען יחוס. מילא, פאַר נאָך אַ הונדערטער... היינטיגע צייטען קוקט מען נישט אויף דעם... איך וועל אודאי שבת, אם ירצה השם, מיט דעם יוד דאָ אַרויפקומען... מען וועט געהן צום דין פערהערען דעם חתן... נאָר דער עיקר קיינער זאָל נישט וויסען, זאָל נישט געוואָהר ווערען פון דער מעשה, חלילה... עס קען שאָדען... אַ יוד פון יחוס און דער חתן איז אַ טייערער קאָפּ... נו, נו, שטיל דיך איין, נעהם דיר גאָט צו הילף און אַלץ וועט דורכגעהן בדרך-שלום... מיט גאָטס-הילף, איך געה אַהיים מיך מכין זיין צום דאַוונען און, אַז דאָס מיידעל וועט זיין, זאָלסט דו מיר באַלד צו וויסען געבען... דו הערסט? (ביים ארויסגעהן) נאָר באַלד למען השם... (וויל אָבגעהן).

### דער „פעטער"

(הויבט זיך אויף, כאַפּט ר' אלי'ן ביי דער האַנד).

הערט, איהר רב, איהר נעהמט אייך מיט אַייער ספר-תורה. איך דאַרף עס שוין נישט מעהר...

### ר' אלי

(פערוואונדערט).

וואָס רעדסט דו? וואָס ווילסט דו? ביזט משוגע געוואָרען צו חסר-דעה?

### דער „פעטער".

די טאָכטער איז אין „הייזעל" געגאַנגען... דאָס ספר-תורה איז פסול געוואָרען... גאָט האָט מיך געשטראָפט...

ר׳ אלי

(פרובט איהם איבערהאקען).

וואָס רעדסט דו?

דער „פּעטער״.

איך בין אַ זינדיגער מענש, איך ווייס עס גאַנץ גוט אַזוי... די פוס האָט ער מיר געדאַרפט אונטערברעכען, דעם קאָפּ אין דער ערד... אַ יונגען טויט... פון מיין קינד, וואָס האָט ער געוואָלט? פון מיין אָרים קינד?

ר׳ אלי.

הער דו, מען טאָר נישט אַזוי רעדען געגען גאָט.

דער „פעטער״

(אויפגערעגט).

אַלץ מעג מען רעדען... דעם אמת... איך בין טאַקע יעקל טשאַפּטשאָוויטש — אַ „פעטער״ פון אַ „הייזעל״, נאָר דעם אמת מעג מען אפילו גאָט זאָגען... איך האָב שוין גאָר נישט קיין מורא... איך בין געגאַנגען צו אייך אין בית-המדרש אַריין... איך האָב אַייך אַלץ פערצעהלט... האָט איהר מיך געהייסען אַ ספר-תורה שרייבען. דערי-נען, ביי איהר אין שטיבעל, האָב איך עס אַריינגעשטעלט... גאַנצע נעכט בין איך דערביי געשטאַנען, און איך האָב דערצו אַזוי געזאָגט: דו ביסט טאַקע אַ גאָט... דו ווייסט פון אַלץ, וואָס איך טו... דו וועסט מיך שטראָפען... שטראָף מיך... מיין ווייב שטראָף, מיר האָ-בען געזינדיגט, אָבער מיין אונשולדיג קינד שוין... אויף מיין אָרים קינד האָב רחמנות...

ר׳ אלי.

עס איז דאָך איהר קיין שום שלעכטס נישט געשעהן. זי וועט צוריק-קומען... וועט נאָך זיין אַ גאַנץ יודיש ווייבעל...

דער „פעטער".

סיי-ווי-סיי... דער טייוועל געגומען... עס וועט זי שוין צי- הען... האָט זי נאָר געמאַכט דעם אָנהויב... וועט זי שוין נישט רו- הען... נישט היינט איז עס מאָרגען... די נשמה דעם טייוועל איבער- געגעבען... איך ווייס עס... אוי, איך ווייס עס...

ר׳ אלי.

דו רעד נישט קיין נאַרישקייטען... דו שטיל דיך איין... דו בעט גאָט איבער אין האַרץ... לעג אַוועק דיין פרנסה... דיין טאָכטער וועט נאָך מיט גאָט׳ס הילף חתונה האָבען, ווי אַלע יודישע טעכטער און וועסט נאָך פון איהר נחת האָבען...

דער „פעטער".

פערפאַלען, רבי, אוי פערפאַלען... וואָלט אויף איהר אַ יונגער טויט געקומען, רבי, וואָלט איך גאָר נישט געזאָגט... געשטאָרבען, ווייס איך, אַז איך האָב אַ כשר קינד בעגראָבען... געה איך צו איהר אויף קבר-אָבות, און זאָג מיר אַזוי: אָט דאָ ליגט דיין קינד... ביסט דו אַליין אַ זינדיגער מענש, דאָ ליגט דיינס אַ כשר קינד, אַ אָרנטליך קינד... אָבער אַזוי וואָס בין איך ווערט אויף דער וועלט? דו אַליין ביזט זינדיג... לאָזט איבער אַ זינדיגען דור... נאָך דיר... און אַזוי ציהט זיך די זינד פון דור צו דור...

ר׳ אלי.

דו זאָג נישט אַזוי, אַ יוד טאָר נישט אַזוי רעדען, דו נעהם דיר גאָט צו הילף און דו זאָג אַזוי: וואָס עס איז געווען איז פערפאַלען...

דער „פעטער"

(האקט איהם איבער).

איהר, רבי, רעדט מיר נישט איין... איך ווייס, אַז עס איז

שוין פערפאַלען... די זינד ליעגט אויף מיר און אויף מיין הויז, ווי אַ שנור אויפ׳ן האַלז ... גאָט האָט נישט געוואָלט ... נאָר איך פרעג אייך, רבי, פאַר וואָס האָט גאָט נישט געוואָלט? וואָס וואָלט עס איהם געאַרט, אַז דו, יעקל טשאַפּטשאָוויטש, וועסט דיך אַרויסראַטעווען פון דעם זומפּ, אין וועלכען דו זינקסט? (געהט אריין אין רבקה׳לעס צימער, ברענגט אריין דאָס ספר-תורה, הויבט עס אויף און רעדט) דו, ספר-תורה! איך וויים — דו ביסט אַ גרויסער גאָט! דו ביסט דאָך אונזער גאָט... איך, יעקל טשאַפּטשאָוויטש, האָב געזינדיגט... (קלאַפּט זיך מיט די פויסטען אין הארצען) מיינע זינד... מיינע זינד... דו מאַך אַ נס, דו שיק אַראָב אויף מיר אַ פייער און פערברען מיך, אָט אַזוי ווי איך שטעה! דו עפען אויף די ערד און לאָז מיך איינגעזונקען ווערען... נאָר מיין קינד היט מיר אָב... שיק זי מיר אָב אַזוי ריין, אַזוי אונשולדיג, ווי זי איז געווען... איך וויים... ביי דיר איז אַלץ מעגליך... דו טו אַ נס... דו ביזט דאָך אַ גרויסער גאָט... אַז נישט... ביזטו קיין גאָט נישט... זאָג איך דיר, איך, יעקל טשאַפּטשאָוויטש, אַז דו ביזט קיין גאָט נישט... אַז דו ביזט נקמה׳דיג, ווי אַ מענש ביזט דו...

## ר׳ אלי

(גיט זיך אַ כאַפּ אויף און גיט אַ ריס אַרויס דאָס ספר-תורה פון „פּעטערס" האַנד).

דו ווייסט, צו וועמען דו רעדסט?! (קוקט איהם אָן, געהט דערנאָך אריין אין רבקה׳לעס צימער מיט׳ן ספר.) דאָס ספר-תורה בעט איבער!

## דער „פּעטער".

דעם אמת מעג מען אפילו גאָט אין פנים אַריין זאָגען. (געהט נאָך ר׳ אלי׳ן אין צימער.) איז ער אַ גאָט, זאָל ער דאָ אויפ׳ן אָרט זיין נס בעווייזען...

## שרה

(לויפט אריין מיט איספּעט, זי איז צורודערט, לויפט צו צום שפּיגעל און פערקעמט זיך די האָר מיט דער האנד, רופענדיג).

קום, אַריין, שלמה, וואָס שטעהסט דו הינטער דער טהיר?

### שלמה

(אין דער טהיר).

וואו איז יעקל? זאָל ער וויסען (קוקט אריין) פאַר אַ נאַש בראָט וועל איך אַלץ מאַכען, כאָטש ער האָט מיר בעליידיגט.

### שרה

(לויפט צו דערוויילע צו רבקה'לעס טהיר, פערשליסט זיך נאָכ'ן פעטער און ר' אלי'ן).

לאָז איהם דאָרט צו רוה, (מיט אַ שמייכעל) ער איז דאָך אַ גאַנצער פרומאַק אין דער לעצטע צייט געוואָרען... הבר'ט זיך מיט פרומע יודען (לויפט צו, פערשליסט די טהיר נאָך שלמה'נען) כלות זיך אויפגעקליבען, אַזאַ אָנשיקעניש דאָס איז, עס איז זיך דאָך פון איהר נישט אָבצויאָגען, לויפט זי נאָך ווי דו וואָלסט שוין איהרער געווען... אודאי אויך אַ הער-קומען נאָך דיר צו לויפען... (שמייכעלט) אוי, שלמה, אוי שלמה סחורה זיך אַיינגעשאַפט... (זי געהט צו צום פענסטער. פראַלט אויף די לאָדען, אַ שטראַהל צימער-ליכט בעלויכט דאָס שטיבעל). וואָס האָבען זיי זיך צוגע-מאַכט? ווי צו דער קנות...

### שלמה.

האָב נישט קיין מורא זאָג איך דיר, אַז איך האָב דיר איינמאָל צוגעזאָגט יאָ — איז יאָ. פאַר ווענען איך וועל נישט טהון — פאַר דיר וועל איך עס טהון, כאָטש דו האָסט מיך אין די לעצטע צייט שלעכט בעהאַנדעלט... נאָר עס מאַכט נישט אויס... מעג זי שוין מיט'ן קאָפּ פערלייגען, עס וועט שוין גאָר נישט העלפען...

### שרה

(גיט אַ געה צו איהם, כאַפּט איהם אָן פאַר דער האַנד, קוקט איהם אין די אויגען).

אַזאַ יונג ווי דו ביזט — דאַרפסט דו אַזאַ מויד צו נעהמען? ווער איז זי? אַרום-געוואַלגערט זיך פון „הייזעל" צו „הייזעל", אַזאַ יונג ווי דו ביזט... קענסט יעצט כאַפּען אַ שענעם גראָשען, דאַרפסט דו זי? אַ יונג מיט אַ פאָר הונדערט רובעל, קענסט דו נישט נעהמען אַ

לייטיש מיידעל? פאַר וואָס נישט? פרעג איך וואָס, דו ביזט נישט אַזאַ יונגער מענש, ווי אַ אַנדערער? (קלאַפּט איהם אויף די פּלייצעס) דו רעד מיט מיר, שלמה, דו ווייסט: איך בין צו דיר קיינמאָל נישט געווען שלעכט... כאָטש איך בין אין די לעצטע צייט אַזוי געווען צו דיר... דאָך בין איך שטענדיג שרה געווען. זאָג, אפשר נישט? (קוקט איהם אין די אויגען אריין).

## שלמה

(מאַכט זיך גלייך די וואָנסען).

ע, ק׳טשאָרטו... דער טייוועל ווייס, געלאָזט זיך דעם קאָפּ פּערדרעהען פון דער מויד... אויף דערוייל... אַ פּאָר גראָשען צו כאַפּען... אַ נישט מיינסט דו טאַקע האָב איך געקלעהרט מיט איהר אויף אַ רעכטען אמת... די מאַמע וואָלט מיר די אָדערן פון לייב פערשאָלטען... כ׳האָב אַ אָרנ׳ליכע מאַמע... און מייז שוועסטער?

## שרה.

קיין אַנדער געשעפט שוין נישט, נאָר זיך דעם קאָפּ צו פּער-דרעהען מיט אַזאַ „נישט" און אַ „הייזעל" זיך צו פערלייגען? וואָס מען האָט היינט, משטיינס געזאָגט, פון די גאַנצע „הייזלעך"? עס לוינט טאַקע האָבען צו טהון מיט אַזעלכע אויסוואורפס... (געהט צו צו איהם, שטעקט איהם די אויערינגען איין) דו נעהם אָט דאָס צו, און נאַ דיר נאָך אַ הונדערטער צו און זאָג מיר וואו רבקה׳לע איז?

## שלמה.

וואָס איז וואָהר — דאָס איז וואָהר... דו ביזט אַמאָל געווען אַ גוטע יודענע (ווינקט צו איהר) אין די לעצטע צייט ביזט דו קאַליע גע-וואָרען, נאָר עס קומט נישט צו דעם... זאָלסט וויסען, אַז שלמה איז אַ נאַש-בראַט... (געהט צו די אויערינגען און בעהאלט זיי אין קעשענע).

## שרה.

דו זאָג מיר, שלכה, וואו זי איז איצט... פאַר מיר מעגסט דו

אַלץ זאָגען, כאַטש איך בין איהר מאַמע... דו ווייסט: איך שרעק מיך נישט איבער מיט אַזעלכע זאַכען... זאָג, האָסט דו ערגעץ זי אַוועק-געפיהרט... צו אַ...

שלמה.

זי איז זעהר נאָהענט פון דאַנען... אַז איך זאָג דיר, אַז איך ברענג זי דיר — ברענג איך זי... הערסט, אַזאַ יאָהר שוין אויף מיר, וואָס פאַר אַ נקבה דאָס קען זיין... איהר בליק... איהר שיק... גע-ממזר׳ט זאָג איך דיר, אויף איין אויג...

שרה.

העע, שרה קען נאָך... זאָג מיר, שלמה, וואו האָסט דו זי? פאַר מיר קענסט דו אַלץ זאָגען... (נעהמט איהם אַרום מיט איין האנד, קלא-פענדיג איהם מיט דער צווייטער אויף דער פלייצע און קוקט איהם שעלמיש אין די אויגען.) יאָ... זאָג, גוטער-ברודער!

שלמה.

נישט ווייט פון דאַנען... נישט ווייט...

(עס הערט זיך אַ קלאפען מיט פויסטען אין דער טהיר פון דרויסען).

הינדעל

(הינטער דער סצענע).

דו ווייסט נישט פון איהר... דו ווייסט נישט פון איהר...

שרה.

לאָז זי דעם קאָפּ אָן וואַנד קלאַפּען... אין די לאַפּקע ווי זי האָט איהם אַריינגעכאַפּט... חאַ... חאַ... ער טאָר דאָך גאָרנישט געהן אָהן איהר... (קוקט איהם שעלמיש אָן) שעמען מעגסטו זיך, מיט מיידען טראַגט ער זיך אַרום... (שלמה קלערט אַ ווײַלע. שרה כאַפּט איהם אַז בײַ דער

האנד, גיט איהם אַ פיהר אָב אין אַ זייט.) מיט מיר רייד... וואָס דאַרפסט דו זי? איך וועל דיר געבען א מיידעל... דו וועסט זעהען. (ווינקט צו איהם.)

## הינדעל.

(הינדעל ברעקט אויף די טהיר, לויפט אַריין מיט אימפעט).

וואָס האָבען זיי זיך אין איהם אָנגעכאַפּט? אַ בייזע נאַכט אויף זייער קאָפּ, ביי זיי לויפט אַוועק אַ טאָכטער... (כאַפּט אָן שלמה'ן ביי דער האַנד) דו ווייסט נישט, וואו זי איז. וואָס ווילען זיי פון דיר?

## שרה

(זעצט זיך אוועק אויף אַ שטוהל, קוקט אָן שלמה'ן שעלמיש, ווייזט אויף הינדלען).

דאָס איז זי, די חיה'טע? כאַ—כאַ—האַ...

## הינדעל

(קוקט זיך אום).

ווי אַ בייז געלעכטער עס איז אויף איהר... (צו שלמה'ן) דו ווייסט נישט פון איהר, (פיהרט איהם אין אַ זייט. אין דער שטיל) מיר וועלען אַוועקפאָהרען קיין לאָדז... דאָרט אַ חופה שטעלען... אַ דירה דינגען... אַזעלכע צוויי נקבות... בעדענק, וואָס דו טהוסט? (הויך) וואָס האָבען זיי זיך אָן דיר אָנגעטשעפּעט? דו ווייסט נישט פון איהר... (ציהט איהם ביי דער האנד) קום, שלמה... (שלמה וויינערט זיך).

## שרה

(הויך מיט אַ חנפ'ריג שמייכעלע).

נו, פאַרוואָס געהסטו נישט מיט איהר, שלמה? זי איז דאָך געקומען נאָך דיר... אַוועקפאָהרען נאָך לאָדז... אַ חופה שטעלען... אַ דירה דינגען... הים, הים. (הייבט זיך אויף צו שלמה'ן, ציהט איהם אוועק

פון הינדלען.) אַזאַ יונגער יונג ווי דו ביסט, האָסט אַ אָרנטליכע יודי־שע מאַמע, אַ פרומען טאַטען געהאַט... וואָס וויל זי פון דיר האָבען? וואָס האָט זי זיך צו דיר צוגעטשעפּעט?

שלמה

(רופט).

קום, שרה, נעהם אַרויף רבקה׳לען.

הינדעל

(פערשטעלט איהם מיט דער האַנד דעם מויל).

דו וועסט נישט זאָגען... דו ווייסט נישט פון איהר. (זי לויפט צו צו דער אויסגאַנגס־טהיר, און מאַכט זי צו, אויעקשטעלנדיג זיך ביי איהר). איך וועל דיך נישט אַרויסלאָזען. (וואַרפט זיך צו שלמה׳ן, כאַפּט איהם אָן ביי דער האַנד) געדענק, שלמה... זיי מעגען, מיר טאָרען נישט?! קום, שלמה... מיר וועלען אַוועקפאָהרען... אַזאַ פרנסה... אַזאַ פרנסה...

שלמה.

מיר האָבען שוין געהערט... שוין געהערט... (שטויסט זי אָב פון זיך) שפּעטער וועלען מיר ריידען, איצט האָב איך קיין צייט נישט. (געהט ארויס מיט שרה׳ן).

שרה

(לויפט צוריק אריין, גיט אַ פראַל אויף די טהיר פון רבקה׳לעס צימער, רופט).

רבקה׳לע איז דאָ!

הינדעל

(אין קאָרידאָר).

איך וועל דיך נישט לאָזען... דו וועסט נישט זאָגען...

ש ל מ ה

(אין דער טהיר).

קום שרה.

ש ר ה

(ארויסלויפענדיג נאָך שלמה'ן).

איך געה, שלמה.

(שרה, שלמה, הינדעל אָב).

ר' א ל י

(קומט אריין מיט'ן „פעטער").

גלויבט צו גאָט! גלויבט צו גאָט! (צום „פעטער", וועלכער דרעהט זיך ארויף און אראָב איבער דער שטוב. ר' אלי געהט איהם נאָך) און זעהסט, אָט האָט דיר השם יתברך געהאָלפען... ער שטראָפט טאַקע, אָבער ער שיקט די רפואה פאַר די מכה... כאָטש דו האָסט געזינדיגט, כאָטש דו האָסט גערעדט עזות'קייטען. (זאָגט איהם אָן) פון איצט אָן מוזט דו נעהמען אויף דיר, אַז דו זאָלסט אַזעלכע ווערטער נישט רעדען... זאָלסט דרך-ארץ האָבען... גרויס דרך-ארץ... זאָלסט וויסען, וואָס אַ ספר תורה איז, און וואָס אַ יוד אַ למדן איז... מוזט געהן אין בית-המדרש אַריין, מוזט דו געהן... מוזט אַ גרויסע נדבה אויף תומכי-תורה געבען... און פאַסטען אַ תענית, וועט גאָט דיר מוחל זיין... (פויזע. (קוקט אויפ'ן „פעטער", וועלכער דרעהט זיך ארויף און אראָב פערטראַכט אין אַנדערע ענינים) וואָס, דו הערסט מיך נישט? מיט השם יתברך'ס הילף וועט אַלץ דורכגעהן בשלום, איך וועל טאַקע באַלד אַריבערגעהן נאָכ'ן חתנ'ס פאָטער... און מיר וועלען די זאַך אַ דורכשמועסען בפרוטרוט... נאָר זאָלסט דיך נישט דינגען, אַ הונדערטער אַרויף, אַ הונדערטער אַראָב. זאָלסט וויסען, ווער ער איז און ווער דו ביזט... און זאָלסט טאַקע באַלד מסלק זיין דעם נדן און נישט בעלעמוטשען מיט די התונה... אַז עס זאָל, חלילה, נאָך אַמאָל צו קיין מכשול נישט קומען... אַזעלכע זאַכען לייגט מען נישט אָב... (קוקט אויפ'ן „פעטער") וואָס, דו

הערסט מיך נישט? איך רעד דאָך צו דיר?

דער „פעטער"

(ווי צו זיך).

איין זאַך וויל איך זי נאָר פרעגען, נאָר איין זאַך, נאָר דעם אמת זאָל זי מיר זאָגען... דעם גאַנצען אמת: יאָ, אָדער ניין.

ר׳ אלי.

דו זינדיג נישט, דאַנק גאָט, וואָס ער האָט דיך אויף אַזוי פיעל געהאָלפען.

דער „פעטער"

(ווי פריהער).

איך וועל איהר גאַר נישט טהון... נאָר דעם אמת; יאָ, אָדער ניין

ר׳ אלי.

דעם אמת... דעם אמת... גאָט זועט העלפען... אַלץ וועט אַ דורכגעהן בשלום... איך געה שוין נאָכ׳ן מחותן, ער איז אין בית-המדרש און וואַרט אויף מיר אודאי, (קוקט זיך אום) זאָג דיין פלונית, אַז זי זאָל דאָ דערווייל צורוימען... און דו מאַך אַ קנין-יד, טאַקע באַלד אויפ׳ן אָרט... אַז ער זאָל קיין צייט נישט האָבען פון עפּעס געוואָהר צו ווערען און חרטה צו האָבען... שמועס אָב די ׳תונה און שיק אַוועק די כלה צום התנ׳ס משפּחה... נאָר נישט בעלעמוט-שעט... שאַ שטיל, קיינער זאָל נישט געוואָהר ווערען... (מאַכט זיך צום אַרויסגעהן) און דו שלאָג דיר די נאַרישקייטען פון קאָפּ אַרויס, נעהם דיר גאָט צו הילף, און זיי אויפגערוימט... אַז דער מחותן זאָל חלילה גאָר נישט בעמערקען... (אַרויסגעהענדיג) זאָג דיין פלונית, אַז זי זאָל דאָ אָרענטליך מאַכען (געהט אָב).

### דער „פעטער"

(דרעהט זיך ווי פריהער איבער די שטוב).

נאָר דעם אמת זאָל זי מיר זאָגען... דעם ריינעם אמת.

(א לענגערע פויזע).

### שרה

(אין דער טהיר).

קום אַריין, קום, דער טאַטע וועט דיך נישט שלאָגען... (פויזע) געה אַריין זאָג איך דיר. (שטופּט אַריין רבקה'לען. רבקה'לע איז אין א טוך ארומגעהילט איבערן קאָפּ, שטעהט ביי דער טהיר, קוקט אונפערשעמט מיט די אויגען, פערביסען די ליפּען, שווייגט, שטעהענדיג אויף איין אָרט).

### שרה.

אוּן וואָס שטעהסט דו, טאָכטער לעבען? נחת אונז אָנגעטהון... פאַר אונזער פראַצע... פאַר אונזער מיה... שוין שפּעטער זיך מיט דיר אָבּרעכענען (האַקט אָב) געה אַריין... קעם דיך צו, טהו אָן אַ קלייד, אַ מענש דאַרף צו קומען... (צום „פעטער") איך האָב געטראָפען ר' אלי'ן, ער איז געגאַנגען נאָכ'ן מחותן... (קוקט זיך אין שטוב אום) אַ חורבן נאָך מיר — ווי דו זעהסט אויס!

(נעהמט זיך האַסטיג די זאַכען גלייך צו שטעלען).

### דער „פעטער"

(דערזעהט רבקה'לען, קוקט זי אָן, דערנעהנט זיך צו איהר, נעהמט זי ווייך אָן ביי דער האַנד, פיהרט זי אַהין צום טיש).

האָב נישט קיין מורא, איך וועל דיך נישט שלאָגען... (ער זעצט זיך) זעץ דאָ זיך אַנידער נעבען מיר, (רוקט איהר אַ שטוהל אַהער) זעץ דיך.

### רבקה'לע

(ברוגז'יג. בעהאַלט דאָס פּנים אין אַ טוך).

איך קען שטעהן אויך.

דער „פעטער".

זעץ דיך, (ער זעצט זי אנידער) האָב נישט קיין מורא.

רבקה'לע

(פון אונטער דער טוך).

וואָס האָב איך מורא צו האָבען?

דער „פעטער"

(שטאמעלט).

רבקה'לע, זאָג מיר, רבקה'לע... דו ביזט מיין טאָכטער, איך בין דיין טאַטע, (ווייזט אויף שרה'ן) דאָס איז דיין מאַמע... זאָג מיר, טאָכטער, זעה, דעם גאַנצען אמת זאָג מיר... דו האָב נישט קיין מורא פאַר מיר... דו שעם דיך נישט פאַר מיר... איך ווייס, נישט איבער דיינע זינד, נישט איבער דיינע זינד... איבער מיינע, איבער מיינע, איבער דיין מאַמעס זינד... אונזערע זינד... זאָג מיר, טאָכטער.

שרה.

גיב נאָר אַ קוק, ווי ער האָט זיך אַנידערגעזעצט מיט איהר אויסטענה'ן... וואָס וויל ער פון איהר האָבען? קוים דערלעבט! לאָז זי אַריינגעהן אָנטהון זיך, אַ מענש דאַרף דאָך באַלד אַנקומען. (געהט צו, וויל אוועקנעהמען רבקה'לען פון „פעטער").

דער „פעטער".

לאָז זי אָב זאָג איך דיר.

(שטופט אָב שרה'ן פון רבקה'לען).

שרה.

משוגע איז ער געוואָרען היינט, וואָס טהוט זיך דאָס מיט איהם?

(נעהמט זיך ווייטער צו צורוימען).

## דער „פעטער"

(וועצט אַנירער רבקה׳לען נעבען זיך).

איך וועל דיך נישט שלאָגען... (נעהמט אַן מיט זיינע פינגער איהר דינגעם האַלז) ווען איך וואָלט דיר דעם האַלז אָבגעדרעהט אָט אַזוי, איי-דער דו ביזט אויפגעוואַקסען, וואָלט פאַר דיר גלייכער געווען און פאַר מיר גלייכער געווען... נאָר האָב נישט קיין מורא, איך וועל דיר גאָרנישט טהון... נישט איבער דיינע זינד האָט אונז גאָט געשטראָפט, איבער אוי־ערע. איך האָב דיך אָבגעהיט ווי מיין אויג אין קאָפּ, אַ ספר-תורה האָב איך געלאָזט שרייבען, פאַר דיינעט וועגען... איך האָב עס צו דיר אין שטיבעל אַריינגעשטעלט און דערצו געבעטען גאַנצע טעג, גאַנצע נעכט: היט אָב מיין קינד פון שלעכטס... מיך שטראָף, דיין מאַמע שטראָף, נאָר מיין קינד היט אָב... וועסט אויפ-וואַקסען, וועל איך מיט דיר אַ שדוך טהון... איך וועל דיר נעהמען אַ אָרענטליכען יונגען-מאַן פאַר אַ חתן... איך וועל אייך ביידען קעסט געבען... איהר וועט אייך ביידע לעבען...

## רבקה׳לע

(פון אונטער דער טוך).

איך האָב נאָך צייט חתונה צו האָבען... איך בין נאָך נישט אזוי אַלט.

## שרה.

דאָס רעדט נאָך אַקעגען...

## רבקה׳לע.

נאָר מיר ווילען זיי מאַכען פאַר אַ רבי׳צין, פאַר וואָס האָט די מאַמע נישט אַזוי פריה חתונה געהאַט?

## שרה.

האַלט דעם פיסק, וואָרום איך פאַטש עס דיר אויס! אויס-

געלערענט זיך דאָכ, איבער איין נאַכט זיך אויסגעלערנט!

רבקה׳לע

(ניט פערשטענדיג).

יאָ, איך ווייס שוין...

דער „פעטער“.

לאָז זי אָב! (האַסטיג) איך וויל זי נאָר איין זאַך פרעגען... נאָר איין זאַך, דעם אמת זאָג מיר... איך וועל דיך נישט שלאָגען, איך וועל דיר נישט אָנריהרען, נישט דו ביזט שולדיג... (קען דאָס וואָרט נישט אַרויסריידען) אָפען זאָג מיר, דאָס... דאָס... דעם גאַנצען אמת זאָג מיר... דעם אמת...

שרה.

וואָס פאַר אַ אמת זאָל זי דיר זאָגען? וואָס ווילסט דו פון איהר האָבען?

דער „פעטער“.

נישט דיך פרעג איך. (שטעלט זיך אויף, כאַפּט אָן רבקה׳לען ביי דער האַנד) דו שעם דיך נישט פאַר מיר... איך בין אַ טאַטע בין איך... פאַר מיר קענסט דו אַלץ זאָגען... זאָג אָפען... ביזט נאָך ביזט נאָך אַזוי ריין, ווי דו ביזט אַרויסגעגאַנגען פון דאַנען? ביזט דו נאָך אַ כשר יודיש קינד?

שרה

(רייסט אַרוים רבקה׳לען פון פעטערס האַנד).

וואָס ווילסט דו פון איהר האָבען; דאָס קינד ווייסט נישט פון קיין שלעכטס, לאָז זי אָב.

### דער „פעטער"

(האלט רבקה'לען פעסט ביי דער האנד, פרובט איהר קוקען אין פנים אריין).

דו זאָג מיר דעם אמת, איך וועל דיר גלויבען ... אין פנים אַריין קוק מיר... גלייך אין פנים אַריין... ביזט נאָך אַ כשר יודיש קינד? אין פנים אַריין קוק מיר, גלייך אין פנים אַריין! (בעמיהט זיך צו קוקען איהר אין פנים אריין. רבקה'לע בעהאלט דאָס פנים אין טוך).

### שרה.

פאַר וואָס נעהמסט דו נישט די טוך פון קאָפּ אַראָב? אין שטוב אין אַ טוך? (רייסט איהר די טוך פון קאָפּ אראָב, רבקה'לע לאָזט זיך נישט, בע-האלט דאָס פנים אין קאפּטען).

### דער „פעטער"

(שרייט).

דו זאָג מיר יעצט... שעם דיך נישט... איך וועל דיר גאָר נישט טהון. (האלט זי פעסט ביי די הענד, נעהמט זי צו צו זיך און קוקט איהר אין די אויגען). ביסט דו נאָך אַ כשר יודיש קינד? — זאָג מיר, דאָ אויפ'ן אָרט.

### רבקה'לע.

(פרובט פערשטעקען דאָס פנים אין קאפּטען.)

איך ווייס נישט...

### דער „פעטער"

(שרייט).

דו ווייסט נישט... דו ווייסט נישט, נאָר ווער דען ווייסט?.. ווי הייסט: דו ווייסט נישט?.. דעם אמת יאָגען... זאָג, ביסטו נאָך...

רבקה׳לע.

(גיט זיך אַ ריס ארויס פון פעטער׳ס הענד).

און די מאַמע האָט געמעגט?.. און דער טאַטע האָט געמעגט?.. איך ווייס שוין פון אַלץ... (פערשטעלט זיך דאָס פנים מיט די הענר) שלאָגטס מיך, שלאָגטס מיך!

(שרה לויפט צו מיט אויסגעשטרעקטע הענד, וויל רבקה׳לען שלאָגען, דער פעטער שטופט זי אָב מיט איין קלאַפּ, זעצט זיך אַוועק בלייך אויף זיין שטוהל, אָטעמט שווער אָב. רבקה׳לע זעצט זיך אויף דער ערד, וויינט הויך. אַ שטילע לאַנגע פויזע. שרה דרעהט זיך אין שטוב אַרום. מען זעהט, אַז זי ווייסט נישט, פון וואָס צו אָנפאַנגען. נאָך אַ לאַנגע פויזע נעהמט זי דעם בעזעם און קעהרט אויס די שטוב שווייגענדיג, ווי זי וואָלט עפּעס געגנב׳עט, נאָכהער געהט זי צו צו רבקה׳לען, הויבט זי אויף ביי דער האַנד און פיהרט זי אַריין אין צימער. דאָס אַלץ טהוט זי שווייגענדיג. דער „פעטער" גלייך אויף זיין אָרט. רבקה׳לע אָב).

שרה

(קומט אַריין פון רבקה׳לעס צימער, לויפט צו צום „פעטער", חאַפּט איהם אָן פאַר דער האַנד, בעטענדיג זיך).

יעקל, בעדענק דיך, געדענק אין גאָט, ווער דאַרף דען פון עפּעס צו וויסען?... (פויזע) שטיל דיך איין... (פויזע) רבקה׳לע וועט חתונה האָבען, מיר וועלען נאָך נחת פון איהר דערלעבען...

דער „פעטער"

(שווייגט).

שרה

טהו אָן אַ קאַפּאָטע, זיי וועלען דאָך באַלד אָנקומען. (קוקט אויף דעם „פעטער", אָבהאַקענדיג) ווער דאַרף דען פון עפּעס צו וויסען?

דער „פעטער"

(שווייגט, גלאָצט מיט די אויגען אויף איין אָרט).

שרה

(ברענגט אריין דעם פעטערס ראָק, טהוט איהם אָן א הוט. דער „פעטער" לאָזט זיך אָנטהון.)

אַזאַ אונגליק... אַזאַ אונגליק... געה רעכט דיך אויף עפּעס... (אָנגעטהון דעם „פעטער", מאַכט זי אויף זיך גלייך די מלבושים, שטעלט אַלץ אין אָרד-נונג, לויפט אריין אין רבקה'לעס צימער. מען הערט ווי זי בעהאַלט עפּעס דערינען. לויפט באַלד צוריק ארויס.) שוין שפּעטער מיט דיך זיך אָבּרעכענען. (קוקט אַרום די שטוב, אויב עס איז אַלץ אין אָרדנונג. גלייכט נאָך עפּעס אויס.) היינטיגע צייטען... חאָווע אויף קינדער, אוי, אוי...

(אויף די טרעפּ הערט מען אויפגעהענדע טריט).

שרה

(לויפט צו צום „פעטער", ציהט איהם ביים אַרבּעל).

זיי געהען, געדענק אָן גאָט... יעקל... אַלס קען נאָך גוט ווערען...

(עס קומען אריין ר' אלי און א פרעמדער יוד).

שרה

(שטופּט אַרונטער די האָר אונטער'ן שייטעל, שטעלט זיך אין די טהיר, גרייט אויפצונעהמען די געסט).

ר' אלי.

גוט מאָרגען.

שרה.

גוט מאָרגען — גוט יאָהר. ברוך הבא, (אַביסעל צומישט. שטעלט זיי אנידער א שטוהל. בעט זיצען).

ר' אלי

(פרעהליך).

וואו איז דער מחותן? (ווכט מיט די אויגען דעם „פעטער").

שרה

(מיט אַ שמייכעלע צום „פעטער").

יעקל, פאַרוואָס ווייזט דו דיך נישט? (זי רוקט נעהנטער דעם שטוהל

צום „פעטער".

(די יודען גיבען איהם אָב שלום-עליכם, ועצען זיך.)

ר' אלי

(בעוועגט מיט די הענד).

לאָז מען זיך באַלד נעהמען צום ענין. (צום פרעמדען יוד, ווייזענדיג אויפ'ן „פעטער") דער יוד וויל זיך מיט אייך משדך זיין, ער האָט אַ כשר'ע, יודישע בתולה, וויל ער איהר געבען אַ מאַן אַ תלמיד-חכם, קעסט כל ימיו.

דער פרעמדער יוד.

מהיכי תיתא!

דער „פעטער"

(שטעלט זיך אויף פון טיש.)

יאָ, ר' יוד, אַ כשר'ע יודישע בתולה... אַ כשר'ע...

ר' אלי

(צום פרעמדען יוד).

פינף הונדערט רובל במזומנים וויל ער באַלד מסלק זיין צו די תנאים... קעסט כל ימיו... האַלטען איהם ווי אַ אייגען קינד.

דער פרעמדער יוד.

מילא מיין סחורה האָב איך נישט אויסצוריהמען, ער זיצט אַ צוויי יאָהר און לערנט — האָט ער די הוראה אין קעשענע.

ר' אלי.

דאָס ווייסט מען טאַקע — דער יוד וועט איהם האַלטען ווי אַ אויג אין קאָפּ, פון כל טוב וועט ער דאָ האָבען, ער וועט קע־ן זי־צען און לערנען יום ולילה.

דער „פעטער".

(ווייזט אויף רבקה'לעס צימער.)

יאָ, דאָרט, דערינען וועט ער זיצען און לערנען אין דער

הייליגער תורה... איך האָב אַ כשר׳ע, יודישע טאָכטער. (געהט אריין אין רבקה׳לעס צימער און שלעפּט אַ־זיס מיט געוואַלד רבקה׳לען ביי דער האנד, זי איז נאָך האַלב אויסגעטאָן, די האָר צופּלאָשעט. ווייזט אויף רבקה׳לען) אַ כשר׳ע יודישע בתולה וועט חתונה האָבען פאַר אייער זוהן... האָבען כשר׳ע, יודישע קינדער... ווי יעדע יודישע טאָכטער... (צו שרה׳ן) וואָס, ניין? (לאַכט ווילד צום פרעמדען יוד). יאָ, יאָ, מחותן, אַ כשר יודיש ווייבעל זיין... מיין ווייב וועט זי אונטער דער חופּה פיהרען... אין „הייזעל״ אַראָב! אונטען! (ווייזט אויפ׳ן קעלער) אין „הייזעל״! (שלעפּט רבקה׳לען ביי די האָר צו דער טהיר) אין „הייזעל״ אַראָב!

שרה

(לויפט צו ווילד).

געוואַלד, מענשען, ער איז משוגע געוואָרען! (זי וויל אַרויסרייסען רבקה׳לען).

(דער „פעטער״ שטופּט זי אָב, שלעפּט ארויס רבקה׳לען פאַר די האָר).

דער „פעטער״

אין „הייזעל״ אַראָב... (אָב מיט רבקה׳לען, הינטער דער סצענע הערט מען רבקה׳לעס געוויין).

דער פרעמדער יוד.

(ערשטוינט און דערשראָקען).

וואָס איז דאָס?

(ר׳ אלי ווינקט צו איהם. שלעפּט איהם ביים אַרבעל און ווייזט איהם אויף דער טהיר. דער פרעמדער יוד שטעהט נאָך ערשטוינט. ר׳ אלי ציהט איהם צו דער טהיר, געהען אָב. פּויזע.)

דער „פעטער״

ברענגט צוריק צושלעפּען ביי דער האנד ר׳ אלי׳ן, וועלכען ער האָט אויף די טרעפּ געפּאַקט.)

דאָס ספר־תורה נעהמט אייך מיט, איך דאַרף עס שוין נישט מעהר!

(פאָרהאַנג).

שלום אַש

# דער בּונד
# פון די שוואכע

א דראַמע אין דריי אַקטען.

# פּערזאָנען:

**סטעפאַן באַרטקאָוויטש.** אַ גוי אין די פיערציגער; אויפזעהער פון דער צוקער־פאַבריק „קאָנסטאַנטין“, עס פעהלט איהם איין האנד. אין דריטען אַקט ערשיינט ער אַלס „גנב“.

**יאַדוויגאַ באַרטקאָוויטש.** זיין סעפּאַרירטע פרוי, אין זיינע יאָהרען.

**אַנדרזשעי.** אַ געוועזענער קונסט־מאַלער, היינט אַ שטובען־מאַלער.

**העלענאַ.** זיין פרוי. אין דריטען אַקט ערשיינט זי אַלס די „מאַדאָנע“.

**יאַש**
**מיכאַל** } זיינע קינדער פון 6 ביז 9 יאָהר.
**טאַלשאַ**

**אַ איד.** אַ שטובען־מאַלער.

**שילער** פון אַ מאַלער־אַקאַדעמיע.

**פאַנטאַסטישע פיגורען:** די פּראָסטיטוטקע, דער שיכור, דער בעטלער, דער ממזר, דער נאַר, דער גנב, די פרוי מיט די קינדער.

# ערשטער אַקט.

די סצענע שטעלט פאַר א גרויסען פויערשען הויף אין א קליין שטעדטיל אונטער דער שטאָדט, פון אלע זייטען קומען זיך אָן פעלדער צו געהען, טייל שוין בעארבייטע, טייל נישט. דער הויף איז ארומגערינגעלט מיט א צוים. דער צוים איז באַזעצט מיט אלטע טאָפּאָלען, צווישען זיי אַנ'אלטער צלם. ווייט אין הינטערגרונד בערג. די ווייבסעל גיסט זיך הינטער זיי. אין הויף א פויערשע שטוב מיט צוויי פענסטער, א גרויסע וועראַנדע. אפויער שטעהט אויף דעם פעלד ביי דעם פענסטער און בעארבייט די ערד. עס איז פריהלינג. די בוימער פאַר דעם פענסטער און פאַר דער וועראַנדע בליהען שוין קירשען־בליהעכץ. עס איז א הערליכער זונען־נאָך־מיטאָג. אלעס איז בעגאָסען מיט ליכט.

אין הויף ווייזט זיך אנדרזשעי, עס איז א הייכער מאנספערשוין, א אָבגעלעבטער, מיט דארע, לאנגע צעשויבערטע האר, שטארק געקנייטשט געזיכט, ארימליך אנגעטהאָן, מיט א שניט פון א פּראָווינציעלען כלי־זמר. די הענד אין די הויזען־קעשענעס און פייפט א ליעד. די קינדער לויפען איהם נאָך און שרייען.

אַ נ ד ר ז ש ע י

צו יאדוויגען.

ווייסט, ווער עס איז געקומען? די שוהלע איז דאָ, דער פּראָפעסאָר איז מיט דער שוהלע אויפן לאַנדשאַפט געקו־מען. אָ, א חברה, זאָג איך דיר, די קאָלעגען.

י אַ ד ו ו י ג אַ.

דו דרעה זיך אַרום, דרעה זיך אַרום, און דער איד וועט באַלד קומען נאָך דיר, ער איז שוין דאָ געוועזן דיך זוכען אייניגע מאָל.

אַ נ ד ר ז ש ע י.

קאָן ער זיך אויפ׳ן קאָפּ שטעלען, היינט געה איך נישט שטובען מאָלען, עה, די קאָלעגען וועלען זיך אַודאי באַלד אויפ׳ן באַרג וויזען, דאָס לאַנדשאַפט מאָלען. דאָס וועטער היינט פונקט צום לאַנדשאַפט מאָלען... די לופט אַזאַ קלאָרע. ער קוקט זיך אין הימעל צריין. און די וואָלקען, אָ־וואָ־אָ־וואָ.

י אַ ד ו ו י ג אַ.

דו האָסט אַ פּנים פערגעסען; דו מיינסט, אַז דו ביסט נאָך אין די יונגע יאָהרען. זי חייזט אויף דער צווייטער טיר. זיי האָבען קיין ברויט נישט דערינען. די קינדער דרעהען זיך פאַר׳ן טיר אַרום ווי די הונגעריגע פויגעליך.

אַ נ ד ר ז ש ע י.

קאָן זיך טאָהן וואָס עס איז, היינט גיי איך נישט שטובען מאָלען, היינט בין איך נישט קיין שטובען־מאָלער. ער כאַפּט א צווייג פון די בוימער און ציהט איהם צו זיך. נאַ זעה, ווי גרויס

דאָס בליהעכץ איז שוין, עס שפּאַלטען זיך שוין קנאָספּען.
זעה, די בלעטליך ווייזען זיך שוין.

יאַדוויגאַ.

פאָרזיכטיג, משוגע׳נער, וועסט די צווייג אָברעכען.

אַנדרזשעי

פּיעשטשעט די צווייג ווי מען פּיעשטשעט אַ קליין קינד.

האָב נישט קיין מורא, איך וועל דעם קיין שלעכטס נישט טהאָן. אַז איך דערזעה דאָס ווי עס עפענט דאָס מיילעכעל און די גרינגע קעפּליך הויבען זיך אָן אַרויסצוברעכען, ווערט אין מיר עפּעס — אָ, איך וויל צוריקכאַפּען דאָס, וואָס איך האָב פערלאָרען, עס ווערט אַזוי באַנג... אַזוי באַנג... פּלוצים. האָב נישט קיין מורא, איך וועל נאָך אַלעס לאָזען שטעהען און איך וועל אַוועקפאָהרען נאָך פּאַריז נאָך, דאָרט. ער רופט צום פויער האַלב אין שפּאַס. נו, ווי זאָגסט דו, פּעטערעל, בין איך אַ פאַרפאַלענער מענש, אָדער האָב איך נאָך האָפענונג?

יאַדוויגאַ

קוקט איהם אָן.

אַוועקפאָהרען? דו? לעג דאָך אַוועק דיינע שטיק. אַ קראַנק ווייב מיט אַ האַלב טוץ קינדערליך, וואָלסט ליעבער אַרבייטען געגאַנגען, ברויט דעם ווייב געבראַכט. צום פויער. הער נישט אויף איהם, ער מאַכט זיך צום נאַר.

דער פויער

מיט אַ געלעכטעריל.

איך קאָן דעם פּאַן זעהר גוט, האָט ליעב געלעכטער׳ס.

אַנדרזשעי.

דאָס איז אַלעס דער פריהלינג שולדיג. כ׳לעבען, אַז איך דערזעה די קנאָספּען און פיהל דעם לופט דאָ, און אָט די בלימליך וואָס דער פריהלינג ציהט פון יעדען קשאַק זיין בליהעכץ אַרויס, דאַכט זיך מיר, אַז איך בין אייך אַ פערוואָרפענער קשאַק אונטער אַ צוים ערגעץ און דער פריהלינג האָט צו מיר אויך דערגרייכט. פון דערווייטענס ווייזט זיך העלענקאַ, זי איז אָרימליך געקליידעט מיט אַ פּנים פון אַ הייליגער געפּייניגטע.

י אַ ד ו ו י ג אַ.

דאָס ווייב זוכט דיך,

אַ נ ד ר ז ש ע י

דערזעהט העלענקען, וועלכע וואגט נישט אהינצוגעהן.

וואָס איז?

ה ע ל ע נ אַ

מיט מורא.

ביזט נישט געגאַנגען צו דער אַרבייט, דער איד וויל קיי געלד נישט געבען.

אַ נ ד ר ז ש ע י.

און צו דעם האָסט דו מיך געבראַכט, אַז איך זאָל אַ שטובען־מאַלער ווערען. דענסטמאָל, ווען דער פּראָפעסאָר קומט צו פאָהרען און איך זעה די קאָלעגען קומען אויפ'ן לאַנדשאַפט, זאָל איך צום איד געהען שטובען מאָלען. זעה, צו וואַס דו וואָסט מיר געבראַכט.

ה ע ל ע נ אַ

מיט אונטערטעניגקייט און מורא.

די קינדער ווילען עסען.

אַ נ ד ר ז ש ע י.

איך וויים, אַז דו וואָלסט געוואָלט, אַז איך זאָל נעהמען דעם פענזעל און געהן דורך דער שטאָדט, אַז די קאָלעגען זאָלען זעהען, אַז איך בין אַ שטובען־מאַלער; איך וויים, אַז דו וואָלסט עס געוואָלט, אַז דענסטמאָל, ווען עס ברענט אין מיר, ווען עס האָט מיך געגעבען אַ נעהם אָן דער חשק, איך ווער בעגייסטערט, וואָלסט דו געוואָלט, אַז איך זאָל צום איד שטובען מאָלען געהען. ער געהט צו צו יאדוויגען. זעהען זי דעם גורל פון אַ קינסטלער, וויל ער זיך שוין אַמאָל נעהמען צו דער קונסט, קומט דאָס ווייב, ברויט פאַר די קינדער. אין האמלע־טישען טאָן. אָדער ברויט, אָדער די קונסט, דאָס איז די פראַגע? ניין, אַ קינסטלער טאָר נישט חתונה האָבען, טאָר נישט קיין קינדער האָבען, דאַן איז ער אַ פערפאַלענער מענש.

פאַ־י יאדוויגא נעהמט ארויס קליינגעלט פון טאש און גיט איהם.

**אַ נ ד ר ז ש ע י**

גיט איבער דאָס געלד העלענקען, וועלכע געהט אָב מיט שווייגען צו יאַדוויגען.

דאָ איז אַ אַרטיסט, מאַדאַם. אַ אַרטיסט, אַז עס נעהמט איהם אָן דער חשק, אַז עס קומט אויף איהם די בעגייסטערונג, מעג אַפּילו דאָס ווייב מיט די קינדער הונגערען, וועט ער אויף גאָרנישט קוקען. ער קוקט זיך איין אין הימעל אריין. אָה, וואָס פאַר אַ וואָלקען... וואָס פאַר אַ וואָלקען, ווי עס ציהט זיך... און דעם קאָליער זעה, זעה, וואָס פאַרע פאַרבען... אָה, וואָלט איך געוואָלט אָט אַזוי, אָט אַזוי... איך וואָלט זיי געוויזען, ווער עס וואָלט בעסער אויפגעכאַפּט דעם וואָלקען, כאָטש איך האָב שוין אַזוי לאַנג דעם פּענזעל אין האַנד נישט געהאַלטען. לאָז מיך נאָר זעהען וואָס זיי מאַכען. געהט אריין אין שטוב, ברענגט ארויס אויף דער חערענדע פּענזלען מיט פאַרבען, אין אַ געלעכטעריל. מען איז דאָך אויך אַמאָל אין אַקאַדעמיע געווען, איך האָב דאָך אויך עפּעס אַ מאַדאָנע אין דער קירכע.

**י אַ ד ו ו י ג אַ.**

וואָס, דו געהסט שוין ווידער לאַנדשאַפטען מאָלען? אַהאַ, די שוהלע, יעדען פריהלינג, ווען די שוהלע קומט, נעהמסט דו דיך לאַנדשאַפטען מאָלען און קיינמאָל ענדיגסט זיי נישט. וויפיעל האָסט זיי שוין דאָרט? יעדען פריהלינג אַלאַנדשאַפט.

**אַ נ ד ר ז ש ע י**

בעקוקענדיג די פאַרבען מיט דעם פּענזעל.

דו, פאַניע, לאַך נישט אויס אַ אַרטיסט. כאָטש ער איז געפאַלען, כאָטש ער האָט אַ ווייב מיט זעקס קינדערליך, ווי איך האָב, וועלכער בעדאַרף אויף זיי אַרבייטען, דאָך, אַז עס נעהמט איהם אָן די בעגייסטערונג, דער חשק, אָה, קען ער גרויסעס אויפטהאָן. און דאַן ווערט ער ווידער אַזוי בעריהמט, ווי ער איז געוועזען. ווען ער האָט די מאַדאָנע געמאָלט. דו געדענקסט נישט, ווען איך האָב די מאַדאָנע. ער בעקוקט די פאַרבען. ווייסע פאַרב איז דאָ, וועט סטייען, גרויע פאַרב איז נישטאָ, און גרויע פאַרב 10

דאַרף מען דוקא צו אַ לאַנדשאַפט אַ סך. ערד, לאָנקעס, בוימער, דאָס ווערט אַלעס מיט גרויע פאַרב געמאָלט. נור גרויע פאַרב איז ביליג, זעהער ביליג, ווייל זי ווערט פון ערד געמאַכט. ווייסע פאַרב קאָסט אַ סך. נאָר ווייסע פאַרב האָב איך נאָך, וועט סטייען.

**יאַדוויגאַ**

צו וועלכער ער האט געקוקט די גאַנצע צייט, ווען ער האט גערעדט וועגען די פאַרבען, נעהמט ארויס קליינגעלד און גיט איהם איבער מיט אַ ליבליעכען סאָן, ערנסט.

נו, פערטרינק עס נישט, ליעבער.

**אַנדרזשעי**

בעליידיגט.

קאָנסט דו נישט קיין אַרטיסטישע נשמה. אַ אַרטיסט וועט דיר אַלעס פאַרטרינקען, זיין ווייב מיט זיינע קינדער, נור ניט זיין פאַליטרע מיט די פאַרבען, נור נישט זיין לייווענט, אַזוי ווי אַ גנב וועט דיר קיין מאָל נישט זיין קאָלעגע אַרויסגעבען. וואָס מיינסט דו? ס'איז אַ שטוב אויסצומאָלען פאַר דעם איד, וואָס מען פערקויפט די פאַרבען און מען פערטרינקט דאָס געלד? דאָס איז. ווייזענדיג אויף דער פאַליטרע. די קונסט, און די קונסט איז ביי אַ אַרטיסט ער רופט אין דער צווייטער שטוב אריין. העלענאַ, העלענאַ, שיק אַרויס דעם שירם, דעם גרויסען שירם, לאָז מיך נור זעהן עפעס אַ אָרידענטליכע רעם. לויפט פלינק אין שטוב אריין, ברענגט ארויס לייוועגט מיט אַ רעם, נעמט זיך זיי צוצוקלאַפען אויף די טרעפעליך פאר די וועראנדע.

**יאַדוויגאַ.**

וואָס, אַ נייעס בילד? וואָלט אפשר אַ יושר געווען, זאָלסט דאָס ענדיגען, וואָס האָסט אָנגעהויבען פאַר אַ יאָהרען פריהלינג?

**אַנדרזשעי.**

קאָנסט דו נישט קיין אַרטיסט, פאַני, אַ אַרטיסט וועט דיר קיינמאָל נישט ענדיגען דאָס, וואָס ער האָט אָנגעהויבען. איינמאָל אַוועקגעלעגט—איז אויס, פון קאָפּ אַרויסגעפלויגען.

שטענדיג נייעס. ער ווייזט אויפן קאפ. פיעל אידעען זענען דאָ. עס קומט אין הויף אריין א איד איז א איינגעווייסטען כאלאט. צום איד. כ׳ווייס, איצקא, אַ שטוב אויסצומאָלען אויף פסח? ניין, ניין, היינט נישט. היינט בין איך נישט קיין שטובען-מאַלער. ער ווייזט איהם דעם לייוונד, וואָס ער קלאַפּט צו. זעהט, וואָס איך בין היינט?

דער איד.

אָבער געדענק אין גאָט, אַ האַלבע שטאָדט וואַרט מיט אַרבייט אויף אונז. אַרויסגעשטעלט די זאַכען פון די שטו-בען. ביים סוחר גאָלדבערג און ביי זילבערשטיינען וואַרטען אַלע כיט׳ן מאָלען, און איהר זענט נישט געקומען צו דער אַרבייט.

אַנדרזשעי

ארבעטענדיג ביי דער רעם.

היינט וועט איהר גאָרנישט מיט מיר מאַכען, היינט וועל איך נישט געהען צו דיר אַרבייטען. די קאָלעגען פון דער אַקאַדעמיע זענען געקומען אויפ׳ן לאַנדשאַפט. דער פּראָפע-סאָר איז דאַ.

דער איד

ווענדעט זיך צו דער פאני יאדוויגא.

און זאָגען זי, אַ גאַנץ יאָהר אויף דעם געוואַרט און געלד אויסגענומען, שטענדיג געלד, און היינט, ווען עס ברענט אונטער די הענד, לאָזט ער מיך אין מיטען. איך וועל דאָך אומגליקליך ווערען. די פאַרב שטעהט, די שטובען אויס-גערוימט. מען רייסט דאָך מיר די טירען אָב. וואָס טהוט זיך? ווילסט געלד, נאַ דיר געלד, איך וויל זיך נישט רע-כענען, אָבער קום צו דער אַרבייט.

פאַני יאַדוויגאַ

צו אנדרזשעיען.

כ׳לעבען, וואָלסט בעסער געטהאָן, וואָלסט צו דער אַרבייט געגאַנגען: לעג אוועק, ווערסט סיי ווי סיי גאָר נישט מאַ-כען.

אַ נ ד ר ז ש ע י

*אַרבײַטענדיג די רעם.*

װעט אײַך גאָרנישט העלפֿען, אָה, קאָנט איהר אָבער נישט קײַן אַרטיסט. *ער האָט געענדיגט די רעם און געהט פֿלינק אַרײַן אין שטוב.*

ד ע ר א י ד

*צו יאַדװיגען.*

עס איז דאָך נישט צו פֿערצעהלען, דאָס װײַב מיט די קינדער שטאַרבען פֿון הונגער. שיקען יעדן טאָג צו מיר נאָך געלד. נ׳װאָס קאָן איך טהאָן. פֿון װאַנען האָב איך? מען דאַרף דאָך זײַן אַ גזלן, אַ ראַזבאָיניק אויף זײַן אײגען װײַב און קינד.

א נ ד ר ז ש ע י.

*קומט אַרויס, אויפ׳ן קאָפּ אַ גרויסען רעמבראַנדישען קאַפּעליוש אויף דער שפּיץ גרזשיװע, אַ גרויסען שירם אונטער דעם אָרעם, די פּאַליטרע מיט די פּענזלען אויף די פּלײצעס פֿערװאָרפֿען מיט אַ אַרטיסטישע מינע.*

אַ אַרטיסט װעט דיר אויף גאָר נישט קוקען, װעט דיר אַלעס לאָזען שטעהן, װען עס נעמט איהם אָן דער חשק צו דער קונסט. *ער געהט אָב מיט אַ גרויסאַרטיגער אַרטיסטישער מינע.*

ד ע ר א י ד

*לויפֿט איהם נאָך.*

אָבער־ גוואַלד, װאָס טהוט זיך דאָ אין מיט׳ן ברען פֿון סעזאָן! איהר האָט דאָך אַ װײַב מיט קינדער, װאָס הונגערען, געהען דאָך אויס פֿאַר אַ שטיקעל ברויט, גוואַלד װי קען מען דאָס?

*אַנדרזשעי הערט איהם נישט, געהט אָב מיט דער פֿריהערדיקער אַרטיסטישער מינע, דער איד נאָך איהם, יאַדװיגאַ קוקט זײ נאָך און לאַכט ביז זײ פֿערשװינדען אונטערן טויער.*

*דאָס טויער עפֿענט זיך, עס פֿאָהרט אַרײַן אויף זײַן צװײרעדער סטעפֿאַן באַרטקאָװיטש. עס איז אַ ברײטבײניגער מאַנספּערשוין, שטאַרק מיט אַ בעװאַקסענער באָרד, הויכע ברעמען, שפּרינגט אַראָב פֿון פֿוהר, האַלטענדיג אין דער האַנד דרײַ בוימליך, דער אַרבעל אין טאַש אַרײַנגעלעגט.*

ס ט ע פ אַ ן  ב אַ ר ט ק אָ ו ו י ט ש.

גוט מאָרגען, מיין שען ווייבעלע, גוט מאָרגען.

פ אַ נ י  י אַ ד ו ו י ג אַ.

וואָס ביסט דו געקומען, עס איז דאָך נישט זונטאָג היינט?

ס ט ע פ אַ ן.

העי, מיין שען ווייבעל איז בייז, און איך האָב געמיינט, און איך האָב געמיינט—זעה, דער פריהלינג איז געקומען, זומער געוואָרען אויפ'ן לאַנד. ער ווייזט איהר די בוימעליך. זעהסט, וואָס איך האָב דיר געבראַכט?

פ אַ נ י  י אַ ד ו ו י ג אַ

וואָס פאַלסט דו אָן אויף מיר פון דער הוילער הויט? וואָס לאָזט דו מיך נישט צו רוה? מיר זענען דאָך צושיידט.

ס ט ע פ אַ ן

קראַצט זיך אין קאָפּ.

העי, העי, מיין שען ווייבעלע איז בייז, און איך האָב אורלויב גענומען, פון דער פאַבריק, אַהיים געקומען. איך האָב געוואָלט אַקאַציען־בוימליך פערפלאַנצען דאָ, אין דעם גאָרטען דאָ. עס איז פריהלינג, זומער, די פייגעליך פישטשען.

פ אַ נ י  י אַ ד ו ו י ג אַ.

איך דאַרף עס נישט, איך וויל עס נישט, פיהר דיר וואוהין דו ווילסט אַקאַציען־פערפלאַנצען. וואָס האָסט דו צו מיר? מיר זענען צושיידט, די קירכע האָט אונז סעפּאַרירט, דער ביסקאָפּ אַליין, וואָס קריכסט דו צו מיר? איך דאַרף פון דיר גאָרנישט, עס איז מיין הויז, מיין היים, איך וויל עס נישטליידען.

ס ט ע פ אַ ן.

איז נישט גוט. קראַצט זיך אין קאָפּ. איז נישט גוט. דאָס ווייבעל טרייבט פון הויז, און איך האָב פון די הערען אורלויב גענומען, און איך האָב מיר גערעכענט, איך וועל מיר אַהיים קומען צו מיין שען ווייבעל, ביים טיש זיך זעצען, דעם ראָק אַראָפּוואַרפען, דעם שפּאָדיל נעמען, מיין גאָרטען בעאַרבעטען, ווי אַלע פויערים טהוען, ווען עס קומט דער

פריהלינג. איך וועל זיך מיט מיין שען ווייבעל פרעהען, מתנות שענקען, די אַקאַציען פערפלאַנצען דאָ פאַר דעם הויז, פאַר די פענסטער, זיי בליהען אַזוי שען. איז נישט גוט, דאָס ווייבעל טרייבט פון הויז.

יאַדוויגאַ.

אָ, איך קאָן דיינע שטיקלעך! איך בין דיר נישט קיין ווייב, אַז דו זאָלסט צו מיר אַהיים קומען. האָסט דיך געבעטען, אַז דו ווילסט ביי אַ היימישען טיש פערברענגען, עס איז דיר באַנג, זאָגסט דו, איך האָב דיר ערלויבט. הויבסט דו שוין אָן אין דער וואָכען צו קריכען, אין מיט'ן העלען טאָג אַראָבצופאַלען, נאָך איבער נאַכט דאָ וועלען איבערבלייבען. אָ, איך קאָן דיינע שטיק! ניין, עס וועט דיר גאָר נישט געלינגען.

סטעפאַן.

ווער וויל דען עפעס פון דיר! איך קוק דיר נישט נאָך, איך מיש מיך נישט אַריין, טהו דיר וואָס דו ווילסט, מיט וועמען דו ווילסט. אַלע פויערים זענען אַהיים צו די ווייבער געגאַנגען, די פעלדער בעאַרבייטען, בין איך אויך אַהיים געקומען. עס איז באַנג אַליין אין פאַבריק צו זיצען, ווען דער פריהלינג קומט.

יאַדוויגאַ

רייסט איהם איבער.

מיט וואָס פאַר רעכט מיר נאָך צו קוקען? איך בין דאָך נישט דיין ווייב, אַז דו זאָלסט מיר נאָכקוקען.

סטעפאַן

שמייכעלט.

אַודאי נישט, אַודאי נישט, דו האָסט רעכט.

פאַני יאַדוויגאַ.

און מיט וועם איך וועל וועלען איז נישט דיין עסק, און צו לאַכען האָסט דו נישט וואָס, און דיינע בוימעליך קאָנסט דו דיר צו וועמען דו ווילסט פיהרען. דאָס פעלד בעאַרבייט מען שוין אָהן דיר. געפינען זיך דען נישט קיין אַנדערע

ווייבער אַחוץ מיר אויף דער וועלט, וואָס דו האָסט זיך אָנגעטשעפּעט אָן מיר?

ס ט ע פ אַ ן

שמייכעלט.

ניין, טייערינקע, איך האָב נישט צו וועמען צו פאָהרען. און וויל נישט קיינעם בוימליך פּערפּלאַנצען, אין אַז דער פריהלינג האָט זיך אין דרויסען בעוויזען, האָט זיך מיר צו קיינעם נישט פערבענקט, נאָר נאָך מיין יונג ווייבעלע, נאָך מיין שען ווייבעלע, אונזער גאָרטען, פאַר אונזער הויז. ער ענדיגט נישט דעם זאץ, שטעהט אין קוקט אויף די פּאַני יאַדוויגאַ מיט אַ שמייכעלע, פערקרימט זיינע ליפּען און ווייזט זיינע גרויסע ציינער.

פּ אַ נ י  י אַ ד ו ו י ג אַ

קוקט איהם אָן מיט פערראַכטונג.

אָה, איך האָב דיך פיינט! וואָלסט געוואוסט, ווי איך קאָן דיך נישט ליידען, וואָלסט דו נישט געקומען צו מיר.

ס ט ע פ אַ ן

מיט דעם זעלבען שמייכעל.

און איך האָב דיך דוקא ליעב, און אַז דער פריהלינג האָט זיך בעוויזען, און די בויערים האָבען געבעטען אַהיים צו די ווייבער, האָט זיך מיר צו קיינעם נישט געוואָלט, נאָך גאָר נישט געבענקט, נור נאָך מיין שען ווייבעלע, נאָך מיין קליין ווייבעלע, זי דאָ ער ווייזט אויף דער פּלייצע פון אַבגעהאַקטער האַנד. אויף מיין טראָהן צו זעצען און זי איבער דער שטאָדט צו פיהרען. ער שמייכעלט און ווייזט איהר די פּלייצע. קום, מיין ווייבעלע, אויף מיין טראָהן.

י אַ ד ו ו י ג אַ

קוקט אויף איהם מיט דער זעלבער פערראַכטענדער מינע, אַבשאָקלענדיג זיך פון איהם.

אָה, ווי אָבשויליך!

ס ט ע פ אַ ן.

און דו ביזט היינט דוקא אַזוי שען אַזוי... מיין טייער ווייבעלע, מיין קליין ווייבעלע.

זי ווענדעט זיך אָב פון איהם. עס קומט צו לויפען אַנדרזשעי מיט'ן הוט און פּאַליטרע.

יאַדוויגאַ
לצכם.
נו, שוין אַזוי פלינק צוריק געקומען? ווייטער אָנגעהויבען אַ לאַנדשאַפט?
אַנדרזשעי.
ניין. איך האָב געטראָפען די קאָלעגען, איך האָב זיי פער־בעטען אַהער, איך בין פאָראויס געלאָפען אָנזאָגען. דערזעהט סטעפאַנען. אָה, און דו ביז אויך דאָ! אָה, ווי גוט האָסט דו געטהאָן, וואָס דו ביזט געקומען. עס דערמאָנט אָן זונ־טאָג. צו טרינקען האָסט דו עפּעס געבראַכט?
סטעפאַן.
שווייג. ער ווייזט אויף יאַדוויגען. די פאַני איז בייז, זי טרייבט פון שטוב.
אַנדרזשעי.
פאַרוואָס? צו יאַדוויגען. אָה, לאָז איהם די פאַני דאָ לאָזען. עס איז אַזאַ שיינער טאָג אין דרויסען, עס איז איהם אַ שאָד אין דער פאַבריק צו יאָגען, כ׳לעבען.
סטעפאַן
ווינקט צו איהם.
בעט דו, גראַף, בעט, דו ביזט היינט אין לאַסקע.
יאַדוויגאַ.
יאָ, ער וועט זיך באַלד אָנשיכור׳ן און סקאַנדאַלען מאַכען, איבערנאַכט וועלען דאָ איבערבלייבען.
אַנדרזשעי
צו סטעפאַנען.
וועסט נישט ברויען? וועסט זיין אַרטיג, יאָ? און אַזוי ווי די זון וועט זיך זעצען אויף דער פוהר, און היידאַ צוריק אין פאַבריק אַריין—יאָ?
סטעפאַן שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.
אַנדרזשעי.
נו, זעהסט דו, איך זאָג גוט פאַר איהם. ער וועט זיין אַר־טיג, ער וועט גאָרנישט אָנברויען, לאָז איהם דאָ איבער,

פאַניע. כ'לעבען, עס איז אַ רחמנות, אַזאַ שענער טאָג איז דרויסען, פריהלינג, און ער איז דאָך אַ גוטער יונג. ער קלאַפּט איהם אויף דער פּלייצע. נו, זעץ דיך אַוועק. אַזוי. און צו טרינקען האָסט דו עפּעס געבראַכט? סטעפאַן ווייזט אויף דער פוהר. אזוי איז רעכט. נאַ געדענק, איך האָב גוט געזאָגט. אַהאַ, איך זעה שוין די קאָלעגען. צו יאַדוויגען. די פאַני וועט דאָך גאָרנישט האָבען געגען, דיר אויף אַ גלעזעלע צו פערבעטען. עס זענען וואוילע יונגען, אָנפאַנגער ערשט, קינדער נאָך, אָבער בּעגאַבּטע בעסטיעס, ראַפאַעל'ס סאַמע, רעמבראַנד'ס סאַמע. ער רופט זיי פון דער וועראַנדע אראָב, לויפט אין הויף, אין דער פאָרטקע ווייזען זיך צוויי-דריי יונגע לייט שילער פון מאלער-אקאַדעמיע. ביטע, לאָזען די הערען ערלויבען, ביטע. זיי קומען אריין. אַנדרזשעי שטעלט פאָר. די מאַדאַם פון הויז, פאַני באַרטקאָוויטש, פאַן באַרטקאָוויטש.

**יאַדוויגאַ.**

ביטע, לאָזען די הערען. די הערן שטעלן זיך פאָר. נ'וועל איך אין קיך געהען, זעהען וואָס הערט זיך מיט טהע.

**סטעפאַן.**

וואָס טהע, דאָס איז אַ ווייבערשע זאַך, איך וויים וואָס די הערען האָבען ליעב. נעהמט ארויס פון קעסענע צוויי פלעשליך קאָניאַק מיט דעם זיך ערוואַרימען, וואָס?

**אַנדרזשעי.**

דאָס איז אַ ביסרע בעסטיע. אויף סטעפאַנען. דער ווייסט צו טרעפען אין סאַמע מיט'ן. ער גיסט אין די גלעזליך. לאָזען די הערען ערלויבען. איך וויים, וואָס הייסט אַזוי שטעהן אויפ'ן פעלד און מאָלען די לאָנקעס, די הענד ווערען שטייף, מען דערוואַרימט זיך אַ ביסעל, פליהען די אידעען אַליין אין קאָפּ אַריין. צו דער פאַני יאַדוויגאַ. ביטע, לאָז די פאַני מיט אונז ערלויבען. צו די סטודענטען אויף יאַדוויגען. אַ גרויסע ליעבהאָבערין פון אונזער קונסט. אוי, שוין ביט איינעם פון אונזערע ברידער פון נויט אַרויסגעהאָלפען. מיט'ן גלעזיל צו איהר. קאָלעגען, קיין לעק נישט פריהער. רינגלען ארום די מאַדאַם מיט די גלעזליך. אויף דיין וואָהל, פאַניע.

פ אַ נ י  י אַ ד ו ו י ג אַ

מיט אַ שמייכעל.

אַז איהר ווילט עס. אויף אייער וואָהל, הערר‏ן.

אַ ל ע.

בראַוואָ, בראַוואָ!

אַ נ ד ר ז ש ע י.

היינט איז די רייהע ביי אונז.

ס ט ע פ אַ ן.

נור נישט רעדען צו ערשט, צו ערשט טרינקען.

אַ נ ד ר ז ש ע י

גיסט ווידער אָן די גלעזליך.

ביי וועם שטודירען די הערר‏ן, ביי אַלכאָוויטשען? אָ, דאָס איז אַ שטאַרקער קינסטלער. איך האָב זיינע בילדער אין קונסט־אויסשטעלונג געזעהען. מיט אַ פערלעגען שמייכעלע. איך בין דאָך אויך אַמאָל אַ קינסטלער געווען, אין אַקאַדעמיע געווען, מיט׳ן פּראָפעסאָר דאָ אויפ׳ן לאַנדשאַפט געקומען, יאָ, יאָ, הערר‏ן, מיט סטאַכאָוויטשען, ביי דעם גרויסען סטאַכאָוויטשען געלערענט, נאָר דאָס איז שוין לאַנג, זעהר לאַנג — שוין אַלעס פערגעסען. אַז דו זיצסט דאָ אין דעם העק, אין דעם קליינעם שטעדטיל.

ד י  ס ט ו ד ע נ ט ע ן

צווינקען זיך מיט איראָניע.

ביי סטאַכאָוויטשען! אָ־וואָ, קאָלעגע, איהר הערט, ביי סטאַכאָוויטשען אַליין!

ס ט ע פ אַ ן

קלאַפּט אנדרזשעיען אין דער פּלייצע.

נאָך ווי הייסט, הערר‏ן, אַ גאַנצער ראַפאַעל געוועזען, אַ מאַ־דאַנאַ פאַר דער קירכע געמאָלט. מיט רחמנות. יעצט איז ער נעבעך געפאַלען, אין אָרימקייט דאָ, אַ שטובען־מאָלער גע־וואָרען.

אַ נ ד ר ז ש ע י

בעשיידען.

אָה, אַ מאַדאָנע, אַ ראַפאַעל, וואָס ער זאָגט דאָרט. געמאָלט אַ הייליג בילד פאַר די קירכע, דאָס, וואָס הענגט דאָ פאַר'ן נייעם אַלטאַר, האָבען עס די הערךן געזעהן? אַ מאָדעל גע־האַט אַ שענעם.

ס ט ע פ אַ ן.

פאַרוואָס רופסט זי דען נישט אַריין, לאָז זי זיך אויך דאָס האַרץ דערכאַפּען—זאָלען די הערךן דאָס מאָדעל זעהען.

ד י ס ט ו ד ע נ ט ע ן.

יאָ, יאָ. צו אַנדרזשעיען. לאָז זי דער קאָלעגע אַריינרופען, מיר. ווילען דאָס מאָדעל זעהען.

אַ נ ד ר ז ש ע י.

אָה. צו סטעפאַנען. שווייג, זי האָט זיך ניט אין וואָס אַרומ־צוהילען, פאַר מענשען זיך צו ווייזען. צו די סטודענטען. יאָ, יאָ, אַזוי איז דאָס געווען אַמאָל, קאָלעגען. אין א הייטערען טאָן. מיר מיט סטאַכאַוויטשען לאַנדשאַפטען געפאָהרען מאָלען, מאַדאָנעס פאַר דער קירכע געמאָלט, יאָ, אַ פרייער קינ־סטלער געהייסען, לאַנגע האָר געטראָגען, אין די קאַפּעען געזעסען, מענשען האָבען דרך־ארץ געהאַט. היינט זעהט איהר זיץ איך דאָ אין דעם האַק, אַרבעט ביים איד, אַ שטובען־מאָלער געוואָרען. נור עס מאַכט נישט אויס, קאָלעגען, איך זאָג, אַ קינסטלער איז שטענדיג אַ קינסטלער! מעג ער זיין געפאַלען, ווי ער איז. עס ציט איהם צו דאָס זייניגע, ווי אַ ציגיינער, און אַז איך דערזעה אייך, ווי איהר קומט מיט'ן פריהלינג דאָ אַהער אויפ'ן לאַנדשאַפט, וועקט זיך אין מיר דאָ עפּעס אויף... ווערט מיר באַנג, קאָלעגען. אָה. נישט פערפאַלען, אַלעס נאָך איבערלאָזען, קאָלעגען—אַז עס וועט זיך אין מיר ערוועקען, אַלעס איבערלאָ־זען, נאָך פאַריז פאָהרען, נאָך פלאָרענץ. דאָרט, וואו די גרויסע מייסטער, זעהען אַ ראַפאַעל, אַ לעאָנאַרדאָ־דאַ־ווינטשי. אָה איך קאָן זיי, קאָלעגען, איך האָב פון זיי גע־הערט.

ס ט ע פ אַ ן

שטעהט די גאַנצע צייט, וואָס אַנדרזשעי רעדט און שמייכעלט איהם אין פּנים אַריין, ציהט דאַן אַראָב דאָס ווייסע טישטוך פון טיש, און געהט אָב, זאָגענדיג אין אַנדרזשעי׳ס סאָן.

נאָך פלאָרענץ, נאָך פּאַריז, אַ ראַפאַעל, אַ לעאָנאַרדאָ־דאַ־ווינטשי—אָה, קאָלעגע.

אַ נ ד ר ז ש ע י.

שרייט אים נאָך.

דו לאַך, דו לאַך און איך זאָג דיר, אַז אַ קינסטלער מוז צו ערשט מיט׳ן קאָפּ אין דער ערד ליעגען, און פון אונטען אַרויף זיין קונסט אויפצוהויבען. נישט וואַהר, קאָלעגען?

א י י נ ע ר פ ו ן ד י ס ט ו ד ע נ ט ע ן.

פאַר וואָס האָט דער קאָלעגע די אַקאַדעמיע פערלאָזט? צו

די חברים מיט איראָניע. אַ טאַלאַנט געווען.

אַ נ ד ר ז ש ע י.

פיעל צו פערצעהלען. אַהער געקומען מיט׳ן פּראָפעסאָר אויף לאַנדשאַפט, אַ מעדעל דערזעהן, פערליעבט זיך און געבליבען ביז היינטיגען טאָג.

ד י ס ט ו ד ע נ ט ע ן.

אָ־וואָ, דאָך נישט אין די מאַדאָנע?

אַ נ ד ר ז ש ע י

שמייכלענדיג שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

אָבער יאָ. איין קינד געהאַט, נאָך איינס, דריי, פיער, אַלץ געזאָלט זיך אַרויסרייסען, אין אַקאַדעמיע צוריק, געבליבען זיצען. זיצען, ביז אין די אויערען. צום איד געגאַנגען שטובען מאָלען. אָט אַזוי זיצט מען דאָ טיעף אין דער אַדמה ביז איבער די אויערען.

א י י נ ע ר פ ו ן ד י ס ט ו ד ע נ ט ע ן.

אין דער קירכע די מאַדאָנע, וואָס?

אַ נ ד ר ז ש ע י

נאָכדענקענדיג.

און וואָס מיינט איהר, טיילמאָל געהסט דו אַריין אין די קירכע און דו זעהסט, ווי מענשען פאַלען אויף די קניען דער־

פאַר, בעטען פאַר איהר, צינדען באַר איהר ליכט אָן, פער־
געסט דו, אַז דו האָסט דאָס געמעָלט און וואַרפסט דיך פאַר
איהר און גיסט פאַר איהר דאָס האַרץ אויס.

סטעפאַן ברענגט אהער צו פיהרען העלענען, זי איז איינגעוויקעלט אין דעם ווייַ־סען ליילעך, וואָס ער האָט פון טיש אראָבגעצויגען, איהר טרויעריג, אויסגע־מאָטערט געזיכט, דאָס קוקט ארויס פון ווייסען ליילעך, מאַכט דעם איינדרוק, ווי א געזיכט פון א הייליג-געפיינינגטע. זי געהט פאַמעליך, שוואַך, ווי זי האַלט פון קרייך געגאַנגען, און איהרע שווארצע אויגען שטראַהלען, ווי ליכטער ארויס פון איהר אָבגעשטאָרבען בלייך פּנים

ס ט ע פ אַ ן

פיהרט זי.

קומט דאָך מיט אונז. איהר וועט זיך אויך דאָס האַרץ דער־
כאַפּען. ער רופט צו אנדרזשעיען. הע, ראַפאַעל, וואָס נעהמסט
דו נישט דיין מאַדאָנע אויף?

ד י ס ט ו ד ע נ ט ע ן

הויבען זיך אויף פון די פלעצער, קוקען פון דערווייטען צו איהר.

דאָס איז דאָס מאָדעל.

אַ נ ד ר ז ש ע י

צו די סטודענטען.

דאָס בילד אין קירכע איז אַנדערש, קאָלעגען. ער הויבט זיי־
אָן צו מאָלען דאָס בילד ביז סטעפאַן מיט העלענען קומען אָן. דער
שטערן איז הויך, גלאַטיג, קיין איין פאַלד נישט אין איהם,
און די בעקעליך זיינען רונדיגע, רויטליכע, פולע, און אויי־
גען, קאָלעגען, לעבעדיגע, פרישע, און ליפען, און אַ ברוסט
דאָ הויך, אַ געהויבענע, און צעפּ צוויי לאַנגע. יאָ, דאָס בילד
איז גאַנץ אַנדערש, קאָלעגען.

די פאַרהאַנג פאַלט אין דער פויזע, ווען אנדרזשעי מאָלט דאָס בילד און סטעפאַן
פיהרט צו העלענען.

# צווייטער אַקט.

אַ פינסטערע אָרעמע שטוב, אַ לעמפּיל ברענט אויפ'ן אויווען סונקעל, ביים שיין זעהט אַלעס אויס ווי פּעקליך ליעגען. בעטען, צובראָכענע וויעגען. קינדער וויינען. איבער דער שטוב דרעהט זיך ווי אַ שאָטען העלענאַ מיט אַ פערבונדען פּנים, טרעט צו פון קישעל צו די וויינענדע קינדער. פון דרויסען הערט זיך דאָס מאָיאָחע געבעט-געזאַנג ביים קרייץ. עס איז אַהאַרץ-ריי־סענדעס קאַטאָלישע קירכען-געזאַנג, וועלכעס איז מעהר עהנליך צו אָפּגעריסענע געשרייען, וואָס קומט אַהער פון אַ ווייטען עכאָ און וואָס בע־שטעהט נור פון די ווערטער: „סאָטע אין הימעל, ערבאַרם זיך איבער אונז! „זוהן, אויסקויפער פון דער וועלט, גאָט, ערבאַרם זיך איבער אונז!“ „הייליגער גייסט, גאָט, ערבאַרם זיך איבער אונז!“ „הייליגער דרייאיינציגער גאָט, ערבאַרם זיך איבער אונז“ אַמאָל איז דאָס געזאַנג העכער, אַמאָל נידריגער

װי טהיר עפענט זיך, אנדרזשעי פיהרט אריין דעם שיכור'ן סטעפאַן, װעלכער רײסט זיך פון איהם.

אַ נ ד ר ז ש ע י.

בעדענק, װאָס דו טהוסט, בעזין דיך, בעזין דיך, װעסט מאַכען אַ גאַרישקײט. זי װעט שרײען, שיקען נאָך פּאָליצײ, עס װעט אַרױסקומען אַ סקאַנדאַל—בעדענק דיך.

ס ט ע פ אַ ן.

נײן, נײן, איך װיל נישט דאָ אַרײנגעהן, איך װיל נישט. דאָ איז פינסטער. דאָ איז אומגליק, דאָ איז טױט. איך װיל נישט. דאָ איז די גרוב פאַר די אַרױסגעװאָרפענע הינד. דאָ האַלטען זיך די הינד אויף, װאָס דער היצעל האָט אין שכאָדט געכאַפּט. איך װיל נישט דאָ אַרײנגעהן.

אַ נ ד ר ז ש ע י

װי ער װאָלט איהם נישט געהערט.

רוהיג דיך איין, זעה, זי װעט שרײען, בעדענק, זי װעט שוין זונטאָג אויך נישט לאָזען קומען. טאָ שפּאַן איין דעם װאָגען און פאָהר צוריק אין פאַבריק.

ס ט ע פ אַ ן

װי פאַר זיך.

איך װיל נישט צוריקפאָהרען אין פאַבריק. עס איז פריהלינג הײנט. דער זומער איז געקומען, איך האָב אורלויב גענומען. איך װיל צו מײן װײב פאָהרען, דעם גאָרטען בעאַרבײטען, אַקאַציען=בײמער פלאַנצען, איך װיל נישט צוריק פאָהרען אין פאַבריק, איך האָב אורלויב גענומען. איך װיל נישט דעם שעפער'ס הונד הײנט זײן, די פויערים מיט דעם באַטעק הײנט צו דער אַרבײט יאָגען. איך האָב אורלויב גענומען, פריהלינג איז הײנט, איך בין צו מײן

ווײַבעל אַהײם געקומען; עס איז מײן הײם, מײן פעלד,
מײן גאָרטען, מײן װײב;

אין דער צײט, װאָס סטעפּאַן רעדט אַזױ צו זיך, װינקט אַנדרושעי צום װײב, זי זאָל איהם אַ קישען געבען. זי װאַרפט אַ קישען צו. אַנדרושעי לעגט דאָס קישען אונטער סטעפּאַנ׳ס קאָפּ, לעגט איהם אַװעק, רעדענדיג צו איהם.

אַ נ ד ר ו ש ע י.

שטיל דיך אײַן, שלאָף דיך אױס, ניכטער דיך אױס. מאָר־
גען װעסטו צוריק פאָהרען אין פאַבריק.

ער פערלאָזט די טהיר געשװינד. מען הערט, װי ער שליעסט די טהיער נאָך זיי אָב.

ס ט ע פּ אַ ן

פיהלט זיך פּלוצלונג אַלײן, כאַפּט זיך אױף, לױפט צו צו דער טהיר, האַקט אין איהר, ברומט, זוכט בײ דער װאַנד און רעדט אַרײן אין דער צװײטער שטוב.

עפען אױף, עפען אױף, מײן שען װײבעל, לאָז מיך אַרײן,
איך בין אַהײם געקומען, פריהלינג איז הײנט. עפען אױף,
דײן מאַן קלאַפּט אין דײן טויעריל אָן, ליכטיג װײבעל
מײנס, לאָז מיך אַרײן, לאָז מיך אַרײן. דרעהט זיך אום. זעהט
װי העלענע שטעהט, קוקט איהם אָהן, שאָקעלט אױף איהם מיט׳ן קאָפּ.
אַזױ, פּאַני הינדין, פון דער שטוב מיך אַרױסגעטריבען מײן
שען װײבעל, און אין הונדען־נאָרע מיך אַרײנגעלאָזט, גע־
פינען מיר זיך אין צװײען דאָ. נו, װאָס הערט זיך אין
דער גרוב, פּאַני הינדין?

ה ע ל ע נ אַ.

לאַכט מיט אַ הײזעריגער, סוכאָטישנער שטים.

כאַ. כאַ, כאַ! און דיך האָט מען אױך דאָ אַרײנגעלאָזט,
דעם אױפזעהער פון קאָנסטאַנטינער פאַבריק! כאַ, כאַ, כאַ!
האָסט דו דיך אױך געלאָזט אין דעם הונדען־קאַמער אײנ־
שליעסען, כאַ, כאַ, כאַ, דער קאָנסטאַנטינער אױפזעהער...

ס ט ע פּ אַ ן.

אַזױ װי דו זעהסט, פּאַני הינדין, מײן שען װײבעל האָט

מיך געלאָזט איבער נאַכט אין הונדען-לאָך שלאָפען. אַזוי ווי דו זעהסט, פאַני הינדין, האָט מיך מיין שען ווייבעל פון שטוב אַרויסגעטריבען, מיך, דעם קאָנסטאַנטינער אויפ-זעהער, וואָס איך האָב מיין האַנד אין דער צוקער-פאַבריק פארלאָרען און די הערען האָבען מיך דערפאר פאַר אַ אויפ-זעהער געמאַכט. פינף הונדערט פויערן זענען אונטער מיין רשות, איך טרייב זיי מיט דעם באַטעק פון עסען אַוועק, פון זייערע ווייב און קינדער, ווען זיי זיצען מיט זיי אין שאָטען, מיט די טעפליך אין די הענד, טרייב איך זיי מיט דעם באָטעק אין דער האַנד אין פאַבריק צוריק, ווען די מאַשין פייפט. מען ציטערט פאַר מיר. די קינדער בעהאַלטען זיך אונטער די קשאַקעס און טייטען מיט די פינגערליך מיט פאָרכט נאָך מיר נאָך. דער אויפזעהער געהט! האָט מיך מיין שען ווייבעל אין דעם הונדען-לאָך געשיקט, האָט נישט פאָזוואָלעט אין שטוב איבערצונעכטיגען, האָט אין הונדען-לאָך געשיקט דעם אויפזעהער פון קאָנסטאַנטין.

## העלענא.

אַזאַ שטאַרקער יונג ווי דו ביסט, אַזאַ מאַנספערשוין ווי דו, אַזאַ ברייטבייניגער ווי דו, לאָזט זיך פון אַזאַ שנעק, פון אַזאַ גאָרנישט, פון אַזאַ כיטרע קליינע באַבע... שעמען מעגסט דו דיך. דעם באַטעק נעהמט מען אין דער האַנד און מען געהט אַריין צו איהר, זי איז דיין ווייב. איינמאָל אין קירכע געוועזן, דעם רינג גענומען—איז פאַרפאַלען. ביי קריסטען איז קיין גט נישט דאָ, זי מוז דיך פאָלגען. אַך, ווען דאָס וואָלט אויף מיר אָנגעקומען, וואָלט איך אַריינגע-גאַנגען צו נ'איהר מיט'ן באַטעק אין האַנט, נאָר מיט'ן באַ-טעק. איך וואָלט געגעבען אַ טאָפּע מיט'ן פוס, איך וואָלט געגעבען אַ געשריי אויף איהר, איך וואָלט געגעבען אַ קוק זי אָן—פאַר דעם בלויזען קוק וואָלט זי געדאַרפט ציטערן. אָך, איך וואָלט מיך נישט געלאָזט פון איהר, ביי מיר וואָלט זי אַזוי נישט געשפּיעלט. אַ מאַנספערשוין ביסט דו? צו די פויערן האָסט דו נאָר אַ פיסק, אַ לייעמענער גולם ביסט

דו, און ווייטער נישט מעהר. אויף מיר האָט זי געדאַרפט אָנקומען...

ס ט ע פ אַ ן.

אַודאי האָסט דו רעכט, אַודאי רעכט. זאָגסט גוט, זאָגסט גוט. מיט'ן באַטעק אין דער האַנד, אַ טאָפּע מיט'ן פוס, און אַ געשריי. זאָגסט גוט, פיעל מאָל האָב איך עס מיר איבערגעטראַכט, איך האָב עס מיר איבערגעלעגט, בע-שטימט, געלערנט, געוועזען גרייט, און נישט אויסגעפיהרט. עס איז שוין דאָ אַ זאַך דערביי. נאָר דו האָסט רעכט, פאַ-ני הינדין, זאָגסט גוט, זאָגסט גוט... נאָר פאַר וואָס לאָזט דו אַזוי דיין מאַן דערביי אַזאַ ראָלע שפּיעלען? וואָס האָט ער געטהאָן מיט דיר? זעה, ער האָט דיך אין דעם הויז פון זיין געליעבטער אַריינגעבראַכט, ער האָט דיך גע-ברענגט, אַז דו זאָלסט בעטען לאַסקע, ברויט שנאָרען ביי זיין קעפּס-ווייב. האַלט דיך מיט דיינע קינדער אויף איהר חסד אויף. ער פערלאָזט דיך אויף גאַנצע נעכט. דו הערסט דורך דער וואַנד זייער פליסטערן, זייערע קושען, זייער לאַסקע-רייד, מוזט דאָס זעהען מיט דיינע אויגען, מוזט דאָס הערען אַליין. גענומען דיך אַ יונג מעדעל, אַ בלום ביזט דו דאָך געוועזען. און וואָס האָט ער געמאַכט פון דיר? אויסגענאָגט דיך ווי מען נאָגט אויס אַ פייג און אַוועקגעוואָרפען. קוק דיך אין שפּיעגעל אַריין, זעה, וואָס האָט ער געמאַכט פון דיר? יעדעס יאָהר מיט דיר אַ קינד געהאַט און איבערגעלאָזט דיך מיט דיינע ווערים אויף דער לאַסקע פון זיין געליעב-טער. ווי אַ הינדין וואַרפט זי יעדען מאָרגען דאָס שטיקעל ברויט דיר צו און נעהמט דיר דערפאַר דעם מאַן אַוועק. אָהאָ, ווען איך וואָלט אַזאַ מאַן געהאַט, אָהאָ! איך וואָלט פון איהם נקמה גענומען, מיט די לעצטע קרעפטען, וואָס איז מיר נאָך אין די ביינער געבליבען, וואָלט איך נקמה גענומען פאַר דער בושה. איך וואָלט מיט מיינע פינגער, מיט מיינע נעגעל אין זיין האַלז זיך אַריינגעריסען, איך וואָלט איהם מיט מיינע ציינער זיינע אָדערן אין האַלז אַדורכ-

געשטאָכען. דעם לעצטען טראָפּען בלוט, וואָס איז מיר אין מיינע לונגען געבליבען, אויף זיין פּנים אויסגעשפּיגען. אָט, ווען איך וואָלט אַזאַ מאַן געהאַט. עס דערהערט זיך דורך דער וואנד א לאכען. סטעפאן רייסט דאס קראנקע ווייב ביי דער האנד און שלעפּט זי מיט געוואלד צו דער וואנד צו. ער זוכט אשפּארע אין וואנד, געפינט נישט, קראצט מיט די נעגעל אין דער וואנד. הערסט, ווי זיי לאַכען? דאָס לאַכען זיי איבער דיר אַזוי, דאָס פערצעהלט ער איהר, ווי ער האָט דיך אָבגענאַרט, און וואָס ער האָט אויס דיר געמאַכט.

**העלענאַ**

רייסט זיך פון איהם.

ניין, דאָס לאַכען זיי אויס דיר אַזוי, דאָס פערצעהלט זי איהם, ווי דו ליעגסט ביי איהרע פיס, און זי טרעט אויף דיר, ווי אויף אַ וואָרעם.

**סטעפאַן.**

ניין, דאָס לאַכען זיי אויס דיר, ער פערצעהלט איהר, ווי ער וועט דיך מאָרגען יאָגען, אַז דו זאָלסט איהר די הענד קושען פאַר דאָס ברויט, וואָס זי גיט דיר, און איהר דאַנקען.

**העלענאַ**

היסטעריש.

דאָס לאַכען זיי אויס דיר.

**סטעפאַן.**

ניין, אויס דיר!

**העלענאַ.**

אויס דיר!

**סטעפאַן.**

אויס דיר, אויס דיר!

**העלענאַ.**

וואָס ווילסט דו פון מיר האָבען, יעזוס איינער? מען האָט דיך אַריינגעוואָרפען, ליעג. גיט זיך א ריס פון איהם, א בלאָז, לעשט אויס די לאָמפּ אויפ׳ן אויווען. אין שטוב ווערט פינסטער.

**סטעפאַנס שטים.**

כאַ, כאַ, כאַ! נו, זעהסט שוין, פאַני הינדין?! עס איז פינסטער אין שטוב. אַ לאַנגע ווײלע איז שטיל, מען הערט אַ קינד ווײנען. פון דרויסען הערען זיך יעצט די שטימען שאַרפער, רײצענדער, און אַ שטאַרקער האַרץ־געוויין. עס זעהט זיך אויס, די תפלה איז געקומען צו איהר לעצטער עקסטאַזע.

**שטימען פון דרויסען**

בעטענדיג.

טאַטאַ אין הימעל, ערבאַרם זיך איבער אונז! זוהן, אויסקויפער פון דער וועלט, ערבאַרם זיך איבער אונז! הייליגער גייסט, גאָט, ערבאַרם זיך איבער אונז! הייליגער דריי אייגציגער, גאָט, ערבאַרם זיך איבער אונז!

**העלענאַ**

וויעגט דאָס קינד איין מיט דעם זעלבען טאָן פון די געזאַנגען.

שטיל דיך איין, אַ, לאַ, אַ, לאַ, טאַטע אין הימעל, ערבאַרם דיך איבער אונז! אַ, לאַ, לאַ. שלאָפט איין ביים וויעגען דאָס קינד. אַ לאַנגע ווײלע אַ שטילע פויזע. אַלע שלאָפען. אַ מאַדנע בעלויכטונג פון דער לבנה דורכ'ן פענסטער.

**אַ צווייט קינד**

וויינט פון בעט אַרויס.

מאַמע, עס איז מיר קאַלט

**העלענאַ**

שטיל זיי, יאַשעק, דער טאַטע וועט באַלד קומען מיט'ן באַטעק צו געהען.

דאָס קינד וויינט.

עס איז מיר קאַלט, מאַמע, דעק מיך איין.

**העלענאַ.**

שווייג, יאַשעק, שווייג, איך האָב דיך נישט מיט וואָס צוצודעקען, דער טאַטע וועט באַלד אַריינקומען.

**סטעפאַן.**

הע, שווייגט, רעמבראַנד'ס, שווייגט, וואָס וועקט איהר דעם טאַטען אויף? דער טאַטע שלאָפט מיט'ן קעפּ־ווייב.

העלענאַ.

נאָך דעם האָבען זיי אויף מיין קאָפּ אָנגעשיקט, צו אַלדי שוואַרצע יאָהר; דאָס ווייב לאָזט דעם מאַן ניט אַריין, שלעפען זיי איהם דאָ אַהער.

סטעפאַן.

הויבט זיך אויף, נעמט ארויס פון טאַש אַ עלעקטריק לאמטערענדיל, וועלכעס בעלויכט דאָס שטיבעל און געהט דערמיט צו די קינדער צו.

וואָס ווייגסט דו, יונג, שוויינ, שטיל דיך איין, אָט באַלד קומט דער טאַטע אַריין—בררר!

דאָס קינד ווערט פארשוויגען, בעהאלט דעם קאָפּ אונטער דעם קישען—סטעפאן לאַכט.

העלענאַ.

וואָס שרעקסט ער מיר די קינדער איבער? געה, לעג דיך אין דיין רוה אַריין.

דאָס קינד ווארפט איין אויג אויף איהם פון אונטער דעם קישען, האָט מורא צו קוקען, ברעכט מיט אַ שטארק געוויין ארויס.

סטעפאַן

צום קינד.

האָב נישט קיין מורא. וואָס? בין איך דען אַזוי שרעקליך? בין איך דען דער טאַטע דיינער, דער טייוועל דען, וואָס דו שרעקסט דיך אַזוי פאַר מיר? נאַ, ווילסט דאָס לעמפיל? זעה, מיט אַ שפּרונג — ווערט עס ליכטיג, נאַ, שטיל דיך איין.

יאַש נעמהט דאָס לעמפיל אין האנד אריין. אין שטוב ווערט פינסטער, דאָס קינד וויינט.

סטעפאַן

לאַכט.

דריק ביים קנאָפּ, דריק בייב קנאָפּ, עס וועט ווערען ליכטיג.

דאָס קינד

וויינט

איך ווייס נישט ווי!

סטעפאַן

לאַכט.

אָט אַ־וי!

ער נעהמט דאָס מאַשינדעל, עס ווערט ליכטיג. ער ווייזט דאָס יעם קינד, דאָס קינד נעהמט עס אין האַנד און פרעהט זיך

יאַש

וועקט דעם צווייטען ברודער אויף, וואָס שלאָפט ביי איהם

נאַ, זעה, וואָס איך האָב!

דער צווייטער

כאַפּט זיך פון שלאָף אויף, מיט פרייד.

אוי, אוי!

אַמעדעל

פון אַ צווייט בעט.

ווייזט מיר אויך, אויך.

העלענאַ.

שלאָפט דאָך איין, וואָס וועקט ער מיר די קינדער אויף?

סטעפאַן.

לאָזען זיי וואַך זיין. עס וועט פרעהליכער זיין

העלענאַ.

זיי וועקען מיר דאָס קליינע אויף. אַ לאַ, לאַ...

סטעפאַן.

בויגט זיך איבער דעם וויעג.

וואָס וויעגסט עס דען איין? גיב איהם ליעבער די ברוסט אין מויל אַריין. דאָס קינד איז הונגעריג. צום קינד. ס'וואַהר, עס איז אַזוי.

העלענאַ.

וואָס וויל ער פון מיין קאָפּ? איך האָב קיין טראָפּען מילך אין די ברוסטען נישט, אַחוץ אייטער און בלוט, וואָס האָט זיך דאָרט אונטער מיין האַרץ דורך אַ גאַנצען טאָג אָנגעזאַמעלט—זאָל ער עס אין זיך איינזויגען.

סטעפאַן.

זיי דאָך נישט אַזוי בייז, ווייב, וואו האָסט דו דאָס האָלץ?

גיב, איך וויל אייך אַ פייער מאַכען, מילך איז דאָך אין שטוב דאָ.

ה ע ל ע נ אַ.

קיין פינגערהוט נישט.

ס ט ע פ אַ ן.

איז נישט גוט, וועט טהע אויך מוזען גוט זיין. צום קינד. קליי-נער רעמבראַנד, וועסט דיך מוזען מיט טהע בעגנוגען לאָזען. צינד די לאָמפּען אָן.

ה ע ל ע נ אַ

געהט די לאָמפּ אָנצינדען.

וואָס האָבען זיי נאָך דעם אויף מיין קאָפּ אָנגעשיקט?

ס ט ע פ אַ ן.

הער אויף צו שרייען, ווייב. צום קינד. ליכטיגער, יונג, דריק אויפ'ן קנאָפּ, לאָז ליכטיג זיין. ער געהט צו די קיך, זוכט עפּעס דאָרט, לעגט אַ פייער אונטער. שווייג, שווייג, קליינער ראַפאַעל, עס וועט באַלד טהע פאַרטיג זיין.

ה ע ל ע נ אַ

צינדט אָן די לאָמפּ.

וואָס האָט ער טאָג געמאַכט? די קינדער ווילען עסען ווילען.

ס ט ע פ אַ ן.

שאַדט נישט. איך האָב עפּעס אין מיין קעשענע אָנגע-גרייט... ווען איך פאָהר צו מיין ווייבעל אַהיים, דאַכט זיך מיר אַלץ, אַז איך האָב קינדער אין דער היים, וואָס וואַר-טען אויף מיין קומען. קויף איך זיי מתנות מיט, ווען אַ העמדיל, ווען אַ טראָמפּייטיל, און בייגל אַ סך, האָניג-קיכעליך, מיט וואורשטעליך אויף צוויי איילען לאַנג, טי-כעליך און שיכעליך... פאַר יעדען געוועלביל שטעל איך זיך אָב, אין וואו איך זעה אַ שפּיעל-וואַרג, קויף איך עס מיט. איך האָב מיר צוויי גרויסע טאַשענס געמאַכט. אַז איך וועל אַהיים קומען, ווילען מיך די קינדער אַרומרינג-לען, די יונגען מיט די מיידען און פון מיינע טאַשען צי-

הען אַהין אַנ׳עק. געהט אוועק פון פייער נעהנטער צו די קינדער און רופט צו זיי. אַהער דאָ, יונגען, זוכט אין מיינע קעשענעס. איהר וועט דאָרט עפּעס געפינען.

די קינדער קוקען מיט בלישטשענדע אויגען פון די בעטליך ארויס אויף איהם, קוקען מיט שרעק און נישט־צוטרויען.

ס ט ע פ אַ ן.

קומט אַהער, קומט אַהער, איך בין דער דושאַד, וואָס קומט און ברענגט אין כריסטוס־נאַכט מתנות פאַר די קינדער. ער ציהט זיך דעם הוט איבער די אויערן, צולאָזט זיך די באָרד. אָה, שווער איז מיין זאַק, פול מיט מתנות אָנגעפּאַקט. אָה קומט אַהער, לעדיגט די טאַשען אויס, איך האָב קיין כח נישט צו שלעפּען מעהר.

יאַ ש

קוקט אויף איהם מיט שרעק און חשק.

אין וואַלד וועסט דו נישט מיטשלעפען?

ס ט ע פ אַ ן.

ניין, ניין, געוויס נישט. איך בין דאָך דער טאַטע אייערער, וואָס בין געקומען פון וועג אַהיים צו געהען. דערקענט איהר מיך דען נישט? קום דאָך נור אַהער, שטעק נור דאָס הענדטיל אין קעשענע אַריין.

דער קליינער יאַש קריכט אַראָב פון בעט, געהט מיט מורא צו, שטעקט אויף דאָס הענדטיל אין סטעפאַנ׳ס טאָרבע אריין, וואָס ער בעהאַלט אונטער דעם ראָק. דאָס קינד זוכט לאַנג, שלעפּט ארויס אַ שניריל בייגעליך.

יאַ ש

מיט פרייד.

זעהסט, וואָס איך האָב! אָך, אָך, זעהסט, וואָס איך האָב!...

ס ט ע פ אַ ן.

אָ, האָסט דו געפּאַקט! אָהאָ, אָהאָ, דו יונגאַטש איינער! ער רופט צו די קינדער. קומט אַהער, קומט אַהער, ער וועט אייך באַלד גאָרנישט איבערלאָזען.

די קינדער שפּרינגען ארויס פון די בעטליך פון פערשידענע ווינקעליך, רינגלען איהם ארום מיט פרייד. יעדעס איינע וויל צוערסט דאָס הענדטיל אין טאָרבע אריינשטעקען. סטעפאַן שפּיעלט זיך מיט זיי, פרעהט זיך און לאַכט.

**ס ט ע פ אַ ן.**

אָ, נישט! יעדעס צו איינס.

א מעדיל שטעקט אריין דאָס הענדטיל.

וואָס האָסט דו געפּאַקט? אָה, אַ טיכעל א רויטס, אָט אַזוי! ער טהוט איהר דאָס טיכעל אויפ׳ן קאָפּ אָן. און דו אַ ליאַלקעלע אַ קליינס. אַ, דו, אָהאָ! וואורשטליך צוויי...

די קינדער פרעהען זיך מיט די זאַכען, לאַכען, שטופּען אַלע מיט אמאָל די הענדטלעך אין די טאָרבע, באַפּען אַרויס פערשיעדענע עסענוואַרג, פּאָמעראַנצען, עפּעל, שפּיעלוואַרג, טהוען זיך אָהן די זאַכען, לויפען מיט פרייד צו דער מוטער אַהין.

— אַך, אַך, קוקט די שפּיגעליך אָהן!

— נאַ, נאַ, פּערזוך דאָס לעקעכיל מיינס!

— אוי, עס איז אַזוי זיס!

— גיב מיר אויך צו פערזוכען!

— און איך האָב צוויי, איך האָב צוויי!

לויפען צו סטעפּאַנ׳ען אַהין.

נאָך איינס, פּעטעריל, נאָך אַ קליינס!

**ס ט ע פ אַ ן**

ער קוקט אויף העלענע׳ן, ברומט.

נו-ו-ו, יעצט קום דו אַהער, דו אַלטעס ווייב, שטעק אויך די האַנד אין מיין טאָרבע אַריין. עס איז פאַר דיר אויך עטוואָס אָנגעגרייט. העלענא הערט איהם נישט. סטעפּאַן שפּיעלט די ראָלע פון אַ מאַן. וואָס לאָזט דו דיך בעטען אַזוי לאַנג? אַהאַ, איך ווייס וואָס דו מיינסט! ווילסט, אַז איך זאָל צו דיר קומען אַהין צו געהען. ניין, ניין, דאָס געהט נישט. מיין ווייב: דער מאַן איז געקומען אַהיים, דאַרפסט דו איהם קומען אַקעגען צו געהען. נו, קום אַהער, דו אַלטעס ווייב.

**ה ע ל ע נ אַ.**

וואָס מאַכסט דו דיך צום נאַר? איך האָב נאָך קיין בראַנפען נישט געטרונקען, אַז איך זאָל שיכור זיין.

**ס ט ע פ אַ ן.**

וואָס ביזט דו בייז, דו אַלטעס ווייב? לעג אַוועק דיין פּעס זעהסט נישט, איך בין דאָך דיין מאַן, וואָס איז געקומען

אַהיים. דערקענסט מיך נישט? לעג דאָך די שסותים אַוועק,
דו נאַרישעס ווייב! ער רופט צו די קינדער. יונגען! ברענגט
דאָך די מאַמען צום טאַטען אַהער. לאָז זי אויך נעהמען
פון זאַק...

די קינדער רינגלען ארום די מוטער, ציהען די מוטער ביים שארף און שלעפען זי אהין.

די קינדער.

קום, מאַמע, אַהין, ציה אויך פון זאַק אַרויס.

סטעפאַן.

שטאַרקער, יונגען! שלעפט'ס מיט געוואַלד, אָט אַזוי! נעהענטער!

די קינדער שטופען די מוטער, סטעפאן עפענט אויף דעם זאק.

סטעפאַן.

אָט אַזוי! שטעק אַריין די האַנד, וועסט זעהען, וואָס איך
האָב פאַר דיר אָנגעגרייט.

העלענאַ

האלב אין שפאַט, האלב אין ערנסט.

אַוועק דאָך פון מיר, דאָס קינד וויינט...

די קינדער

מיט געלעכטער.

צום טאַטען קום, צום טאַטען געה, אָט אַזוי.

סטעפאַן.

נאַריש ווייב, לאָז דיך נישט אַזוי בעטען. ער שלעפט ארויס פון
זאַק אַ זיידען טוך און בעדעקט איהר קאָפּ. נאַ, און דאָס האָב איך
דיר געבראַכט. ער שלעפט איהר האנד מיט געוואלד אין זאַק אריין.
אָט אַזוי.

העלענאַ

מיט שרעק.

וואָס איז דאָס? וויל עס אוועקווארפען.

סטעפאַן.

דאָס איז פאַר דיר, מיין ווייבעל, פאַר דיר האָב איך עס
אָנגעגרייט. איך האָב אָפּגעשפּאָרט אַ גראָשען צו אַ גראָשען
און פאַר מיין ווייבעל געקויפט. פינף יאָהר האָב איך עס 36

געטראָגען אויף מיין האַרץ און געוואַרט אויף דער מינוט, אַז איך וועל אַהיים קומען און מיין ווייבעל עס אָנטהאָן. ער טהוט עס איהר אָהן אויפ׳ן האלז. אָט אַזוי! ווי שעהן דו ביסט אין דעם! ער נעמט זי פלוצלונג ארום מיט דער איינע האנד און קוקט איהר אין די אויגען אריין. וואָס האָבען זיי געמאַכט אויס דיר? דו ביסט געווען אַליין, דורך די גאַנצע צייט אַליין, און קיינער האָט נישט געזעהען דיין פיין. ביסט הונדערט מאָל אין טאָג פאַרשעמט געוואָרען און קיינער האָט זיך נישט אָנגענומען פאַר דיין שאַנד. זיי האָבען דיך געטרעטען מיט די פיס. אָה, וואָס האָבען זיי אויס דיר געמאַכט? אַ בלום ביסט דו געווען, אַ רויז אַ שענע. דיינע באַקען האָבען געבליהט, דיינע האָר. אַך, און וואָס האָבען זיי אויס דיר געמאַכט? ביסט מיט די קינדער געווען אַליין, האָסט זיי געקאָרמעט מיט דיין בלוט. האָסט געזעהן, ווי מען פאַרשעמט דיך, ווי מען פייניגט דיך, און דו האָסט רוהיג דיין קרייץ געטראָגען. האָסט פאַר קיינעם קיין וואָרט נישט געהאַט צו זאָגען. אָה, וואָס האָבען זיי געמאַכט אויס דיר!

ה ע ל ע נ אַ

קוקט אן ווי משוגע.

וואָס רעדסט דו צו מיר אַזעלכע רייד? ברעכט אויס אין טרעה־רען.

ס ט ע פ אַ ן

נויגט איהר קאָפּ צו זיין ברוסט.

אַזוי, לעג דיין קאָפּ אויף מיין ברוסט, וויין, וויין, וויין. איך וועל דיך נישט פערלאָזען, איך וועל מיט דיר זיין. איך וועל מיך פאַר דיר אָננעהמען. יאָ, יאָ, איך וועל מיך פאַר דיר אָננעהמען. זאָלען זיי קומען, איך שטעה פאַר דיר. איך האָב געבענקט נאָך אַהיים, נאָך אַ ווייב, קינדער, פאַר וועמען איך זאָל אַרבייטען, די פויערן אין פאַבריק טרייבען. איך האָב, איך האָב דיך און וועל דיך מיטנעהמען מיט מיר אין פאַבריק אריין. דיך מיט דיינע קינדער. איך וועל זיי האַלטען ביי מיר, און וועל אַרבייטען פאַר זיי, אַ טאַטע

זיי זיין. דיך וועל איך ליעב האָבען. וועסט זעהען, ווי אונטער מיין האַנד וועלען דיינע בעקליך וויעדער אָנהויבען צו בליהען, דער שטערען וועט ווערען אויסגעגלייכט, דיינע גליעדער, די ברוסט וועט זיך הויבען. דו ביסט דאָך נאָך גאָר אַ יונג ווייבעל, אַ שען ווייבעל. אָה, דאָס האָבען זיי דיך אַזוי מיאוס געמאַכט, אַזוי דיך פערשעמט!... אָה, איך וועל דיך האַלטען ווי אַ קרוין! דו וועסט זיין מיין היים, מיין ווייב, מיינע קינדער. איך וועל אַהיים קומען פון מיין אַרבייט, איך וועל האָבען מיין ווינקעל, מיין אָרט—גאָט, ווי גליקליך איך וועל זיין!

העלענא

ברעכט ארויס אין געוויין.

יעזוס כריסטוס! וואָס רעדסט דו? איך וועל משוגע ווערען, הער אויף, הער אויף!

סטעפאַן.

ניין, דאָס רעד איך צו דיר, דיין מאַן. עס איז דאָך פריהלינג היינט. זעה, איך בין געקומען אַהיים, איך האָב דיר אַקאַציען-בוימעליך געבראַכט! מיר וועלען זיי אין אונזער גאָרטען פערפלאַנצען. דער פריהלינג איז היינט. אַך, איך האָב אורלויב גענומען פון מיינע העררען, איך בין אַהיים געקומען, צו מיין שען ווייבעל, צו מיינע קינדער אַהיים געקומען...

העלענאַ.

גאָט, פאַר וואָס פייניגסט דו מיך אַזוי אַ גאַנצע נאַכט, וואָס לאַכסט דו אויס מיר אַזוי?...

סטעפאַן.

זאָג, אַז דו בעשטעהסט. איך וואַרט אויף דעם צעהן יאָהר, פופצעהן יאָהר, מיין גאַנץ לעבען, איך זאָל יועמען מתנות ברענגען, העררען קינדער-פרייד אַרום מיר, מיין ווינקעל זאָל ליכטיג זיין, קינדער לאַכען. קום, איך וועל גליקליך זיין, איך וועל דיך היילען פון דיינע וואונדען. איך בין דאָך דיין מאַן, דו האָסט דאָך געוואַרט אויף מיר דיין גאַנ־צעס לעבען, האָסט דאָך אַרויסגעקוקט נאָך מיר דורך די

לעכער פון דיין פינסטערער נאַכט, פון דיינע צרות. נו, בין איך געקומען צו דיר, גיב די האַנד.

**העלענאַ**

*נאָכגעבענדיג.*

וואָס טהוסט דו מיט מיר? וואָס ווילסט דו פון מיר?

**סטעפאַן.**

גיב די האַנד—דו ביסט די הינדין, איך דער הונד, ביידע זענען מיר אין הונדען־גרוב אַריינגעוואָרפען געוואָרען גיב די האַנד, די הינט שליסען אַ בונד היינט, אינאייגעם געהען מיר. וואַרף אַראָפּ פון דיר די קייט, אָט אַזוי! גלייך אויס דעם רוקען. שטייף שטעק אויס דיין ברוסט, אָט אַזוי! קום, מיר זענען אַ פּאָר היינט. די האַנד גיב, קום, אין הונ־דען־גרוב זאָל היינט פרעהליך זיין. הע, חברה, דעם טיש גרייט! *ער רוקט אפיר דעם טיש, נעמט ארויס פון סאַש די איבער־געבליבענע זאכען און לעגט זיי אויפ'ן טיש אראָב.* ענדליך בין איך אהיים געקומען. אַרויס די זאַכען פון מיינע קעשענעס! גענוג זיי אַרומגעטראָגען איבער אַזוי פיעל יאָהרען—נישט געהאַט וועמען צו פערטהיילען. ענדליך האָב איך מיין ווייב און קינד געפונען, וועמען די זאַכען צו פערטהיילען. *ווארפט ארויס פון די קעשענעס פערשיעדענע שפּילווארג, צעטהיילט עס די קינדער, טהוט זיי אהן די זאכען, לעגט אויס דאס עסענווארג אויפ'ן טיש, דערונטער אויך א פלעשיל קאָניאַק.* אַזוי, פרעהליך זאָל היינט אין הונדען־גרוב זיין. *ער האקט אויף דאס פענסטער, עס גרויעט זיך דער מארגען.* אַזוי, לאָז דער פריהלינג אויך אַריין און בעשיינען אונזער גרוב. *ער גיסט אן א גלעזיל קאָניאַק און גיט'ס העלענע'ן.* נאַ, טרינק, עס וועט היינט אַ הונדען־חתונה דאָ זיין.

**העלענאַ**

*האַלב־שיכור, כאַפּט דאָס גלאָז קאָניאַק.*

יאָ, יאָ, לאָזען מיר אויך שפּיעלען מאַן און ווייב. *זי האַלט אויף דער האַנד.* זיי מעגען? גיב אַהער. *זי רייסט ארויס דאָס פלעשיל קאָניאַק און טרינקט.*

ס ט ע פ אַ ן.

אָט אַזוי! דעם רוקען גלייך אויס. אָך, ביסט דו שען! *כאפט אוועק פון איהר דאס פלעשיל.* גיין, גיין!

ה ע ל ע נ אַ

*שרייט.*

נאָך גיב אַהער! ביז צו דעם לעצטען טראָפּען!

ס ט ע פ אַ ן.

נישט מיטאַמאָל, ווייב. הע, יאַש, גיב דער מאַמען צו פערבייסען. *ער שניידט ארום קאלבאס. קיכעליך, צוטהיילט עס די קינדער גיט זיי שנאפס.* נאַ, טרינקט, לאָזען זיי אויך אויף אונזער חתונה זיין.

ה ע ל ע נ אַ

*שוין שיכור, מיט היץ.*

נאָך גיב, מיין מאַן! יאָ, יאָ, דו ביסט מיין מאַן. *זי הענגט זיך אהן סטעפאנען אן.* דו ביסט געקומען צו מיר צוריק צוגעהן. *האלב אין טרעהרען.* זיי האָבען דיר פון מיר געהאַט אַוועקגענומען, זיי האָבען מיך געפייניגט, זיי האָבען מיך געשלאָגען. דו ביסט מיין מאַן, איך בין נאָך שען. וועסט זעהן, ווי איך וועל טאַנצען פאַר דיר, איך וועל מיך קליידען פאַר דיר. געדענקסט, מיין מאַן, ווען דו האָסט מיך געמאָלט? איך בין געשטאַנען נאַקעט פאַר דיר און איך האָב געטאַנצט פאַר דיר. *זי געהט אין מיט'ן שטוב און טאנצט.* אָט, אַזוי האָב איך געטאַנצט פאַר דיר, אָט אַזוי. *לויפט פלוצלונג צו צו סטעפאנען, נעהמט איהם ארום.* אָה, מיין מאַן! זיי האָבען דיך פאַרשעמט, זיי האָבען דיך פון שטוב אַרויסגעיאָגט, זיי האָבען דיך אין קעלער אַראָבגעוואָרפען דאָ אַריין צו מיר, אין מיין אָרימקייט אַריין. *זי האלזט איהם, קושט איהם, גלעט איהם די בארד, דאס פנים.* זיי האָבען דיך געשלאָגען, די האַנד דיר אָבגעהאַקט, יאָ, מיין האַנד. *זי קושט איהם דעם לעדיגען ארבעל.* אָה, זיי האָבען דיך!... *ענדיגט נישט דעם זאץ, פאלט אויף זיין ברוסט און חייגט ביטערליך.*

ס ט ע פ אַ ן

בערוהיגט זי, קושט זי אויפ׳ן קאָפּ, אויף די באַקען.

שוויִיג, שווייג, אָרים, אָרים ווייב. מיין מאַמע! קוקט זי אָן מיט ליעבע. מיין מאַמעס פּנים האָסט דו דאָך, און ווי מיין מאַמע רעדסט דו צו מיר. ווער האָט מיך דען אין מיין לע־בען אַזוי געטרייסט? דריקט אונטער די טרעהרען פון זיינע אויגען אויף איהר ברוסט. בעהאַלט דאָס פּנים אין איהר און שטעהט אַ ווײַלע, דערזעהט דעם טאָג וואָס גרויעט. אָבער זעה, דער טאָג גרויעט, עס איז שוין אויף אונז אויך צייט. קום, מיין קעניגין, איך וועל דיך אויף מיין טראָהן זעצען און דיך אין מיין שלאָס פיהרען. צו די קינדער. חברה, מאַכט אייך גרייט, מיר געהען אַהיים!

ד י ק י נ ד ע ר

האַלבליך שיכור פון וויין, שפּרינגען אויף מיט פרייד.

קום, מאַמע, קום.

ס ט ע פ אַ ן.

די טראָמפּייטען נעהמט׳ס, די טראָמפּייטען. ער העננט זיי אָן די טראָמפּייטליך, גיט זיי אין דער האַנד אַריין, איינס פאַראויס מיט בלאַכען און וואַלגערהאָלץ, שטעלט זיי אויס צום גאַנג. אַזוי, מיט מוזיק, פיהרען מיר די מאַמען אַהיים. צו העלענען. קום, מיין קעניגין, אויף מיין טראָהן אַרויף. ער נעמט אַרויס דאָס קינד פון וויעג און גיט׳ס איבער העלענען. אַליין בויגט ער זיך אַראָב און זעצט העלענען אויף דער פּלייצע פון זיין אָבגעהאַקטער האַנד אַרויף.

אָט אַזוי, יונגען, אין די טראָמפּייטען בלאָזט, אין די פּויקען קלאַפּט! הוראַ, הוראַ, די קעניגין געהט!

די קינדער הויבען אָן צו בלאָזען אין די טראָמפּייטליך, קלאַפּען אין די פּויקען, דאָס קינד מיט די בלאַכען אין די הענד׳ פאָראויס און געהען אַרויס.

אַ הערליכער פריהלינגס־פריהמאָרגען שיינט זיי אַנטקעגען.

פ אָ ר ה אַ נ ג

# דריטער אַקט.

נאכט. אין מארק. ביים פלומפ ברענט א פייערל. אויף דער באנק נעבען ליעגט דער אָרימאן און שלאָפט. די אלטע פראָסטיטוטקע ביים פייעריל ווארימט זיך. פון דערווייטענס א געהויל פון הינד. שאָטענס טראָגען זיך ארום.

עס קומט פון דער נאַכט אַרויס

דער שיכּור.

גוטען אָוועגד, פאַני פראָסטיטוטקע. הערט זיך איין. וואָס בײַ־לען די הינד היינט אַזוי?

די פּראָסטיטוטקע.

זיי מוזען וואָס זעהען, ווען זיי הוילען אַזוי.

דער שיכּור.

דיין שוואַרצע נשמה, אָדער אפשר האַלטען זיי דיך פאַר׳ן טייוועל, דעריבער לויפען זיי אַזוי אויף די יאַטקע־קלעצער אַרום. עס איז קיין וואונדער, זיי האָבען זיך פאַרוואָס צו שרעקען.

דער אָרימאַן

פון שלאָף.

כּי־כּי־כּי — כּאַ־כּאַ־כּאַ!

די פּראָסטיטוטקע.

אַ שיכּור אָדער פּראָסטיטוטקע איז אַלץ איינס. מיר זענען אַלע נישט ריין פון זינד.

דער אָרימאַן

פון שלאָף.

מיך נעהמט נור נישט אין שותּפות אַריין. שלאָפט ווייטער.

דער שיכּור.

איהם לאָז צורוה. ער זינגט זיך אַ גאַנצען טאָג די הייליגע קירכען־ליעדער און — דורך דעם איז ער אויך אַ הייליגער.

דער אָרימאַן.

אָרימקייט איז קיין שאַנד.

דער שיכּור.

לאָז גע־מאַך. צו דער פּראָסטיטוטקע. וואָס זעהען די הינד אַזעל־כעס ביינאַכט?

די פראָסטיטוטקע

מען זאָגט, אין ערשטען מאַי־געבעט געהט די הייליגע מאַ־דאָנע, די באַשיצערין פון אונזער קירכע, אין מאַרק אַרום און נעהמט אַלע פערבלאָנדזשעטע נשמות אויף.

דער שיכור.

און ווי קומען די הינט דערצו?

די פראָסטיטוטקע.

דאָס זענען דאָך מענשען בעלאָדענע מיט זינד, אָהן הייליגע סאַקראַמענט געשטאָרבען, אויף יענער זייט פלויט בעגראָבען — וואַלגערן זיי זיך ביינאַכט אין מאַרק אַרום אין געשטאַלט פון הינט. איבער די יאַטקע־קלעצער לויפען זיי אַרום. דער שטן האַלט זיך דאָרט אויף—ביז עס קומט דער ערשטער מאַי—און עס ערהויבט זיך דאָס געבעט, געהט די הייליגע מאַדאָנע דורך דעם מאַרק אַרום. עס בעהעפטען זיך צו איהר קלייד די פערשאָלטענע נשמות און זי נעהמט זיי מיט אין הימעל אַריין. א מינוט פויזע.

דער אָרימאַן

דרעהט זיך אום פון שלאָף.

אויף דעם גנב ברענט דאָס היטעל—שוואַרץ מוז דאָרט ביי איהר אויף דער נשמה זיין.

דער שיכור.

אַ שרעק אַריינצוקוקען. ווערסט אויך אַמאָל געהערען... צווישען זיי...

די פראָסטיטוטקע.

האָב איך נישט קיין מורא דערפאַר. די ערבאַרמונג פון גאָט איז גרויס, וועט זי צו מיר אויך דערגרייכען. אויך איהר אַלע וועט אויך אַמאָל זיין צווישען די הינט. ווער עס האַלט זיך אין דער גאַס אויף, דער קומט אין דער גאַס צוריק.

דער אָרימאַן.

די גאַס איז די היים פאַר'ן אָרימאַן. און אָרימקייט איז קיין זינד. ציהט זיך אויס און שלאָפט.

פון דער טונקעלער נאכט ארויס

דער נאַר

ער איז א הויכער מאנספערשױן מיט א נאריש, גוט געזיכט, אנגעטהאן אין א הוט פון א זעלנער מיט א קינדערשען, הילצערנעם שווערד ארומגעבונדען. שמייכעלט גוט.

דער שיכור.

אַך, גוטען אָווענד, נאַפּאָלעאָן. ער גיט איהם אב „פּאַד קאַזירעק".
פון וואַנען קומט מען?

דער נאַר.

שמייכעלט.

פון דער טערקיי, דעם טערק פערטריבען.

דער שיכור.

און דאָס מיליטער?

דער נאַר.

אויף דער ווייכסעל געלאָזט

דער שיכור.

און ווען טרייבסט דו דעם רוס פון דאַנען?

דער נאַר.

איך האָב שוין דעם בעפעהל געגעבען.

דער שיכור.

געהט עס לויז?

דער נאַר.

איך וועל נור ציהען דעם שווערד פון שייד.

דער שיכור.

דעם שווערד?

דער נאַר.

נאַפּאָלעאָן האָט איהם מיר איבערגעגעבען.

די פּראָסטיטוטקע.

לאָז איהם אָב. יעדער איינער האָט זיך זיין משוגעת. צום נאר. עס איז דיר קאַלט, קום צום פייער. עס וואַלגערט זיך אַ גאַנצע נאַכט אין די לעכער ארום.

ד ע ר נ אַ ר.

שמייכעלט.

מיינע זעלנער האָב איך איינקוואַרטירט און אַליין האָב איך נישט וואו צו נעכטיגען.

ד י פ ר אָ ס ט י ט ו ט ק ע.

אַ נאַר, און ווייסט דאָך, וואָס ער רעדט. גיהט איהם ברויט. ווילסט עסען?

ד ע ר נ אַ ר.

מען ברענגט מיר מיין מיטאָג פון קייזערליכען טיש אַראָב.

ד ע ר אָ ר י מ אַ ן

כאַפּט זיך אויף.

נאָך דעם נאַר האָט איהר אַהער געבראַכט. דעם גאַנצען מאַרק האָט דאָס פּאַר זיין משוגעת און עס קומט אַהער, וואו מענשען זייבען. נעהמט דעם שטעקען, וואָס ליעגט ביי איהם, און וויל איהם אוועקטרייבען.

ד י פ ר אָ ס ט י ט ו ט ק ע

שטעלט זיך פאר איהם איין.

לאָז איהם אָב. משוגע כאָטש עס איז, וויל עס דאָך צווישען מענשען זיין. זיינס ציהט צו ס'זייניגע.

ד ע ר אָ ר י מ אַ ן.

לאָז עס אויפ'ן גוטען אָרט געהען, צווישען קברים זיין משוגעת אויסשרייען, נישט עס קומט מענשען שטערען פון זייער רוה. די גאַס איז די היים פאַר'ן אָרימאַן, און איך וויל נישט מיט משוגעים אין איינעם הויזען: אַלעס, וואָס די מענשען וואַרפען פון די שטובען אַרויס, טרייבט זיך אין דער גאַס אַרום. ער יאָגט דעם נאר אָב און לעגט זיך צוריק אוועק.

ד ע ר ש י כ ו ר

חיל זיך וואַרפען אויף איהם.

וואָס איז ער פאַר אַ מורינו דאָ?—די גאַס געהערט צו אַלעמען. זאָל ער זיך אין שטאָדט-הויז לעגען, אין בורמיסטער'ס בעט אַריין, ווען ער וויל רוה האָבען.

די פּראָסטיטוטקע.

שווייג, ער האָט חזקה אויף דעם אָרט.

דער שיכּור.

וואָס פאַר אַ חזקה! ביסט דו ערשט אַ נעכטיגע דאָ? ווי לאַנג וואוינסט דו שוין אין דער גאַס?

די פּראָסטיטוטקע.

מיין לעבען לאַנג. מיין מוטער האָט דאָך מיך אין גאַס געבוירען, דאָרט הינטער יענעם פּלויט ביי דער קירכע. זי פּלעגט מיר שטענדיג ווייזען דאָס אָרט. איך האָב קיינמאָל קיין אַנדער היים נישט געהאַט, נור די גאַס. בייטאָג געהער זי צו אַלעמען. ווען די מענשען עפענען זייערע קראָמען אויף, די פּויערים קומען מיט די וועגען צופאָהרען, און דער האַנדעל פאַנגט אָן, פיהל איך זיך פרעמד אין איהר, בעהאַלט איך זיך אויפ'ן פעלד, ביים בית-עולם. נאָר אַז עס קומט די נאַכט, די מענשען בעהאַלטען זיך אין זייערע לעבער אַריין, דענסטמאָל איז די גאַס מיין. דעם מאַרק, יעדעס לאָך און יעדען ווינקעל קען איך. עס איז מיין שטוב.

דער שיכּור.

האָסט גוט געזאָגט. האָב איך דאָך אין יענעם הויז אַ שטוב, אַ בעט מיט אַ ווייב. בייטאָג אַרבייט איך דאָרט, זיץ איך ביי מיין שטיוועל און קלאַפּ די שטיפטען אין פּאָדעשווע אַריין, און איך איבערטראַג מיט געדולד מיין ווייבס קללות און געשרייען. נאָר קומט די נאַכט, איך קען נישט מעהר איהר געשריי אויסשטעהן. די שטוב ווערט מיר ענג און עס ציהט מיך אין גאַס אַריין.

די פּראָסטיטוטקע.

דאָס איז די קללה פון דער גאַס, וואָס רוהט אויף דיר, ווי אויף די וואָיענדע הינד. אַלע זענען מיר פערשאָלטען און קומען דאָ אָב אונזערע זינד. און מיר וועלען נישט ווערען פריהער אויסגעלעזט, ביז די הייליגע מוטער וועט

זיך נישט ווייזען און וועסט דיך אָנכאַפּען אָן איהר קלייד
און דיין נשמה וועט ווערען בעפרייט.

ד ע ר  אָ ר י מ אַ ן

לאַכט פון שלאָף.

כי-כי-כי-כי!—כאַ-כאַ-כאַ!

ד ע ר  ש י כ ו ר

ווערט טרויעריג, זיצט, דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגען:

בייטאָג איז עס גאָרנישט, בין איך מיט אַלעמען גלייך,
אַרבייט איך, ווי אַלע מענשען, נור קוים קומט די נאַכט...

ד י  פּ ר אָ ס ט י ט ו ט ק ע.

דאָס איז די קללה פון דער גאַס. זאָרג נישט, גאָט וועט
זיך איבער אונז אַלע מרחם זיין. זיין חסד איז גרויס.

פון דערווייטענס הערט זיך אַ ברומען פון אַ קינד, ווי אַ הונד וואָלט געוואָיעט.

ד ע ר  ש י כ ו ר.

וואָס איז דאָס?

ד י  פּ ר אָ ס ט י ט ו ט ק ע.

עס איז מאַנקע'ס אינעהרליך קינד, וואָס וואַלגערט זיך אַרום
אין גאַס. עס וויל צום פייער צוגעהן.

ד ע ר  ש י כ ו ר.

רוף עס אַהער.

ד י  פּ ר אָ ס ט י ט ו ט ק ע.

שווייג. ער וועט עס אַוועקטרייבען. זיי בלויבען, עס איז
פון טייוועל געבוירען געוואָרען.

ד ע ר  ש י כ ו ר.

וואָס איז ער פאַר אַ שררה דאָ? מיר זענען אַלע דעם טיי-
וועל'ס קינדער. ער רופט עס צו, ווי מען רופט אַ הונד. „פּאָדו-טאַ",
קום אַהער.

עס שלעפּט זיך צו אַ שטום קינד, שרעקליך אָבגעריסען. עס ברומט ווי אַ חיה'לע,
עס ציטערט פאַר קעלט.

ד י  פּ ר אָ ס ט י ט ו ט ק ע

נעהמט עס איין.

עס ליגעט אַ גאַנצע נאַכט הינטער דער מוטער'ס שוועל. די
מוטער האָט מורא פאַר'ן מאַן. טראָגט עס אין געהיים אַ

שטיק ברויט אַרויס, ווען קיינער זעהט נישט. אַזוי וואַלגערט עס זיך ווי אַ ווערימעל אין דער גאַס אַרום — מענשענ׳ס פלייש און בלוט.

דער שיכּור.

לאָז עס צום פייער צו — אַזוי. ער רוקט דאָס ממזר׳ל צום פייער. גיב איהם אַ שטיק ברויט. איך וועל זעהען, ווער דאָס וועט שלעכטס טהאָן!

דער אָרימאַן

וועקט זיך.

ניין! דאָס איז מיר שוין צו-פיעל. דעם אַליין אַהער געבּראַכט. דו ווייסט דאָך, אַז דער טייוועל שטעקט דערין. וויל עס אוועקיאָגען.

די פּראָסטיטוטקע

בעהאַלט עס אין איהר טוך.

האָב רחמנות דערויף.

דער אָרימאַן.

דו ביסט דעם טייוועל׳ס ווייב, דעריבּער האָסט דו רחמנות אויף דעם טייוועל׳ס קינד. וויל עס אוועקיאָגען.

דער שיכּור

רייסט איהם דעם שטעקען אַרויס.

מיר זענען אַלע דעם טייוועל׳ס קינדער. דו האָסט נישט מעהר אויף דיין לייב, ווי ער.

דער אָרימאַן.

הויבּט זיך נישט אָן! איך בין אַ קריסט און גלויב אין גאָט און האָב איך נישט קיין היים, שלאָף איך אין דער גאַס יעדער הונד געפינט זיין נאָרע, אָבער מיט דעם טייוועל צוזאַמען זיין וויל איך נישט. און שכנות מיט אַ פּראָסטיטוטקע שטעהט מיר נישט אָן, און קיין שיכּור איז מיין חבר נישט. ער נעהמט זיך צוזאַמען זיינע זאַכען. וואָס לויפט איהר מיר נאָך? די גאַנצע גאַס איז פאַר׳ן טייוועל דאָ, און געהען נאָר דעם מענשען נאָך. וויל אַבגעהען.

די פראָסטיטוטקע

פרובט אים איינצוהאלטען.

פערלאָז אונז נישט. לאָז עס זיך אָנװאַרימען, געהט עס אַװעק.

דער אָרימאַן.

איז מיר ניט קיין כבוד מיט אַזעלכע לייט צוזאַמען צו זיין.

אַב.

דער שיכור

װאָס האַלטסט דו איהם אָב? זאָל ער לויפען, װען עס שטעהט איהם נישט מיט אונז אָן.

די פראָסטיטוטקע.

װאָס, מיט דיר צו בלייבען איז אַ כבוד? ער [illegible] דאָך אַן אָרענטליכער מענש.

דער שיכור.

אַך, אויף דער עלטער װערסט דו פרום.

די פראָסטיטוטקע.

איך האָב שטענדיג געװאָלט אין אַ בכבוד'ער געזעלשאַפט זיין.

אַז דער אָרימאַן געהט אַב, הויבען זיך אָן ארויסצושלייכען פון דער נאַכט פערשיעדענע ברואים, האלב נאַקעטע. דער נאַר קומט אויך אַהער. עס פערװאַלגערט זיך אויך אַ הונד.

די פראָסטיטוטקע

קוקט זיך מיט שרעק אום.

עס נעהמט דאָך איינעם אַן אימה אָן מיט אַזוי פיעל קראַנקע צוזאַמען צו זיין. עס איז דאָך קיינער נישט דאָ, װער עס זאָל ביים גלייכען שכל זיין, װער עס זאָל אַ רוהיגען געװיסען האָבען. דער אָרימאַן איז אויך אַװעק.

דער שיכור.

מיט שרעק.

און די הינד זיינען אויך צום פייער געקומען.

די פּראָסטיטוטקע.

עס ציהט זיי אויף צו מענשען אַהער.

א קליינע מינוט פּויזע.

דאַס שטומע יונגעל הויבט מיט אמאָל אָן צו קלאָגען.

דער שיכּור.

וואָס איז איהם? נעהם איהם צו.

די פּראָסטיטוטקע.

דאָס וויינט דער טייוועל אין איהם. ער קוקט ערגעץ וואו מיט די אויגען אַהין.

דער טאָג הויבט אָן צו גרויען. א מאָדנע ווילד ליכט פאַלט איבער אַלעס. דאַ ווערט איינגעהילט, דאָ ענטבּלעקט זיך אַנ׳אַנדער ווינקעל פון א גאַס. אַלעס איז געהילט אין שאָטענס, ווי אין פאַרנאַכט.

דער שיכּור.

געלויבט איז גאָט, עס גרויעט.

די פּראָסטיטוטקע.

דאָס ליכט איז אַנדערש ווי יעדעס מאָל.

די הינד וואָיען.

דער שיכּור.

וואָס וואָיען די הינד? טרייב זיי פון פייער אַוועק.

די פּראָסטיטוטקע.

זיי קוקען ערגעץ וואו מיט די אויגען אַהין, און לווישען אין דער לופט. זיי מוזען זעהען עפּעס אַצינד.

פון דערווייטענס דערהערט זיך דאָס קלאַפּען אין די בלעכען פון גנב׳ס קינדער.

די הינד בילען מיט שרעק.

די פּראָסטיטוטקע.

עפּעס וואָס דערנעהענטערט זיך צו אונז.

דער נאַר

לאַכט.

דער שיכּור.

וואָס לאַכט דער נאַר? וואָס קוקט ער ערגעץ וואו מיט די אויגען אַהין? טרייב איהם פון פייער אַב!

ד י   פ ר אָ ס ט י ט ו ט ק ע .

זיי זעהען עפּעס בעסער פאַר אונז.

די הינד וואַיען און קופּען זיך אלע צוזאמען.

מען הערט טריט.

ד ע ר   ש י כּ ו ר

מיט שרעק.

עפּעס וואָס דערנעהענטערט זיך צו אונז.

א מינוט פּויזע. ערוואַרטען אין שרעק.

עס ווייזט זיך דער גנב, סטעפּאַן האַלט אויפ'ן אקסעל אן אָרימע פרוי, העלענא, וועלכע האָט אין איהר האַנד א קליין קינד. זי איז בעגלייט פון איהרע אָרימע קינדער, וועלכע האַלטען טראָמפּייטען און פּייקליך אין די הענד און שאַלען.

ס ט ע פּ אַ ן

דונערט מיט זיין שטים.

אויף דער ערד לאָזט אייך אַראָב, אויף די קניע! די היט פון די קעפּ! אי'הר זעהט, ווער עס קומט? די קעניגין געהט, די קעניגין געהט!

אלע ווערען בלייך, רוקען זיך אין דער זייט.

ס ט ע פּ אַ ן

געהט אריין אין זיי.

ווער איז דאָ? אַך, דער נאַר. נו, ווי שטעהט עס מיט דיינע חיילות? האַלט זיי גרייט! האַלט זיי גרייט! דער שיכּור! אַך, דער ריכטיגער מאַן פאַר'ן שפּיעל. ער פערנייגט זיך. איך קוש מיט עהרפורכט די האַנד דער מאַדאַם פראָסטיטוטקע. אויפן ממזר. און דיין טראָהן-פאָלגער איז אויך דאָ? צו דער פרוי נעהם זיי מיט, קעניגין. עס אויך הינד, ווי מיר, אויף דער גאַס אַרויסגעוואָרפען. לאָזען זיי מיט-ציהען מיט אונז. עס איז דאָ פלאַץ פאַר אַ סך.

ה ע ל ע נ אַ .

נעהם זיי, מיין מאַן, מיט. אַלע וועלען מיר אין איינעם זיין.

ס ט ע פּ אַ ן

לאָזט די קעניגין אראָב. צו די קינדער.

שטעהט, יונגען, שטעהט, אונזער געזעלשאַפט ווערט גרויס.

קומט דאָך מיט אונז מיט. מיר ציהען אָב אין אַן אַנדער לאַגד. קומט מיט אונז.

דער שיכּור

כאַפּט זיך אויף און קוקט אים אָן.

דאָס ביסט דו דאָך דער גנב סטעפּאַן!... דערשראָקען זיך אין די טונקעלע נאַכט... ער שפּייט אויס. אַ וואווילען שפּאַס געמאַכט, שטענדיג טרייבסט דו נאָך דאָס שפּיעל. ווער איז עס—דאָס הייב מיט די קינדער? פון וואַנען האָסט דו זיי געפּאַקט?

סטעפּאַן.

—ברודער, דאָס איז נישט קיין שפּיעל. ער ווייזט אויף די פרוי. דאָס איז אַ קעניגין. אויף די קינדער. און דאָס זיינען פּרינצען. יעדעס איינעס אַ פּרינץ! אויף די קניע פּאַלט פּאַר איהר און ציהט די הוט!

דער שיכּור.

איך קען דעם פּאַני גאַנץ גוט, האָט ליעב צו שפּאַסען.

סטעפּאַן

בעהט גאַנץ נאָהענט צו צו איהם.

עס איז היינט אַ נאַכט, ווען הינט ווערען בעפרייט. קוק אויף איהר. ער ווייזט אויף דער פרוי. קוק אויף אונז. איינגעשלאָסען האָט אונז דער בעל-הבית און מיר זיינען אַרויס. מיר זענען אַלע איין משפחה—הינט. אויף דער גאַס וואַלגערען מיר זיך אַרום, פערשלאָסען האָבען פאַר אונז מענשען די הייזער. קומט, הינט! מיר שליסען אַ בונד הייגט—וואַרף אַראָב פון דיר די קייט, ווער בעפרייט און שאָקעל דיך אָב, ווי מען טרייסעלט אַראָב פון זיך שטויב. דו ביסט דאָך אַ מענש. איך קען דאָך דיך פון דיין יוגנט אָן, איך האָב דאָך דיין מוטער געקענט.

דער שיכּור

האַלב פערוואונדערט.

איך ווייס נישט, וואָס דו מיינסט.

סטעפּאַן

רעדט ווייטער צו איהם.

און קוק דיך אַרום, וואָס האָבען זיי געמאַכט פון דיר? אַזוי

ווי אַן אַרויסגעוואָרפענער וואַלגערסט דו דיך אין די גאַ־ סען דורך גאַנצע נעכט אַרום. דיינע קינדער שרעקען זיך פאַר דיר, בעהאַלטען זיך אין די ווינקעליך, ווען זיי זעהען דיך שיכור אויף דער גאַס, און וויינען אויף דיין קאָפּ. און האָסט דו דען שולד דערין? בעהעפטען זיך מיט אַ שטיק פליש, וואָס דו האָסט פיינד! זיצכט אַ גאַנצען טאָג איינ־ געבויגען צו דיין שטיוועל און עס פאַלען אויף דיין קאָפּ די קללות און די שלעק. און עס קומט די נאַכט, וואַלגערסט דו דיך אין די רינשטאָקען אַרום, ביז מען וועט דיך גע־ פינען טויט הינטער אַ פלויט און בעפרייען ווערסט דו דיינע קינדער פון זייער שאַנד.

ד ע ר ש י כּ ו ר.

וואָס האָסט דו צו רעדען צו מיר אַזעלכע רייד?

ס ט ע פ אַ ן.

און האָסט דו דען שולד דערין? האָט דו דען איין מינוט אין דיין לעבען פרייד געהאַט? ווער האָט אויף דיר אַכטונג געגעבען? אונטער דיין שטיף־פאָטער'ס שטעקען ביסט דו גרויס געוואָרען. וויין די פלעקען אויף דיין לייב. געשלאָ־ גען האָבען זיי דיך פון קליינערהייט, צוערשט דיין שטיף־ פאָטער, דערנאָך דאָס שטיף־הייב. קיינמאָל האָט קיינער נישט צו דיר גערעדט, ווי צו אַ פריינד. קיינמאָל האָט דיך קיינער נישט געטרויסט.

ד ע ר ש י כּ ו ר

פאַלט צו דער ערד און וויינט.

ס ט ע פ אַ ן

צו העלענען.

און ער איז דאָך אַן אָרענטליכער מענש. איך קען דאָך איהם. מיר זענען דאָך אין איין שוהלע געוועזען. און ער האָט דאָך אַן אָרענטליכע מוטער געהאַט. געליעבט איהם און בעגאַנגען זיך ווי יעדע מוטער מיט איהר קינד. צו העלענען אין דער שטיל. הינטער דעם פאָטער'ס רוקען איהם ברויט געבראַכט.

ד ע ר ש י כּ ו ר.

איך וועל דאָס שיכּרות אַוועקוואַרפען. איך גיב מיין עהרענ־וואָרט. ווײנט ווייטער.

ס ט ע פ אַ ן.

וויין נישט, ברודער. מיר זענען אַלע הינט פון גאַס. מיר שליסען אַ בונד היינט. קום מיט אונז, קום. מיר וועלען אַכטונג געבען אויף דיר און וועלען אַלע צוזאַמען זיין. נעהם די פּראָסטיטוטקע און קום מיט אונז.

ד י פּ ר אָ ס ט י ט ו ט ק ע

שפּרינגט אויף און קוקט זיך פארוואונדערט ארום.

מיך?

ס ט ע פ אַ ן

נעהמט זי אָן ביי דער האנד.

מיר וועלן נישט אַנטלויפן פון דיר. נישט אויסמיידען דעם וועג. מיר ווייסען, ווער דו ביסט. דו האָסט קיין שולד דערין. ווער האָט דיך אויפגעצויגען? ווער איז דיין מוטער געווען? ווי די ציעג ביזט דו אויף דער גאַס געבוירען געוואָרען— יעדעס לאַן, יעדער שטיין האָט דיך מוטערדיג געגלעט. אַרויסגעוואָרפען האָט מען דיך אין גאַס ביי דיין געבוירען ווערען און מענשען זיינען אַנטלאָפען פון דיר, ווי פון אַ קרעציגען — אַ וואונדער, וואָס עס איז געוואָרען פון דיר? ביסט דאָך, ווי אַן אַרויסגעשמיסענע שמאַטע אין דער גאַס געלעגען.

ד י פּ ר אָ ס ט י ט ו ט ק ע

האלב אין געוויין.

איך בין נישט ווערט, אַז דער פּאַן זאָל רעדען צו מיר אַזעלכע רייד.

ס ט ע פ אַ ן.

ביסט ווערט, ביסט מיט אונז אַלעמען גלייך. דיין לייב איז שמוציג געוואָרען, דיין נשמה איז ריין. וואַש דיך נאָר אָב פון דער זינד. וואַרף אַראָב די קללה פון דיינע פּלייצעס און וועסט ווערען אַ מענש, ווי מיר אַלע גלייך. בענקסט דאָך אויך נאָך מענשען, איך קען דאָך דיך. איך ווייס, דו ביסט

גוט און ליעבּסט די מענשען. דאָס האָבּען זיי דיך אַזוי פערשאָלטען — דו בּיזט שטענדיג געוועזען אַ ריין קינד. וואַרט, וואַרט. ער ציהט וואַסער פון פלומפּ און גיסט אויף איהר. אָט וואַש איך דיר דיין קאָפּ און דו בּיסט אַ מענש, ווי מיר אַלע גלייך. אָט איז שוין די קללה אַראָבּ פון דיר. קוק דיך אַרום. דער פריהלינג איז דאָ. עס שמעקט אומעטום. דו בּיסט נאָך אַ יונג מעדיל, נאָך גאָר אַ קינד. דו ווייסט פון קיין שלעכטס. דו ווייסט פון קיין שלעכטס. דו בּיסט בּיי דיין פאָטער אין גאָרטען. דיין מוטער זיצט בּיים פענסטער דאָרט, קוקט אויף דיר און דו געהסט מיט דיין יונגען חתן שפּאַציערען אַרום.

ער נעהמט דעם שיכּור און שטעלט איהם צו דער פּראָסטיטוטקע און פיהרט זיי שפּאַציערען.

ד י פּ ר אָ ס ט י ט ו ט ק ע

שמייכעלט.

רעד נישט צו מיר אַזעלכע רייד.

ס ט ע פ אַ ן

שפּיעלט ווייטער.

עס איז דיין התונה אַ צינד. יונגע מיידליך קומען אין ברענגען דיר דיין ווייסעס חופּה-קלייד, וועלאָן, מירטאַ-קראַנץ —דו בּיסט נאָך אונשולדיג... מען פיהרט דיך צו דער חופּה. די מוטער לעגט דיר די האַנד אויפ'ן קאָפּ און בּענשט דיך. לייכטע האַרפען שפּיעלען. דיין חתן פיהרט דיך צום אַלטאַר צו.

ד י פּ ר אָ ס ט י ט ו ט ק ע

בּרעכט ארויס אין טרעהרען.

ד ע ר ש י כּ ו ר

כאַפּט זיך אויף

איך וויל מיט איר אין איינעם זיין. איך וועל מיך אָננעהמען פאַר איהר. איך וועל זי נישט בּעליידיגען לאָזען. זי איז מיין שוועסטער. איך וועל אַרבּייטען פאַר איהר.

ס ט ע פ אַ ן.

אָט אַזוי, אָט אַזוי. די הינד שליסען אַ בּונד היינט. ער נעהמט דעם ממזר און קושט איהם אויפ'ן קאָפּ. און דאָס איז אויך אונזער

קינד. אַלע זענען מיר הינט פון דער גאַס, אַלע שליסען מיר זיך אין אַ בונד הײנט.

ד ע ר ש י כ ו ר

נעמט פון סטעפאַנ'ען דעם קינד.

דאָס איז אונזער קינד. מיט אונז װעט עס זײן. ער נעהמט אָן די פּראָסטיטוטקע בײם אָרעם. קום, מיר װעלען אין אײנעם זײן. איך װעל אַרבײטען פאַר דיר. דו װעסט די הײם פּיה. רען. ער װײזט אויף דעם ממזר. מיר װעלען ערציהען איהם און אָנערקענען פאַר אונזער קינד. ער ציהט אַראָפּ דאָס טוך פון דער פּראָסטיטוטקע און חיקעלט זיך מיט דער פּראָסטיטוטקע און מיטן קינד אײן. װאָס, דו הערסט נישט? האָרך, איך מײן עס מיט'ן גאַנצען האַרץ.

ד י פ ר אָ ס ט י ט ו ט ק ע

הערט נישט. זי קוקט די גאַנצע צײט מיט שרעק אויף דער פרוי.

ס ט ע פ אַ ן.

אָט אַזוי, אָט אַזוי. מיר שליסען אַלע אַ בונד הײנט. אין אײנעם געהען מיר. אין אײנעם װעלען מיר זײן מיט די הינט. ער גלעט אַלעס, װאָס געפינט זיך אויף דער גאַס. יונגען, אין די טראָמפּײטען בלאָזט, אין די פויקען קלאַפּט. מיר מאַכען זיך אַ קעניג הײנט. צום נאַר. דאָס גאַנצע חיל װאַרט אויף דיר, מיט די שפּיזען אין די הענט, מיט די פּיקעס אָנגעגרײט דו זעהסט די האַרמאַטען אויפגעשטעלט? אַלע װאַרטען זײ צו דײן בעפעהל. ער װײזט איהם איבער דער גאַס. דו זעהסט דאָס חיל אַרום?

ד ע ר נ אַ ר

מיט פרײד.

אַ יאָ, אַ יאָ!

ס ט ע פ אַ ן.

גיב דעם בעפעהל, הערר נאַפּאָלעאָן, דו ביסט אונזער פעלד־מאַרשאַל. ציה דעם שװערד און גיב דעם בעפעהל!

ד ע ר נ אַ ר

ציהט דעם שװערד און רופט אין מאַרק, װי ער װאָלט אַ חיל דערזעהן.

דאָס געװעהר ג—ר—יי—ט!

ס ט ע פ אַ ן.

רופט אין גאַס.

אָט אַזוי. די הינט שליסען אַ בונד היינט. אַלעס געהט אין בונד אַריין. מיר מאַכען איבער זיך אַ קעניגין. ער ווייזט אויף דער פרוי. זי איז ווערטה צו טראָגען די קרוין פון דער גאַס. קום, קעניגין, אויף דיין טראָהן אַרויף. ער שטעלט אונטער די פלייצע. יונגען, אין די טראָמפייטען בלאָזט, אין די פויקען קלאַפט! אויף די קניע! די היט פון די קעפּ! די קעניגין געהט, די קעניגין געהט! אַזוי געהען מיר אין אונזער לאַנד.

עס איז ליכטיגער בעוואָרען. העלענאַ׳ס געזיכט איז שען געוואָרען און יונג, און ווערט עהנליך צו דעם מאַדאָנע בילד פון דער קירכע.

ד י פ ר אָ ס ט י ט ו ט ק ע

וועלכע האָט שוין פון פריער בעקוקט אויף דער פרוי מיט מורא און אנגסט, דערקענט זי יעצט ביים גראָהען ליכט. און ווי אַזוי זי זיצט אויף דעם גנב׳ס פלייצעס מיט דעם קינד אויף די הענד, פאַלט זי פאַר איהר אויף די קניע און שרייט אויס מיט אַן אומענשליכער שטים.

אָ! זעהט! דאָס איז דאָך די הייליגע באַשיצערין אונזערע די בעשיצערין פון אונזער קירכע! קוקט זי אָן, איהר! געזיכט, זי אין איהר אייגען לייב — איז פון דער קירכע אַרויס. אָ, עס איז דאָס הייליגע בילד, פאַר וועלכען איך בעט תמיד. איך ערקען עס! די בעשיצערין אונזערע אין אין איהר אייגען לייב. זי שרייט אויף און וואַרפט זיך אויפ׳ן פנים פון איהר. אָ, מוטער, מוטער! איך בין בעלאָדען מיט זינד, מיין נשמה איז פאַרפאַלען. מוטער, מוטער, נעהמט מיך אונטער דיין שוץ! זי ציהט זיך אויס אַן ווערטער פאַר איהר.

די אַנדערע ווערען אָנגעשטעקט פון איהר. קיקען זיך מיט שרעק אין דער פרוי׳ס געזיכט איין. ערקענען אין איהר די הייליגע, לאָזען זיך האלב אויף די קניע אראָב. דער גנב, וועלכער האָט זי שוין פון פלייצע אראָבגעלאָזט, ציהט דעם הוט, לאָזט זיך אויף די קניע. אַלעס פאַלט אויף דער ערד.

עס הערט זיך אַ גלאָק פון דער קירכע.

עס הייבט אָן צו טאָגען.

א נ ד ר ז ש ע י׳ ס

קול פון דערוויטענס.

וואו שלעפט זיך דאָס ווייב מיט די קינדער אַרום, הע, הע־לענקאַ, העלענקאַ, סטעפאַן.

אלע וואכען זיך אויף, קוקען זיך מיט ערשטוינונג ארום.

עס קומט אן אנדרזשעי מיט יאדוויגען.

אַ נ ד ר ז ש ע י

צו העלענקען, בייז.

וואָס טהוסט דו אין גאַס מיט די קינדער ?—פלינק אַהיים!

הויבט אויף די פויסט אויף איהר.

ה ע ל ע נ ק אַ

מיט מורא.

איך בין נישט שולדיג. ווייזט אויף סטעפאנ׳ען. ער האָט גע־טריבן שפּאַס. נעהמט צוזאמען איהרע קינדער, וויל אוועק.

אַ ל ע אַ ר ו מ י ג ע

לאכען.

כאַ כאַ, כאַ! עס איז דאָך גאָר העלענקאַ, דעם שיכור׳ס ווייב, און מיר האָבען געמיינט... כאַ, כאַ, כאַ.

ס ט ע פ אַ ן.

ניין, ניין. דאָס איז דאָך אונזער קעניגין. די קעניגין פון די הינט. מיר האָבען דאָך געשלאָסען אַ בונד. וואָס אַנט־לויפט איהר ?

אַ ל ע

לאכען.

מיר ווייסען, דער הער האָט ליעב צו טרייבען שפּאַס. אנט־לויפען זיך.

ס ט ע פ אַ ן

שרייט זיי נאך.

איהר הינט, איהר הינט, אָ, איהר פערשאָלטענע הינט!

י אַ ד ו ו י ג אַ

צו סטעפאנ׳ען.

נאַ, נעם די בייטש, און היידאַ, אין פאַבריק צוריק! פלינק עס איז שוין טאָג.

ס ט ע פ אַ ן

שטעהט ערשראָקען.

מיין שען ווייבעל, נאָר איין אויגענבליק.

י אַ ד ו ו י ג אַ

טאַפּעט מיט'ן פוס.

די מינוט! די נאַכט איז פערביי, עס איז שוין טאָג. אין פאַבריק צוריק!

ס ט ע פ אַ ן.

איהר הינט, איהר פאַרשאָלטענע הינט.

די סצענע פערוואַנדעלט זיך. זי איז אין העלענקעס צימער, ווי אין אַנפאַנג צווייטען אקט. אַנדרזשעי שטעהט איבער דעם שלאָפענדען סטעפאַן און וועקט איהם.

אַ נ ד ר ז ש ע י.

נו, פלינקער, נעם די בייטש, אין פאַבריק צוריק, איידער יאַדוויגע כאַפּט זיך אויף.

ס ט ע פ אַ ן

רייסט זיך אויף פון שלאָף. קוקט אָן אַנדרזשעיען פערוואונדערט, דער־נאָך העלענקען, וועלכע זיצט ביים קינד'ס וויעגעלע ווי אין אַנפאַנג צווייטען אקט.

דאָס ביסט דו? געהט צו צו העלענקען און קוקט זי אָן. דאָס ביסט דו? און איך האָב דאָך געמיינט. —

אַ נ ד ר ז ש ע י

גיט איהם די בייטש אין האַנד אריין.

מאַך עס שנעלער, איידער די פריצטע איז אויף. זי וועט שוין אַנ'אַנדערש מאָל גאָר נישט אריינלאָזען.

ס ט ע פ אַ ן

נעמט די בייטש אין האַנד אריין. צו העלענקען.

דאָס ביסט דו? און איך האָב דאָך געמיינט, אַז דו ביסט אַ קעניגין?

ה ע ל ע נ ק אַ

אין צרות.

וואָס וויל ער פון מיין קאָפּ?

א ַנ ד ר ז ש ע י

מיט געלעכטער.

וואָס טרייבסט דו שפּאַס.

ס ט ע פ אַ ן

געהט ארויס מיט די בייטש אין האנד.

הינד, הינד, פערשאָלטענע הינד !...

פ אָ ר ה א נ ג.

שלום אַש

# מאטקע גנב

אַ פאָלקס־שטיק אין דריי אַקטען, מיט אַ פּראָלאָג.

# פּערזאָנען.

מאָטקע גנב.
בלינדער לייב. זיין פאטער
זלאַטקע. זיין מוטער.
אפרים.
בעריש מייסטער.
דאָבּטשע. זיין ווייב.
ר׳ מאיר מלמד,
דער בלינדער פּערל, א סטראזשניק.
שפּרינצע.
איינער.
אַלטער תּרח, קאטארינאזש דירעקטאר.
מערי, א דראטען-געהערין.
קאַנאַריק. א קאטארינאזש.
אַ פוילישער פּאַן.
ר׳ מלך, האלט א קאפּעע-הויז אויף דער אלט-שטאדט אין וואַרשא
הינדעל, זיין ווייב.
חנה׳לע, זייער טאָכטער.
באַשע.
זשאַכלינערין. } מעדלעך
די רויטע.
שלמה.

# פראָלאָג.

די ביהנע שטעלט פאר א ארעמען קעלער.

**ז ל אַ ט ק ע**

חאָסט וועט. מען הערט אין דרויסען שרייען. א גנב! א גנב! זי קוקט זיך אום מיט שרעק. עס עפענט זיך אויף א טהיר און עס לויפט אריין מיט איםפעט מ אָ ט ק ע, א יונגעל פון א יאהר 12. ער האלט א פאר שטיוועל מיט א ברויט אונטער׳ן ארעם, אבגעריסען.

**מ אָ ט ק ע**

אריינלייפענדיג מיט שרעק.

מאַמאַ!

**ז ל אַ ט ע.**

וועה איז מיר. דו? אַנטלויף, דער טאַטע וועט קומען, וועט ער דיר דאָך דערהרג׳ענען אויפ׳ן אָרט.

**מ אָ ט ק ע.**

מען יאָגט מיך!

**ז ל אַ ט ע.**

וואָס האָסטו שוין ווידער געטהון? ווער יאָגט דיך?

**מ אָ ט ק ע.**

זעה. ווייזט אויף די שטיוועל. בעהאַלט, וועסט האָבען אויפ׳ן ווינטער, ביי אפרים׳ן געגנב׳עט.

**ז ל אַ ט ע.**

אַרויס פון מיין שטוב. איך וויל דיר נישט האָבען מיט דער גנבה. אַרויס!

פון דרויסען הערען זיך נענטער די געשרייען. א גנב! א גנב!

**מ אָ ט ק ע.**

מיט שרעק.

מאַמאַ!!

ז ל אַ ט ע.

וואָס זאָל איך טהון מיט דיר, אונגליקליך קינד. זיי וועלען דאָך דיר דערהרג'ענען. קריך אַרונטער אונטער'ן בעט, האָליע דיך שוין אַנידער אַז אויסגערונען האָסטו בעדאַרפט ווערען אין דיין מאַמעס בויך, איידער די ביזט אויף דער וועלט געקומען. זי בויקערט איהם אָן, סטופּט אריינטער אונטער'ן בעט און פארשטעלט איהם מיט זיך. אין די תפיסות וועסטו דאָך פוילען, נאָך סיביר וועט מען דאָך דיך פערשיקען.

א פ ר י ם' ש י

קומט אריין, אָן קאַפּאָטע מיט אַ צעפּליאָשעטען קאָפּ האָר.

געוואַלד! געוואַלד, ער האָט דאָך מיך געשאָכטען, אין מיטען העלען טאָג האָט ער דאָך מיך געשאָכטען. שרייט. מענשען! מענשען!

עס קומען אריין מענער און פרויען, מיט סטעקענס און בעזעמס.

א י י נ ע ר.

דאָ איז ער אַנטלאָפען. איך האָב איהם אַליין געזעהן, ווי ער איז אַריין אין קעלער.

ש פּ ר י נ צ ע ל ע.

אַז ער איז נאָר דעם בלינדען לייב'ס, איז שוין ריכטיג. אין זיין מאַמענ'ס בויך איז ער שוין געווען אַ גנב.

א פ ר י ם' ש י.

ער האָט דאָך מיך געשאָכטען. ער האָט דאָך מיך געקוילעט, ווי אַ אָקס געקוילעט אין מיטען העלען טאָג. אוי וועה איז מיר!

א י י נ ע ר

צו זלאַטען.

וואו האָסטו איהם? גיט איהם אַרויס, דעם גנב!

ז ל אַ ט ע.

פערשטעלט איהם ביים בעט,

איך האָב איהם נישט געזעהן, איך ווייס נישט וואו ער איז. וואָס ווילט איהר פון מיר?

ש פּ ר י נ צ ע ל ע

צו די יודען ארום.

אַז ער איז נאָך געווען אַ קליינער שרץ, ער האָט נאָך נישט

געקענט געהן, אויף אַלע פיר געקראָכען, איז ער שוין גע־
ווען אַ גנב, מען האָט דאָך קיין קינד נישט געקענט אַרויס־
לאָזען אויף דער ליכטיגער שיין, געזעהן אַ קינד מיט אַ בײ־
געל, מיט אַ זעמיל, אַוועקגעכאַפּט און אויפגעפרעסען. אַ שטי־
קעל ברויט, אַ טעלערל מיט גרויפּען, אַרויסגעכאַפּט פון
דער האַנד און אויפגעפרעסען. וואָס ער האָט געזעהן, האָט
ער געכאַפּט. אַז ער איז נאָך געווען אַזאַ קליינער ממזר,
אַז מ'האָט דאָס געזעהן אַרויסקריכען אויף אַלע פיר איז
דאָך אַ שרעק אָנגעפאַלען אויף אַלעמען. ס'וואונדער וואָס
ער איז אַ גנב, די מאַמע האָט דאָך איהם געלערנט.

א פ ר י ם ' ש י.

געוואַלד, מיינע שטיוועל, מיינע שיך, ער האָט דאָך מיך
געשאָכטען, ער האָט דאָך מיך געקוילעט, אין מיטען הע־
לען טאָג געקוילעט, מענשען, מענשען! וואָס שווייגט איהר?

א י י נ ע ר.

וואו איז דער יונג? גיב אַרויס דעם יונג!

ז ל אַ ט ע.

איך ווייס נישט, וואו דער יונג איז, און ווייס נישט, איך
האָב אים נישט געזעהן, איך ווייס נישט.

ב ע ר י ש  מ י י ס ט ע ר

לויפט אריין ווי א חילדער, א נידריגער יוד, מיט א פאר שטארקע ברעמען, מיט
א געדיכט־האָר־בעוואקסענעם פנים, מיט א רימען אין האנד.

לאָזט מיר נאָר צו, לאָזט מיר נאָר צו. זלאַטקע גיט אַרויס
דעם יונג. ס'איז בעסער פאַר איהם, איך וועל איהם געבען
מיט מיין רימען, איהר וועט מיר דערנאָך דאַנקען, זלאַטקע.

ד אָ ב ט ש ע

געה, צו וואָס זאָלסטו דיך אָנאַרבייטען ביים יונג, זיי ווע־
לען דען דיר דאַנקבאַר זיין? שילטען דיך נאָך.

א פ ר י ם ' ש י.

מענשען, געוואַלד, זעהט, זעהט! ער גיט זיך א שטיוועל אויף דער
ערד. מיין בלוט, מיין פלייש, זעהט, ווי מיין בלוט וואַלגערט
זיך אַרום, זעהט!

**אײנער.**

צו זלאטקען.

דעם יונג גיב אַרויס, גיב אַרויס די מינוט דעם יונג, זאָגט מען דיר, אַ גזלן װעט ער אױפװאַקסען. װיל זיך װארפען צום בעס.

**זלאטקע**

כאפּט אַ װאלגער האָלץ.

אַװעק פון דאַנען! נישט דערלעבען װעט איהר דאָס, אַז איך זאָל אײך לאָזען מײן קינד שלעכטס טהון. צו עסען גיט איהר איהם, װאָס איהר געהט אים שלאָגען? די קעפּ װעל איך אײך שפּאַלטען, װער עס װעט צוגעהן צו איהם

**שפּרינצע.**

זעהט, מענשען, זעהט, די מאַמע אַלײן מאַכט איהם פאַר אַ גנב, די מאַמע אַלײן.

**בעריש**

מיט'ן רימען.

זלאַטקע, דאָס איז דאָך פיר דײן טובה װעגען, די הענד דאַרפסטו מיר קושען, װאָס איך געה איהם שלאָגען.

**דאָבטשע.**

דו האָסט דען כח צו איהם? ס'איז דען דײן קינד? װאָס װעסטו דאָס געזונד אַװעקלעגען. זײ װעלען דען דיר בע-צאָהלען פאַר דעם?

עס קומט צרײן דער בלינדער פערל. עס ערשײנט אַ הויכער סטראַזשניק מיט אַ שװערד.

**אײנער.**

יודען, מאַכט אַ װעג, דער בלינדער פערל געהט!

**אפרים.**

פאַניע נאַטשאַלניק! פאַניע פאָלקאָװניק, פאָטערל אונזערער, ער האָט דאָך מיך געשאָכטען, ער האָט דאָך מיך געקוילעט, אין מיטען העלען טאָג געקוילעט, מײנע שטיװעל, מײנע שיך, מײן בלוט און פלײש.

בלינדער פערל.

ש ש... פאַסמאָטרים, ס׳וועט אַלעס זיין אין אָרדענונג. צו זלאטקען. וואו האָסטו איהם בעהאַלטען זאָג געשווינד!

זלאַטקע.

איך האָב איהם נישט בעהאַלטען, איך האָב איהם נישט געזעהן, איך וויים נישט, וואָס איהר ווילט פון מיין לעבען?

בלינדער פערל.

דו וויסט נישט? נו פאַסמאָטרים. זוכט ארום אין שטוב, צום סוף קומט ער צום בעט, וויל ארונטער קוקען, זלאטקע פערשטעלט איהם. אהאַ. קלאפט מיט׳ן שווערד. היי מאָשעניק! וויליעזיי! וויליעזיי!

זלאַטקע.

טייערע מענשען, האָט׳ס רחמנות. זי פערשטעלט איהם דעם וועג. איך וועל דיך נישט לאָזען איהם אָנריהרען, איך וועל דיך נישט לאָזען. ראנגעלט זיך מיט׳ן סטראזשניק. ער איז נישט שול־דיג, ער איז דאָך נאָך אַ קינד.

בלינדער פערל.

אַ קינד איז ער... שטרענג. געהסט אַוועק די מינוט! דו לאָזט מיך נישט דאָס געזעץ אויספיהרען?... יודעלעך, נעמט זי אַוועק פון דאַנען.

א פאָר יודען, בעריש, שפרינצע ווילען צוגעהן צו איהר.

זלאַטקע.

די אויגען וועל איך אויסקראַצען מיט מיינע נעגעל ווער ס׳וועט דאָ צוקומען צו מיר. הויבט אן שטארק צו וואוינען, בעטענדיג זיך. יודען האָט רחמנות, האָט רחמנות, ער איז דאָך נעבעך נישט שולדיג.

איינער.

ער איז נישט שולדיג... זעה, ווי זי בעט פאַר איהם דעם גנב!

זלאַטקע.

איך האָב איהם דען עסען געגעבען, אז ער זאָל נישט גנבענען?... פון וויגעלע אָן, האָט ער זיך דאָך געמוזט דערנעהרען, די מילך זיינע האָב איך דאָך נאָך פערקויפט, איידער ער איז געבוירען געוואָרען, פאַר די זשאַכלינערס

אייניקעל האָב איך זיין מילך פערקויפט. *וויינט.* איך האָב געקאָרמעט אַ פרעמד קינד און מיינס איז געלעגען אין דער היים אין צרות, די מילך האָט מיר אין די ברוסטען גע־שטאָכען און מיין קינד האָט געשריגען נאָך דער מאַמען.

**ר׳ מאיר מלמד.**

אוי, עס איז אמת, אוי איז עס אמת, איך האָב דאמאָלס עווינט מיט זיי אין קעלער. אַז דער יונג האָט אָנגעהייבען צו שרייען, האָט זיך דער באַלקען געשפּאָלטען פון די קולות, האָב איך גענומען אַ שטיקעל צוקער, איינגעבונדען אין אַ שמאַטקע און איהם געגעבען אין מויל אַריין, ער זאָל מיינען, אַז עס איז די מאַמעס ברוסט, ער האָט זיך אָבער נישט געלאָזט אָבנאַרען, האָט בשום אופ׳ן נישט געוואָלט די שמאַטקע סמאָטשקען, אוי האָט ער געשריגען, אוי, האָט ער געשריגען...

**זלאַטקע**

*חיינס.*

וואָס האָט ער געקענט טהון, אַז עסען געבען האָב איך נישט געהאַט. ווי אַ פערלאָזטער פייגעל האָט ער געמוזט אַליין איבער זיך זאָרגען, איידער ער האָט נאָך רעדען גע־קענט, אַז ער איז נאָך אויף אַלע פיר געקראָכען, האָט ער געמוזט די קרישעלעך ווי אַ פייגעלע צוזאַמען פיקען... וואָס האָט ער געקענט טהון, געזעהן קינדער עסען, געכאַפּט און געגעסען, געווען הונגעריג. עס האָט דען ווער איהם עמיצער געזאָרגט? איהר האָט איהם עסען געגעבען, וואָס איהר געהט איהם שלאָגען?

**איינער.**

איך זאָל מיר געהן דאָס האַרץ אָברייסען פאַר דעם בלינדען פערל, האָב איך אַ זאָרג, ~~זאָל ער געהן אַליין דעם יונג אַרויסשלעפּען.~~ *געהט אוועק.*

**בעריש.**

אַז מען האָט אפרים׳ען בעגנב׳עט, אַ שיינע ריינע כפרה אויף זיין קאָפּ, די שטיוועל פוילען סיי ווי סיי ביי איהם אין קאַמער. קומט יודען *געהט אוועק פון בעט.*

בלינדער פערל.

איהר ווילט נישט דעם יונג אַרויסשלעפּען? ניין, יודעלעך, ניין?

אייניגע.

זי לאָזט נישט. ווייזען אויף זלאטען.

בלינדער פערל.

זי לאָזט נישט, איך וועל איהר ווייזען, אַז זי וועט יאָ לאָזען. געהט צו צו איהר אַוועק פון דאַנען! שטופּט זי אוועק.

זלאַטע.

ראנגעלט זיך מיט איהם.

איך וועל דיר נישט לאָזען מיין קינד שלעכטס טהון. יודען, האָט רחמנות, האָט רחמנות. דער בלינדער פערל וויל זי שלאָגען מיט׳ן שייד פון שווערד. שלאָגט מיר און אוועקגיין וועל איך נישט.

איינער.

וואָס האָט ער זי צו שלאָגען?

שפּרינצע.

טאַקע אַזוי, וואָס האָט ער אַ יודענע צו שלאָגען. ער נעהמט דען נישט 10 גילדען אַ וואָך מיט אַ חלה ביי אונז. אַז מען האָט געגנבעט, וואָס איז דאָס זיין געשעפט וואָס? וואָס האָט ער זיך צו מישען וואָס?

בעריש.

יודען, איך האָב אַ עצה, מען דאַרף איהם בלינד מאַכען. גיט נאָר עפּיס צושטייער. נעהמט ארויס קליין געלד. גיב נאָר עפּיס צושטייער. די יודען קלייבען צונויף קליין געלד. דער סטראזשניק קוקט צהין מיט איין אויג. מ׳גיט איהם דאס געלד. נאַ דאָ האָסטו און ווער בלינד, זעה נישט און הער נישט, ווער אַ בלינדער פערל.

בלינדער פערל.

נעמט דאס געלד און מאַכט צו איין אויג.

שוין, איך בין שוין בלינד. דער בלינדער פערל. אַז איר ווילט אַ גנב טאָ וואָס איז דאָס מיין עסק? האָט איהם אייך געזונ־טערהייד, שוין, איך בין שוין בלינד. וויל אוועקגעהן

אפרים.

פאניע נאַטשאַלניק, וואָס טהוסטו, ער האָט דאָך מיר געשאָכטען, ער האָט דאָך מיר געקוילעט אין מיטען העלפען טאָג, מיינע שטיוועל, מיין פלייש און בלוט! לויפט נאָך דעם סטראַזשניק.

בלינדער פערל

קרימט איהם נאָך.

מיינע שטיוועל, מיין פלייש און בלוט. ווער הייסט דיך זיי האַלטען אין קאַמער? שטיוועל זענען דאָ, אַז מענשען זאָלען זיי טראָגען, נישט אז זיי זאָלען פוילען אין קאַמער. אב.

שפרינצע.

ער האָט דען נישט רעכט, דער בלינדער פערל, אוי, האָט ער רעכט. אב.

אלע געהען אב. פויזע.

זלאַטע

רופט אונטער'ן בעט

קריך שוין אַרויס, קריך שוין, אין דרערד זאָלסטו קריכען מאטקע קריכט אפויער. צוליב דיר וועל איך אַזעלכע חרפות און בושות אויסשטעהן, אַז מענשען זאָלען מיר קומען מיין בלוט צאַפּען. זי פאלט צרויף אויף איהם און שלאָגט איהם און בייקערט איהם אָן.

מאָטקע

בטעהט און לאָזט זיך.

דו שלאָג, דו הרג'ע, אַז דו ווילסט, איך וועל דיר גאָרנישט זאָגען, איך וועל מיך לאָזען.

זלאַטקע.

אַ בראָך איז דאָך צו מיינע יאָהר, וואָס שלאָג איך איהם נאָך? דער יונג וואַלגערט זיך אין גאַס אַרום ווי אַ הונד, הונגעריג און קאַלט, און איך שלאָג איהם נאָך... זעה, אין וואָס פאַר אַ הילך דו געהסט, וואָס וועט פון דיר דער סוף זיין? געהט צו צו דער קיך, זוכט עפּעס, גיט איהם עסען.

מאָטקע.

איך וויל נישט עסען.

זלאטקע.

דו ביזט דאָך הונגעריג, זיי האָבען דאָך דיך געיאָגט ווי אַ משוגענעם הונד.

מאָטקע.

איך בין נישט הונגעריג. איך געה אַוועק פון דאַנען, איך וויל מעהר דאָ נישט זיין. איך וועל געהן, איך ווייס שוין, וואו איך וועל געהן.

זלאַטקע.

וואו וועסטו געהן? אין ד׳רערד אַריין. ביזט דאָך נאָך אַ יונג קינד, ווער וועט זיך אויף דיר אַרומקוקען, ווער וועט דיר אַ מאַמע זיין?

מאָטקע.

איך ווייס שוין וואָס איך וועל טהון, דו זאָרג זיך נישט מאַמע, איך בין שוין אַ גרויסער יונג, איך וועל זיי שוין געבען תייזס מיט׳ן פויסט אויפ׳ן שטעדטיל. מאַמע, איך וועל אָן דיר שטענדיג געדענקען, וואו איך וועל נישט זיין, וועל איך דיך געדענקען, און אַז איך וועל גרויס ווערען און אַ סך געלד האָבען, וועל איך קומען נאָך דיר, אין אַ קאָטש מיט צוויי פערד וועל איך קומען נאָך דיר, דעם טאַטען נישט מיטנעהמען, נאָר דיך.

זלאַטקע.

וואו וועסטו מיטנעמען, אין דרערד אַריין, וואָס פלוידערסטו, וואָס? טהו בעסער די הויזען אויס, וועל איך דיר עס פערריכטען זעה אין וואָס פאַר אַ הילך דו געהסט. זי ציהט פון איהם די הויזען אראב. וואו שפּרינגסטו איבער אַלע פּלייטען און פויערן ווי אַ ווילדע ציג, וואָס וועט פון דיר דער שווארצער סוף זיין?

מאָטקע.

מאַמע, זאָרג זיך נישט, דו וועסט זעהן, וואָס איך וועל נאָך טהון... איך וועל זיי שוין ווייזען, ווער מאָטקע איז, איך וועל אַוועקגעהן אין דער וועלט אַריין, איך וועל מיך שוין סטאַרען, און אַז איך זאָל רייך ווערען וועל איך אין אַ קאָטש מיט צוויי פערד קומען נאָך דיר.

מען הערט טריט אין דרויסען.

ז ל אַ ט ק ע.

אוי אַ בראָך איז נאָך מיר, דער טאַטע געהט! בעהאַלט זיך, ער וועט דיך טויטען אַז ער וועט דיר טרעפען אין קעלער. ער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל דיך אויף דער שוועל נישט אַרויפלאָזען, נו, קריך אַרונטער ער קריכט אין א חינקעל אריין, זי פערשטעלט איהם און זעצט זיך נעהען די הויזען.

לייב, א הויכער, שטארקער יונג, בלינד אויף איין אויג, מיט א שטריק אונטער'ן ארעם.

ל י י ב.

קומט און שרייט נאך אין דרויסען.

וואָס האָסטו שוין ווידער דעם ממזר אין קעלער אַריינגעלאָזען? קוקט זיך ארום. איך האָב דאָך דיר אָנגעזאָגט, אַז דו זאָלסט דעם בענקאַרט אויף דער שוועל נישט אַרויפלאָזען, וואו האָסטו דעם יונג ווידער בעהאַלטען?

ז ל אַ ט ק ע.

וואָס ווילסטו האָבען, ער האָט נישט געהאַט וואו צו אַנטלויפען, זיי האָבען איהם ווי אַ משוגענעם הונד געיאָגט, איז ער צו די מאַמע אַריינגעלאָפען. וואָס האָסטו געוואָלט, אַז איך זאָל איהם אַרויסוואַרפען, אַז זיי זאָלען איהם דערהרג'ענען? נישט דערלעבען וועסט דו דאָס.

ל י י ב.

אויפגערעגט, שרייט.

בענקאַרטעס האָסטו ערצויגען, גנבים, און דו בעהאַלסט איהם נאָך. וואו איז דער יונג?

ז ל אַ ט ק ע.

ער איז שוין נישטאָ, ר'איז אַנטלאָפען.

ל י י ב

רייסט די הויזען.

וואָס נייסט דו? וואו איז דער יונג? איך וועל דיר מיט איהם אין איינעם דערהרג'ענען אויפ'ן אָרט!

ז ל אַ ט ק ע.

איך ווייס נישט וואו דער יונג איז, וואָס ווילסטו האָבען?

וועהניג האָבען איהם פרעמדע געיאָגט, נאָך דער א״געגנער טאַטע.

ל י י ב.

דו נעמסט זיך נאָך אָן פאַר איהם, האָסט ערצויגען אַזאַ גנב, ווי דיין אייגענע משפחה. הויבט אויף א האנד אויף איהר.

מ אָ ט ק ע.

האָט דורך א שפּאַלט צוגעזעהן די סצענע, לויפט ארויס פון ווינקעל מיט א שטעקען.

איך וועל דיר נישט לאָזען שלאָגען די מאַמע, איך וועל דיר צוריק געבען! מיך שלאָג׳ן יאָ, דער מאַמען נישט, נישט לאָזען, נישט לאָזען. האלט דעם שטעקען.

ז ל א ט ע

שרייט.

מאָטקע וואָס טהוסטו? געגען א טאַטען הויבסטו די האַנד אויף?!

ל י י ב

נעהמט אראָב דעם פּאַסעק.

דו משומד איינער! אַרויס פון מיין שטוב, די מינוט. דעם קאָפּ וועל איך דיר צושפּאַלטען אויף צוויי. וויל איהם שלאָגען.

ז ל אַ ט ק ע

וועלכע האָט זיך שוין געשטעלט צווישען זיי.

געה מאָטקע, געה, וואו דו ווילסט געהן, אין דער גרויסער וועלט אַריין, דו האָסט נישט קיין טאַטען, האָסט נישט קיין מאַמען, אַ יתום ביזטו געבוירען געוואָרען אויף דער וועלט. אפשר וועלען דיר אַנדערע טאַטע מאַמע זיין, געה מיין קינד. וויינט.

מ אָ ט ק ע.

וויין נישט, מאַמע, איך וועל שוין וויסען וואָס צו טהון, איך וועל דיר שטענדיג געדענקען מאַמע. וויל געהן.

ז ל א ט ק ע.

וואַרט מיין קינד, נעם כאָטש דאָס רעקל מיט, און דעם

ערשטען ביסען ברויט... נעמט דאס ברויט, װאס געפינט זיך אין שטוב מיט די הויזען און גיט איהם,

מאַטקע

װאַרפט די הויזען איבער די אַקסעל, דאס ברויט אונטער'ן ארעם.

בלייב געזונד, מאַמע, וויין נישט מאַמע... אַב.

זלאַטקע.

מיין קינד אַב, מיין אָרעם קינד:

ענדע פון פראלאג.

# ערשטער אַקט.

א צימער אין א האָטעל, אין א קליינער שטאָדט, אָנגעשטעלט מיט בעטען. פֿערשיידענע רויטע און אין געשטרייפטע ציכלעך, ווי ביי ציגיינער, פויגלען און שטייגען הייננען, א פאָצוגיי, א רויטער, אין א שטייג, א רייטער פאָפּירענע לאָמפּ אין מיטען שטוב, צוויי קליינע פענסטערלעך.

זונקעל אין וועגד

דער אלטער ת ר ח „דירעקטאָר״ פון צירק ליגט אויסגעצויגען אויף אַ בעט. מ ע ר י, די „קונצענמאַכערין״ אין אַ ווינקעל ביי אַ שפּיגעלע קעמט זיך די האָר דער פּאַפּוגיי איבער איהר, מ אַ ט ק ע, אַ יונג פון אַ יאָהר 18 שטעהט און קוקט אויף מערי... איידער דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, הערט מען זינגען אַ רוסיש ליד.

סויזענד האָב איך געליעבט
סויזענד האָב איך פערלאָזט
נאָר אָן איין איינציגען
פערגעסען קען איך נישט.

ד י ר ע ק ט אָ ר.

הער נאָר דו, הישפּאַנער טשעמפּיאָן, ווייז אַ קונץ און ציה אַראָב אַ אַלטען מייסטער די שטיוועל, לאָמיר זעהן וואָס דו קענסט. מאַטקע ציהט איהם אַראָב די שטיוועל און דער דירעקטאָר שלעפּט זיך מיט מיט איהם. אַז די נכפּה זאָל דיר פּאַקען, ווי ער ציהט, קאַנאַריק, דערשוויצט זיך דערביי ווי אַ אַלטער קאָטער, די געלע טשופּערינע שטעלט זיך איהם אויף ווי ביי אַ האָהן... מערי, איך האָב מורא, ער וועט קאַנאַריקן אין דרערד יאָגען, זאָל איך אַזוי לעבען אין דרערד יאָגען... פּערדרייט זיך אויף דער צווייטער זייט און רעדט נאָך צו זיך. מיט איין מאָל אַ פּאָר שטיוועל פון אַ אַלטען קאַטריניאַזש אַראָבצוציהען בעדאַרף מען טאַקע זיין אַ טשעמפּיאָן — אַ טשעמפּיאָן כראָפּעט, אָטהעמט שווער, ביז ער שנערכט הויך.

מ אָ ט ק ע

איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און געקוקט מיט גלאַנצענדיגע אויגען אויף מערין, דרעהט זיך אויף איין פוס און ווייזט מיט די פינגער.

אויך אויסטהון?

מערי דערלאַנגט איהם דאָס פּיסעל.

מאָטקע

קניהט אנידער, נעהמט איהר פוס, טהוט אויס די לעטשלעך, גלעט עס דערביי, רעדט צו זיך מיט פרייד.

ווי אַ טייבעלע, ווי אַ פייגעלע אַ קליינס, וואָס איך האָב גע כאַפּט, ווען איך בין אַ קליינער יונג געווען — איז עס אוין אַזוי לעבעדיג, אַזוי געצאַפּעלט—וואַרעם, מיט פעדער. דריקט איהר פוס צו זיין הארץ.

מערי.

אנטלויף, קאַנאַריק וועט אַריינקומען, דיר זעהן האַלטען מיין פיסעל, וועט ער דיך דערהרג'נען אויפ'ן אָרט.

מאָטקע.

מיך הרג'ענען? פאַר קאַנאַריק'ן האָב איך קיין מורא, האָסט געזעהן, ווי איך האָב איהם געלעגט היינט ביים ראַנגלען זיך אין גאַס, ביין האַלז געשטיקט אַזוי לאַנג ביז ער האָט זיך געמוזט אונטערגעבען.

מערי.

ער האָט זיך נאָר געלאָזט אַזוי, ווייל דו ביזט דער יונגערער—און עס איז שעהנער אַז דער יונגער לעגט דעם עלטערן.

מאָטקע.

געלאָזט, זאָל ער זיך נישט לאָזען, איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא נישט, איך בין שטאַרקער פאַר אַלע.

מערי.

קאַנאַריק וועט דיך אָנפּאַטשען, אַזוי ווי ער פּאַטשט מיך.

מאָטקע.

ער שלאָגט דיך?

מערי.

צי ער שלאָגט מיך? נישט איינמאָל, אַז איך וויל איהם נישט פאָלגען, אָדער ער שיקט מיר ערגעץ וואו צוועק און איך וויל נישט געהן.

מאָטקע.

וואוהין שיקט ער דיך?

מ ע ר י.

דו ווייסט שוין, וואו ער שיקט מיך. שטופּט איהם אָב.

מ אָ ט ק ע.

שלאָגט ער דיך?

מ ע ר י.

בלויע פלעקען האָט ער מיר געמאַכט; דו זעהסט. ווייזט איהם די הענד. מיט אַ פּאַסעק, און אָפטמאָל קאַפּיעט ער מיך.

מ אָ ט ק ע.

דיך שלאָגט ער?! אַז די כאָלערע... מיין טייבעלע, מיין פייגעלע מיין קליינס, אויסקושען וועל איך די פלעקען. אַז די נכפה זאָל איהם אַוועקלעגען. מיין קליין, קליין פייגעלע ווי דאָס שפּרינגט מיט די פיסעלעך. אַז איך האָב היינט דערזעהן, ווי דו שפּרינגסט מיט די פיסעלעך איבער׳ן דראָט, האָט מיר דאָס האַרץ אַזוי געקלאַפּט, איך האָב אַזוי מורא געהאַט. איך וואָלט געוואָלט אַראָפּפאַלען, איך זאָל הענד און פיס צוברעכען, נאָר נישט דו, דיר זאָל גאָרנישט געשעהן, גאָר נישט זיין. מיין פייגעלע מיין קליינס, אויסקושען וועל איך די הענטעלעך. קושט איהרע הענד, די פיס, די באַקען. אַזוי ווייך, אַזוי ווי פּוך, ווי פעדערען, ווי ביי אַ פייגעלע...

מ ע ר י.

שטופּט איהם אָב.

אַנטלויף! אַנטלויף! קאַנאַריק וועט קומען, וועט ער מיר און דיר טויטען.

מ אָ ט ק ע.

האָב נישט קיין מורא, האָב איך דיר געזאָגט, קאַנאַריק׳ן וועל איך דעם קאָפּ אַראָפּדרעהען, אַז ער וועט דיר עפּיס טהון... מערי, הער אויס, דו ווילסט, אַז מיר זאָלען זיין גוטע פריינד, אַזוי אויף שטענדיג, אויף אייביג, וואָס עס זאָל זיך נישט מאַכען צווישען אונז, וועלען מיר שטענדיג, שטענדיג גוטע פריינד זיין. איך וועל זיך אָנעמען פאַר דיר, איך וועל דיר נישט לאָזען קיין שלעכץ טהון. זאָג, דו ווילסט, דו ווילסט?

מערי

קוקט איהם אָן מיט בעגייסטערונג.

און דו וועסט מיר נישט שלאָגען ווי קאַנאַריק?

מאָטקע.

איך דיר שלאָגען? די נכפה זאָל מיך נעהמען, דאָ די פּאָפּ-לעקסיע אויפ'ן אָרט, אויב איך וועל דיר אַזוי פיל שלעכטס טהון. דיינע שעהנע הענטעלעך און פיסעלעך וועל איך דיר אויסקושען. איך וועל דיר זיין אַ געטרייער פריינד, נו, זאָג, דו ווילסט? גיב אַהער די האַנד.

מערי.

שווייג, שווייג. קאַנאַריק האָט זיך אָבגערעדט מיט מ'ר, אַז ער וועט אַוועק מיט מיר פון דאַנען, ער וועט מיך נאָך וואַרשאָ פיהרען, זאָגט ער. ער זאָגט, ער וועט מיר ברענ-גען אין אַזאַ הויז אַריין, וואו מען טאַנצט אַלע אָבענד, און מען געהט אַזוי שעהן אָנגעטהון, ווי די רייכע דאַמען געהט מען אָנגעטהון, און עס קומען קאַוואַליערן, אַזעלכע רייכע קאַוואַליערען קומען און טאַנצען מיט די דאַמען, אין אַזאַ הויז וויל ער מיך פיהרען.

מאָטקע.

און דו ווילסט געהן מיט איהם?

מערי.

יאָ, איך וויל זיין אין אַזאַ הויז וואָס איז אַזוי שעהן, וואו אַזוי פיל ליכט ברענט און מוזיק שפּילט און שעהנע דאַ-מען געהען אָנגעטהון אין אַזעלכע שעהנע קליידער, איך וועל מיך אָנטהון, ווי אַ ציגיינערין, מיט אַ פּאָר גרויסע רינ-גען אויף די אויערן און אַזאַ קורץ קליידעל. אוי וועט עס זיין שעהן, זיי וועלען צוזעצט ווערען, אַזוי וועט דאָס זיין שעהן. איך וויל נישט מעהר זיין ביי דעם אַלטען תרח, אויף מערק זיך אַרומשלעפּען, פאַר שיכורע גוים זיך ווייַ-זען און מ'קויפט מיר אַפילו נישט קיין קליידעל. איך וויל נאָך וואַרשאָ פאָהרען.

מאָטקע.

און איך וועל דיר נישט לאָזען מיט קאַנאַריקן פאָהרען. —

איך וועל מיט דיר אַנטלויפען, איך וועל דיר ברענגען נאָך וואַרשאָ, איך וועל דיר קויפען שעהנע קליידער און ווי אַ ציגייַערין דיך אָנטהון, איך וועל דיר פיהרען אין רייכע שטובען, וואו מוזיק שפילט, איך, איך!

מערי.

חאַ-חאַ-חאַ! דו? דו וועסט מיך פיהרען, ווער ביזטו? מאָטקע, אַ פּאַס האָסטו? האָסט דאָך אַפילו קיין פּאַס נישט, און קאַנאַריק האָט אַ פּאַס, קאַנאַריק האָט געלט, און קאַנאַריק איז אַ דערוואַקסענער, אַ שטאַרקער.

מאָטקע

שרייט אויס.

און איך וועל דיך מיט קאַנאַריק'ן נישט לאָזען, כ'וועל קאַנאַריק'ן דעם קאָפּ אַראָבדרעהען און איך וועל דיר מיט קאַנאַריק'ן נישט לאָזען אַזוי ווי איך בין אַ יוד, כ'וועל דיך נישט לאָזען. קאַנאַריק'ן דעם פּאַס אַוועקנעהמען און מיט מיר וועסטו פאָהרען, מיט מיר, אַז נישט וועל איך דיר שלאָגען אָט מיט דער האַנד מאַכט אַ פויסט. זאָג וועסט געהן, צי נישט? זאָג!

מערי.

שמייכעלט.

און וועסט מיך ליעב האָבען? שטאַרק ליעב האָבען?

מאָטקע.

דיר דיינע פּיסעלאַך קושען, ווי אַ פייגעלע אַ קליינס מיט פעדערען אַזוי דיך האַלטען אויף די הענד.

מערי.

און קאַנאַריק'ן טויטען און זיין פּאַס צונעמען. ער שאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף יאָ. זי גלעט איהם איבער'ן קאָפּ. איך האָב דיך באַלד ליעב געהאַט אַזוי ווי איך האַב דיר נור דערזעהן און קאַנאַריק'ן האָב איך פיינד.

מאָטקע

בעהמט אַרום איהר פּיסעל.

מיין ווייך, ווייך טייבעלע. קושען זיך. מען הערט שטימען.

מערי.

לאָז מיר אָב, קאַנאַריק איז דאָ.

מאָטקע.

איך וועל דיר נישט אָבלאָזען.

מערי.

ער וועט מיר דערהרגענען.

מאָטקע.

איך וועל זעהען!

מערי.

ש ש... מאָטקע שפעטער, שפעטער, נאָר נישט יעצט. רייסט זיך צרויס פון איהם.

קאַנאַריק

קומט אריין מיט א באַטיק אין האנד.

ביזט גאָך נישט אָנגעטהון? דער פאַן קומט באַלד אריין, ער וועט קאָרטען שפילען, ביר טרינקען. פלינקער טהו אָן די רינגען, דו וועסט דעם רוסישען טאַנץ טאַנצען.

מערי

איך וויל נישט טאַנצען, די פיס טהוען מיר וועה פון די דראָטען, אויף וועלכע איך בין געגאַנגען. איך וויל שלאָפען געהן.

קאַנאַריק.

וואָס איז דאָס? דו שפּילסט מיר שוין ווידער חתונות? די רינגען טהו אָן!

מערי.

איך האָב פיינד דעם פאַן, מישפירט פון איהם דעם שנאַפּס.

קאַנאַריק.

דער פאַן האָט געלד, קענסט פון איהם אַ גראָשען ציהען.

מערי.

איך וויל נישט!

קאַנאַריק.

דו טהוסט אָן? הויבט צויף דעם בייטש אויף איהר. מאָטקע לויפט צו צו איהר. וואָס טהוסטו דאָ? וואָס געהסטו נישט אַרויס די פערד היטען?

מ אָ ט ק ע.

איך וויל נישט אַרויסגעהן די פערד היטען. איך וויל דאָ זיין. איך ווייס שוין ווען צו היטען...

ק אַ נ אַ ר י ק

ב״ז.

געה ממזר, געה! דו זעסט?

מ אָ ט ק ע.

איך וויל נישט געהן.

ק אַ נ אַ ר י ק.

וואָס? וואַגסט אַ עלטערן קאַטריניאַזש...

מ ע ר י

וועקט אויף דעם אַלטען.

אַלטער תרח, אַלטער, זעהט וואָס ווערט...

אַ ל ט ע ר.

גנבים! עכברושים, שלאַנגען, פּרעסערס, פּייער שלינגערס, איהר געהט דאָ אַרויס, איהר... וואָס? סקאַנדאַלען וועט איהר דאָ מאַכען? שטעלט זיך צווישען זיי.

ק אַ נ אַ ר י ק.

דער פּוילישער פּאַן קומט אַריין, אַ וואַזשנע פּובליקום. עס וועט פּרנסה זיין, ער לאָזט נישט די קליינע מויז זיך אָנטהון.

אַ ל ט ע ר.

ווער? דער פּוילישער פּאַן? אָה, ער איז דאָך מיינער אַ אַלטער פּאָקלאָניק. אין יעדער שטאָדט פּאָהרט ער מיר נאָך, זעהט מיך אַרבייטען. איהר וועט זיך דאָ פון מיר אַ שוואַרץ יאָהר אויסריכטען, גנבים, עכברושים, פּייער שלינגערס! צו מערי. די מינוט טהו דיר אָן די רינגען מיט דעם ציגיינערישען קאָסטיום, און דו קליינער היהנער פּרעסער, וואָס שטעהסטו? נעם דעם פּייקיל מיט די פּייפּלען, וועסט איהר צושפּילען, עס איז אַ וואַזשנער גאַסט, מען קען אַ שעהנעם גראָשען כאַפּען. לאָז מיר נאָר מיינע מעדאַלען אָנטהון.

מערי ווינקס צו מאַטקען, ער זאָל פאָלגען. טהוט זיך אָן די רינגען אויף די הענד און אויערן מיט'ן ציגיינערישען טיך, מאַטקע שטעהט אַ ברוגז'ער. קאָנאַריק געהט ארויס.

מ ע ר י

לויפט צו מאַטקען.

שווייג, קיין וואָרט, היינט ביינאַכט וועלען מיר אַנטלויפען.

קאָנאַריק פיהרט אריין דעם פאַן.

אַ ל ט ע ר

געהט איהם אנטקעגען.

אָה, ווילקאָמען, ווילקאָמען פאַן! מיין טאָכטער וויל אייך גערן זעהן. אָה, שוין אַזוי לאַנג געוואַרט אויף אייך. היינט, האָבען מיר פאַר אייך גאָר עפּיס נייעס, גאַנץ נייעס, אַזעלכעס האָט איהר נאָך נישט געזעהן. מיין טאָכטער וועט היינט טאַנצען דעם רוסישען טאַנץ... נישט וואהר, מיין טייבעלע, מיין... מיין...

פ אַ ן

פערנייגט זיך פאַר מערי.

איך גראַטולירע איהן שעהנעס פריילין, די גאַנצע שטאָדט איז משוגע פאַר אייך. אין די קאַסינאָ האָבען די פאַנעס געטרונקען פאַר אייערע שעהנע פיסעלעך... אָה פאַני קאַטריניאַזש! דו האָסט אַ קונצען-מאַכערין איינע אין דער וועלט, אין וואַרשאָ איז אַזעלכעס נישט צו זעהן.

אַ ל ט ע ר.

פּאָלקאָווניקעס, אָפיצירן זענען איהר נאָכגעפאָהרען צו זעהן איהר אַרבייטען, וואו זי קומט, ווערט מען משוגע פאַר איהר. מיט מיין טאָכטער קען איך זיך פאַר'ן סאַמע קייזער ווייזען... אָט שרייבט צו איהר אַ פּאָלקאָווניק אַ בריף. איך טראָג איהם ביי מיר. נעהמט ארויס א בריף. אַ ליעבעס בריף שרייבט ער איהר: „טי מאָיאַ מילאַיאַ... דראָגאַיאַ גאָלובטשיק, שרייבט ער איהר... אַזוי שרייבט אַ „טשין פּאָלקאָווניק" צו מיין טאָכטער, און וואָס שאָקאָלאַד און בלומען איהר צוגעשיקט אין יעדער שטאָדט ס'איז שוין נישטאָ וואו אהינצוטהון. זי עסט נאָר בלויז שאָקאָלאַד. עפּיס אַנדערש קען זי גאָרנישט פערדייען.

פ אַ ן.

האָב איך אויך איהר פון דעם בעסטען סאָרט געבראַכט. שעהנע דראָטען-געהערין. איך האָבע די עהרע איהנען צו פרעזענטירען מיט דעם שאָקאָלאַד אַלס צייכען פון מיין גרויסע פערעהרונג צו איהן און דיזע פלאַש פערפיום. דאָס קומט פון סאַמע פאַריז... און אָן אייך פּאַנאָוויע האָב איך אויך נישט פערגעסען. איך ווייס אַז דו האָסט נישט פיינד, אַלטער דעם ביטערן טראָפּען. די פלאַש קאָניאַק איז פאַר דיר—עלצטער קאַטויניאַזש, דיר האָב איך נישט געוואוסט וואָס צו קויפען נאַ אָט האָסטו געלד און קויף דיר אַליין עפּיס. גיט קאָנאַריק'ן געלד.

אַ לטער.

און פאַר מיין צווייטען זוהן האָסטו גאָר נישט מיטגעבראַכט? ער וועט זיין ברוגז..

פ אַ ן.

אַ! פאַר דעם הישפּאַנישען טשעמפּיאָן, געוויס, געוויס האָסט היינט גוט געאַרבעט. נו, נאַ דיר, קויף דיר אויך עפּיס און זיי נישט אויפּערזיכטיג. גיט מאַטקע'ן געלד.

אַ ל ט ע ר

צו מאַטקען וועלכער האָט דאָס געלד נישט גענומען און זיך אָוועקגעדרעהט.

זעהסט גנב, וואָס דו קענסט אָנווערען. דער פאַן איז מיינער אַ פּאָקלאָניק, דו וועסט מיר אים פערטרייבען, נעם צו דאָס געלד אַז נישט וועסטו זיך אַ שוואַרץ יאָהר אויסריכטען.

מ ע ר י.

איך וועל נעהמען פאַר איהם. איך וועל איהם שוין געבען. געהט צו. מאָטקע שפּעטער... ווינקט צו איהם.

אַ ל ט ע ר.

נו, חברה, יעצט עפּיס אַ שטיקעל פאַר'ן פאַן. עקסטראַוואַגאַנץ.

זיי קלאַפּען צו מיט די פּייקלען אַ רוסיש טאַנץ, מערי טאַנצט, זיי זינגען צו, דער פאַן זיצט און קוועלט.

קאַנאַריק
צו מאַטקען.
טראָג זיך אָב, זיי דאַרפען זיין אַליין. מאַטקע געהט נישט. ממזר, דו זעסט דאָך זיי דאַרפען זיין אַליין!

מאָטקע.
איך וויל נישט געהן.

קאַנאַריק
צום אלטען.
דער ממזר וויל דאָך נישט געהן, עס וועט זיין אַ סקאַנדאַל.

אַלטער.
דער פאַן איז אַ אָנשטענדיגער קריסט. דו וועסט מיר איהם פערטרייבען, זעהסט דאָך, זיי דאַרפען זיין אַליין, קום.

מאָטקע.
איך וויל נישט געהן!

אַלטער.
אַ בראָך איז דאָך צו מיינע יאָהר. ממזר, געהסט, ווילסט מיך חרוב מאַכען. קום שוין קום.

קאַנאַריק.
צום אלטען.
נעם איהם! וואָס שטעהסטו? ער ווינקט צום אלטען, ביידע נעמען מאַטקען.

אַלטער
נעמענדיג מאַטקע'ן.
נו, קום מאָטקע, קום געלד פערדינען. ביידע טראָגען איהם אַב.

מאָטקע
אין דער צייט ווען זיי טראָגען איהם, שרייט.
איך וויל נישט געהן. איך וויל נישט געהן. מ'טראָגט איהם אַוועק.

פאַן.
אויב אַזוי וועל איך זיין דער פאַניענקעס ליובאָווניק, לאָז זיך נאָר דאָ די פאַניענקע אַוועקזעצען ווייזט אויף זיינע קניה וועל איך איהר עפּיס ווייזען

מ ע ר י

דרעהט זיך אויס פון איהם.

איך האָב נאָך צייט... וואָס אַזעלכעס וועט ער מיר ווייזען?

פ א ן.

אַ שעהנע זאַך. כאַפּט זי אויף די קניע. אָט אַזוי! קושט זי.

מ ע ר י.

ווישט זיך אָב די באַק.

די וואָנסעס פוילען ביי דיר פאַן.

פ אַ ן.

די פּאַניענקע לאַכט. די פּאַניענקע בעהאַנדעלט מיך נישט גוט. וויל זי ווידער אַ קוש טהון.

מ ע ר י.

דרעהט זיך אויס פון איהם.

אַז איך זאָג דיר, אַז די וואָנסעס פוילען ביי דיר. אנטלויפט פון איהם.

פ אַ ן.

לויפט איהר נאָך און קען זי נישט כאַפּען.

איך ווייס, ווי מען כאַפּט פייגעלעך. איך ווייס שוין ווי אַ קליין פייגעלע צו כאַפּען. איך בין אַ געניטער יעגער. מ'לעגט שפייז אין נעטצל אַריין. נעמט ארויס אַ בּאַרטפּעל און נעמט ארויס פון דאָרט פּאַפּיר-געלד. מערי קוקט זיך צו ווי ער לעגט אַוועק דאָס געלד. און דאָס פייגעלע וועט אַליין אין נעטצעל קומען. פייפט זיך צו און זינגט. קום, קום קליין פייגעלע אין נעטצעלע אַריין. מערי געהט צו פּאַמעליך, וויל כאַפּען דאָס געלד, ער כאַפּט זי. אָט אַזוי כאַפּט מען אַ פייגעלע, אָט אַזוי. קושט זי.

מ ע ר י.

און דאָס פייגעלע איז אַזוי מיד. לעהנט זיך אָן אויף איהם. האָט אַזעלכע מידע פיסעלעך. לעגט ארויף די פיס אויף איהם. נו, און יעצט פאַן, בייג זיך אַראָב און פערמאַך די אויגען, נאָר דו מוזט מיר צוזאָגען, אַז דו וועסט נישט קוקען, וועל איך דיר עפּיס ווייזען.

פ א ן.

עס וועט זיך לוינען?

מ ע ר י.

זעהר

פ אַ ן.

אויב אַזוי ווער איך באַלד בלינד. זעה איך נישט. איך פער־לאָז מיך אויף די פאַניענקע אַז די פאַניענקע זאָגט מאַכט צו די אויגען. מערי שטעקט אריין איהר האנד אין זיין בוזעם. ער לאַכט, דו קיצעלסט מיך.

מ ע ר י.

איך וויל נישט, דו האָסט געקוקט.

פ אַ ן.

שוין איך זעה נישט. סלאָוואָ האָנאָרו!

מ ע ר י.

ניין. איך וועל דיר די אויגען פערבינדען, אַז דו זאָלסט נישט זעהן.

פ אַ ן.

פאַר וואָס?

מ ע ר י.

איך שעם זיך.

פ אַ ן.

אַז די פאַניענקע שעמט זיך איז עפּיס אַנדערש. פערבינד איך מיר די אויגען.

מ ע ר י.

פערבינדט איהם די אויגען.

זעהסט נישט?

פ אַ ן.

סלאָוואָ האָנאָרו, גאָר נישט. זי שטעקט אריין די האנד אין זיין בוזים־טאַש. אוי עס קיצעלט מיך אַזוי...

מ ע ר י.

דאָס איז נאָך נישט אַלץ. דאָס ריכטיגע וועט ערשט קומען, אָבער שווער מיר, צי דו זעהסט נישט.

פ אַ ן.

סלאָוואָ האָנאָרו איך זעה נישט.

מ ע ר י.

אַזוי גלויב איך דיר. ציהט ארויס דעם טייסטער פון זיין טאש און בעהאלט צווישען די ברוסטען. אָבער דו קוקסט, אַזוי וויל איך נישט.

פ אַ ן.

סלאָוואָ האָנאָרו איך זעה נישט.

מ ע ר י.

שוין, נור איין מינוט. זי שטעלט ארויף איר פוס אויף זיין ליסינע און גלעט איהם. אַנגענעהם?

פ אַ ן.

זעהר, מיט וואָס מאכסטו דאָס ?

מ ע ר י.

דאָס איז אַ שפּיל אַזעלכע „חזיר און פויגעל״ דער פויגעל שטעלט זיך אויפ'ן חזיר'ס רוקען זי קריכט ארויף אויף איהם. געפעלט עס דיר?

אין פענסטער בעווייזט זיך מאַטקע, מאַטקע חייזט א פויסט צו איהר, זי ווארפט איהם צו די טאש מיט געלד.

מ ע ר י.

בעהאַלט, מיר ווער׳ען היינט אַנטלויפען צוזאַמען.

פ אַ ן.

הערט רעדען, רייסט אראָב דעם באנד פון די אויגען.

ווער איז דאָס?

מ אָ ט ק ע

געהט צו צו איהם.

טראָג זיך אָב פון דאַנען. די מינוט אַרויס. וויל איהם שלאָגען.

מ ע ר י.

געדענק אין גאָט, דער פּאַן וועט שרייען, אנטלויף. זי שטופּט איהם ארויס דורכן פענסטער.

מ אָ ט ק ע.

וואַרט, איך וועל דעם גוי זיין פליך רויט מאַכען. אב

פ אַ ן.

וואָס טהוט ער דאָ? איך האָב דערפאַר געלד בעצאָלט.

מערי.

שווייג. קום אַהער, וועלען מיר ווייטער שפּיעלען, זזיר און פויגעל, נו, בייג דיך אַראָב.

פאַן.

איך וועל מעהר נישט שפּיעלען. וואָס האָט ער געוואָלט? וואָס האָט ער דאָ אַריינצוקומען? עס איז נישט קיין אָרענטליך געשעפט דאָ, מען בעהאַנדלט דאָ די געסט נישט אָנשטענדיג. זוכט אין די קעשענעס. וואו האָב איך מיין געלד? ווער האָט מיר מיין געלד אַרויסגעשלעפּט?... אַהאַ, דו האָסט מיר די אויגען פערבונדען און מיר דאָס געלד אַרויסגענומען! קאַראַאול! פּאָליציי! איך לויף באַלד נאָך פּאָליציי... מענשען! מענשען! דאָס געלד גיב אַהער די מינוט!

מערי:

וואָס פאַר אַ געלד. וואָס רעדסטו? וואָס ווילסטו פאַן? דו ביזט שיכּור, וואָס פאַר אַ געלד?

פאַן.

וואָס דו האָסט דיין ליובאָווניק אַוועקגעגעבען. פּאָליציי! מענשען! מענשען!

דער אַלטער און קאַנאַריק לויפען אריין.

אַלטער:

וואָס טהוט זיך דאָ? וואָס איז געשעהן? שווייג! געדענק אין גאָט, פאַן, שווייג! מען ווערט דאָך מיר דאָס געשעפט צומאַכען.

פאַן.

זעדען ליכוויאַזשעס, גנבים! וואו האָט איהר מיך פערפיהרט? זי האָט מיך אונגליקליך געמאַכט, מיין גאַנץ געלד אַרויסגענומען. דריי הונדערט רובל אַרויסגעצויגען און אַוועקגעגעבען איהר ליובאָווניק. איך געה שוין נאָך פּאָליציי! איך וועל אייך וויזען.

אַלטער.

וואָס פּאָליציי!? ווען פּאָליציי?! שווייג דאָך. פאַן! צו מערין. מערי לעבען, מיין קינד, וואו סטו דאָס געלד? גיב אָב

דאָס געלד, ס׳איז דאָך נישט שעהן פון דיר, אַז דו זאָלסט געלד צונעמען. גיב אָב דאָס געלד.

פ אַ ן.

זי האָט עס איהר ליובאָוניק אָבגעשטעקט.

ק אַ נ אַ ר י ק.

וועמען? מיר?

פ אַ ן.

איך ווייס נישט, ווער עס איז איר ליובאָוניק. דאַכט זיך, עס איז געווען אַנ׳אַנדערער דאָ.

ק אַ נ אַ ר י ק.

מאָטקע. לייפט אָב מיט׳ן אַלטען און ברענגען אריין מאָטקען.

אַ ל ט ע ר.

מאָטקעלע, מיין קינד, גיב אָב דאָס געלד. עס איז דאָך נישט שעהן פון דיר, אַז דו זאָלסט ביים פאַן געלד צו־נעהמען.

מ אָ ט ק ע.

וואָס פאַר אַ געלד? איך ווייס נישט פון קיין געלד.

פ אַ ן.

איך געה נאָך פּאָליציי, שוין נאָך פּאָליציי!

אַ ל ט ע ר.

וואָס פּאָליציי! די פּאָליציי קען אַזעלכע לייט, ווי דו ביזט, וואָס קומט צו איין אָנשטענדיג-פריילין און מאַכט אויף איהר אַ בלבול אַז זי האָט איהם געלד צוגענומען... מיין טאָכטער האָט דיר געלד צוגענומען?... פּאָלקאָווני־קעס שרייבען צו איהר ליעבעס־בריעף... אָט האָסטו, אַ טשין פּאָלקאָווניק, שאָקאָלאַד שיקט ער צו איר, וועט זי דיר געלד צונעמען? טאָכטער מיינע, דו האָסט פון דעם פאַן געלד צוגענומען?

מ ע ר י.

איך האָב נישט קיין געלד צוגענומען. איך ווייס נישט, וואָס ער וויל פון מיר דער פאַן

אַלטער.

זעהסטו? ווער ביזטו פאַן? וואָס טהוסטו דאָ? וואָט ביזטן געקומען אַהער אין מיטען דער נאַכט און אויף מיין טאָכטער אָנגעפאַלען? פאָליציי! געהט אַרויס און שרייט. פאָליציי! פאָליציי! קימט צוריק. וואָס האָסטו דאָ צו זוכן ביי מיר? וואָס פאַלסטו אָן אויף מיין קינד? אויף מיין אונשולדיק אָרעם קינד, אַז זי האָט דיר געלד צוגענומען? אַ טשין פאָלקאָווניק איז פאַרליבט אין איהר, שרייבט צו איהר ליבעס־בריף, און זי וועט דיר געלד צונעהמען! וואָס ביזטו אונז בעפאַלען? פאָליציי! די מינוט קום צו פאָליציי... אַ פאַס האָסטו? איך האָב אַ פאַס, און דו האָסט אַ פאַס? פאָליציי... איך וועל דיך אין סיביר אַוועקשיקן, אויף קאַטאָרגע שיקען. ביזט בעפאַלען מיין טאָכטער אין מיטען דער נאַכט, געוואָלט איהר שלעכטס טהון! זעהט, מענשען, זעהט, געוואָלט מיין קינד שלעכטס טהון, פאָליציי! די מינוט קום צו פאָליציי. שרייט. פאָליציי.

פאַן.

יוד, וואָס רעדסטו? וואָס זאָגסטו, וואָס?

אַלטער.

שרייט.

פאָליציי! אַ מענש איז אונז בעפאַלען אין מיטען דער נאַכט, איך וועל דיך נישט אָבלאָזען, צו פאָליציי קום די מינוט. דער פאַן וויל אַוועקגעהן. דו וועסט ביי מיר נישט אַנטלויפען! דער פאַן וויל אַנטלויפען. וועסט זיך ביי מיר נישט אַרויסדרעהען, צו פאָליציי מוזטו געהן. דער פאַן רייסט זיך אַרויס און אַנטלויפט. ער שרייט איהם נאָך. אַ שעהנע כפּרה פאַר אַלע יודען... נו, יעצט צו מאַטקען. העד נאָר ממזר'ניק, גיב אָב דאָס געלד, אַז נישט מאַך איך מיט דיר אַזוי ווי מיט'ן גוי, ווי איך בין אַ יוד, איך גיב דיר אַרויס צו די פאָליציי, קיין פאַס ביי מיר האָסטו דאָך נישט, און ווער דיין טאַטע איז ווייס איך דאָך אויך נישט... עס וועט שלעכט זיין!

מאָטקע.

זאָל שלעכט זיין, האָב איך אַ זאָרג, גיט מיר אַרויס דער

פאָליציי, וועל איך דערצעהלען, אַז איר פערקויפט די מויד צו שיכורים פאַר געלד, אַז זי וויל נישט, שלאָגט איהר זי. וועלען מיר אַלע זיצען, וועט אונז היימליכער זיין.

אַ ל ט ע ר.

וואָס זאָגט ער? וואָס האָב איך דערלעבט?

ק אַ נ אַ ר י ק.

וואַ-חאַ-חאַ! קוקט נאָר אָן דאָס, אָט דעם שמדניק, וואָס איז געקומען צולויפען צו אונז, אָט דעם יאַט, וואָס דרעהט היהנער דעם קאָפּ אַראָב, אָט דעם האָסטו געלד אָנגעשטעקט, די דראָטען געהעריג, די קונצען מאַכעריג. וויל זי שלאָגען.

מ אָ ט ק ע

שפרינגט צו צו איהם.

ריהר זי נאָר אָן, ריהר זי אָן, לאָמיר זעהן, אַ טויטער וועסטו בלייבען ביי מיר אויפ׳ן אָרט

ק אַ נ אַ ר י ק.

וואָס? דו וועסט מיר נישט לאָזען? אָט האָסטו דעם ערש-טען פאַטש. שלאָגט איהם.

מ אָ ט ק ע

שפרינגט אַרויף אויף קאַנאַריק׳ן דושעט איהם ביים האַלז.

אַ טויטען וועל איך דיר לאָזען.

אַ ל ט ע ר.

קלאַפּט מיט׳ן שטעקל איבער ביידעג׳ס הענד.

אַ אונגליק: עכבּרשים, גנבים! וואָס טהוט איהר! צו מעריי׳ן, וועלכע קוקט מיט פערגעניגען, ווי מאָטקע דושעט איהם. געדענק אין גאָט, טאָכטער, צורייס זיי! וואָס שטעהסטו?

מ ע ר י.

ס׳איז איהר פלוצלונג עפּיס איינגעפאַלען, לויפט צו און צורייסט זיי, צו מאָטקען.

גיב אָב דאָס געלד, די מינוט גיב אָב דאָס געלד!

מ אָ ט ק ע

פערוואונדערט.

וואָס פאַר אַ געלד?

מ ע ר י.

 דאָס געלד פון גוי, וואָס איך האָב דיר אָבגעשטעקט. צו

קאנאריק׳ן. איך האָב געמיינט אַז דאָס ביזטו, ווען ער איז אַריינגעקומען דורכ׳ן פענסטער האָב איך עס איהם אַוועקגעגעבען... גיב אָב דאָס געלד!

קאַנריק

טריאומפירענד.

הערסט דו גנב! צו מערי. האָסט געמיינט אַז דאָס בין איך נעמט זי ארום. הערסט וואָס זי זאָגט, גנב! גיב אַב דאָס געלד, מיר האָט זי דאָס געוואָלט געבען.

מערי.

יאָ, דיר, מיין חתן.

קאַנאַריק.

הערסט, הערסט?

מאָטקע.

ערשטוינט.

האָסט געמיינט, אַז דאָס איז ער? דיין חתן, האָסט געמיינט זע? נישט איך נאָר קאַנאַריק מיט׳ן רויטען קאָפּ, הע? האָסט מיר דאָס געלד אַוועקגעגעבען... גוט, גוט, איך׳ל דיר אַוועק, געבען דאָס געלד צו קאנאריק׳ן. געה אַרויס אין דרויסען אין שטאַל, אין פערדס כאָמוט האָב איך דאָס געלד אַריינ־געלעגט, נעם עס זיך. איך וויל עס נישט.

קאַנאַריק.

דאָס געלד איז אין כאָמוט, האָסט געמיינט, אַז איך בין דאָס, קום אַלטער!

אלטער

אַזאַ גנב, אַזאַ... ער האָט געמיינט, אַז עס וועט איהם אָב־געהן ריין ביידע געהען ארויס.

מערי.

שווייג, מאָטקע! דו וועסט האָבען דאָס געלד צוריק מאָטקע קוקט זי אָן. איך האָב דיך ליב, איך וויל מיט דיר צוזאַמען אַוועק.

מאָטקע.

געה צו קאַנאַריק׳ן... האָסט געמיינט, אַז דאָס איז ער, ווען

דו האָסט מיר דאָס געלד אָוועקגעגעבען, האָסט עס אליין געזאָגט.

מ ע ר י.

איך האָב עקסטרע אַזוי געזאָגט, קאַנאַריק זאָל מיינען, אַז איך האָב איהם ליעב. ווייל איך וויל איהם אָנרעדען, אַז ער זאָל אַנטלויפען מיט מיר די נאַכט.

מ אָ ט ק ע.

וואָס געהט עס מיך אָן, געה אַז דו ווילסט. סטופּט זי אַב פון זיך.

מ ע ר י.

מאָסקע, איך האָב דיך ליעב, איך וויל מיט דיר אַוועק, דו האָסט קיין פּאַס נישט, קאַנאַריק האָט, נעם ביי איהם דעם פּאַס צו מיט דאָס געלד און אַנטלויף מיט מיר.

מ אָ ט ק ע.

קאַנאַריק וועט אונז אַרויסגעבען.

מ ע ר י.

מאַך אַזוי אַז קאַנאַריק זאָל אונז נישט אַרויסגעבען דער פּאָליציי. אַז קאַנאַריק זאָל פערשווינדען, דו קענסט...

מ אָ ט ק ע.

ווי אַזוי? וואָס מיינסטו?

מ ע ר י

נעמט ארויס א קאַווקאַזער מעסער און גיט דאָס מאָטקען.

וואַרט אונז אָב היינט ביינאַכט אין וואַלד איך וועל קאַנאַריק'ן אָנרעדען, ער זאָל מיט מיר אַנטלויפען, אין וואַלד וועלען מיר זיך בעהאַלטען ביי'ן שוואַרצען טייך, וואַרט אונז דאָרט אָב און מאַך אַזוי, אַז קאַנאַריק זאָל פערשווינדען, אַז דו זאָלסט קאַנאַריק הייסען...

מ אָ ט ק ע.

ציטערט, דער מעסער פאַלט פון זיין האַנד אַרויס.

מ ע ר י!

מ ע ר י

חויבט אויף דעם מעסער צון גיט איהם.

איך האָב דיך ליעב, איך וויל מיט דיר זיין, גאָר מיט דיר

אַליין. זאָלסט טהון מיט מיר וואָס דו ווילסט, מיין טייערע, ווייל איך האָב דיך ליעב...

מ אָ ט ק ע.

דריקט זי צו זיין הארץ.

מערי!

מ ע ר י.

קאַנאַריק, מיין געליבטער!

מ אָ ט ק ע.

לעגט איהר די האנד איבער'ן מויל.

ש ש... שווייג! געהען אװעק פון זיך, קוקען זיך אן איינע די אנדערע.

פ אָ ר ה א נ ג.

# צווייטער אַקט.

אַ קאַפּעע־הויז אין וואַרשע אויף דער אַלטער שטאָדט. פאַרנאַכט. אַ פּאָר מעדלעך זיצען און רעדען צווישען זיך, הינטער אַ בופעט, אויף וועלכען עס איז אָנגעשטעלט קעז, קיכלעך, אייער און אַנדערע צובייסעכץ, זיצט אַ מעדעל, חנהלע, פון אַ יאָהר 18־19, זעהער אָנשטענדיג אָנגעטהון און ליעסט אַ ביכעל. הינדעלע, די בעל־הבית׳טע פון קאַפּעע־הויז שטעהט און רעדט מיט די מעד־לעך. די זשאַכלינערין לייגט זיך צונויף נייע איינגעקויפטע העט, ליליכער, ציכער און האַנד־טיכער, זי איז אַ געזונד מעדעל.

בּאַשע.

גיט נאָר אַ קוק אויף די איבערציהערס, איך האָב זיי געקויפט די בעטען צו פערדעקען, איך האָב ליעב, ווען עס איז ווייס אין שטוב... זעהען זי הינדעל, ווי שטאַרק די לייווענד איז, זי זענען דאָך עפּיס אַ מבינ׳טע דערויף.

הינדעל

פערזוכט מיט די ציין איינצורייסען, קען נישט.

ריינע וועב... אָבער צו וואָס קויפען זי זיך דאָס אַלעס איין? מיינען זי דען חתונה צו האָבען, וואָס זי זאַמלען זיך אַ אויסשטייער!

באַשע

און אַז נישט חתונה האָבען, טאָר איך מיר נישט איינקויפען ווייסוואַרג. איך האָב גערן ווייסוואַרג... אַ גאַנצען קאַסטען האָב איך שוין.

הינדעל.

פוילט עס דאָרט ביי איהר די וועש אין קאַסטען—צו וואָס? חתונה האָבען וועט זי דאָך סיי ווי סיי נישט, זי וואָלט עס ליעבער מיר פערקויפט די וועש, וואָלט איך געהאַט פאַר מיין חנה׳לען אַ אויסשטייער.

באַשע.

גיב נאָר אַ קוק, זייער איינע מעג זיך זאַמלען אַ אויסשטייער, און אונזערס איינע טאָר נישט, פון וואַנען ווייס זי שוין דאָס, אַז איך וועל נישט חתונה האָבען! אַז גאָט וויל, קען נאָך אַלעס געשעהן.

זשאָכלין.

זי האָט דען נישט רעכט? זי מיינט אַז נאָר חנה׳לע מעג זיך זאַמלען אַ אויסשטייער. געהט צו צו באַשען. באַשע, זאָלסט דאָס נוצען געזונדערהייט מיט דיין בעשערטען איז פריידען.

ר ו י ט ע.

װעלכע איז די גאַנצע צייט געזעסען אין שװאַרצען זיידען און זיך געלעגט קאָרטען.

באַשע, זאָרג זיך נישט, עס װעט קומען דער בעשערטער װייזט אויף קאָרטען. זעהסט, זעהסט, ער געהט, יעדעס מאָהל װייזט ער זיך, נאָר די טויז פּיק שמעלט זיך איהם אין װעג, אָבער די מלכּה בעשיצט איהם, זי בעגלייט איהם, װי אַ גוטער מלך און בעשיצט איהם. נאַ, שוין װידער די טויז פּיק, אוי װעה...

ז ש אָ כ ל י ן.

װאָס איז דען די טויז פּיק?

ר ו י ט ע

ערנסט.

דאָס איז דער טויט, אַז די קאָרט בעװייזט זיך, װייזט זיך דער טויט

ז ש אָ כ ל י ן.

אוי װעה, פון װאַנען װייסטו דאָס?

ר ו י ט ע.

אַ כּישוף-מאַכערין, אַ ציגיינערין, האָט מיך דאָס אויסגעלערנט. װען איך בין אַ קליין מעדעל געװען. שטענדיג האָט זיך די טויז פּיק געװיזען פאַר אַ אונגליק, איידער מיין טאַטע איז געשטאָרבען און װען דוד קאַמאַשניק האָט מיך פערלאָזען, האָט זיך אויך די טויז פּיק בעװיזען.

ב א ש ע.

װען דענסמאָל? אוי, דערצעהל, דערצעהל...

ה י נ ד ע ל.

געהט, שוין, געהט, מענשען גלויבען אין כּשוף ס'איז נאַרישקייטען. צו זשאָכלין. זעה ליבער, זי זאָל מיר פערקויפען די װעש, צו װאָס בעדאַרף זי דאָס? זי האָט דערפון קיין נוצן נישט און מיין חנה'לע װאָלט אַ אויסשטעהער געהאַט.

װינקט צו זשאָכלין.

ז ש אָ כ ל י ן.

און איך װייס טאַקע נישט, צו װאָס דו זאַמעלסט די װעש

אין קאַסטען. מלא, אַ קאַפּעלוש קויפען פערשטעה איך, דו ווילסט געפעלען, זיידענע זאָקען, אָבער וועס? דאָס איז גוט פאַר אַ מעדעל, פאַר חנה׳לען, פאַר אונזער איינע? די נשמה דעם סייוועל אַלץ איינס איבערגעגעבען, איין שוואַרץ יאָהר...

ר ו י ט ע.

אוי באַשע, פערקויף טאַקע חנה׳לען די וועש, וועט זיין אַזוי שעהן, וועט זיין אַ חתונה. צו הינדעל. אוי, איך האָב אַזוי ליעב אַ חתונה, איך בין נאָך קיינמאָל נישט געוועזן אויף קיין חתונה, אוי וואָלט איך געוואָלט זיין... פערקויף באַשע די וועש, וועט זיין אַ חתונה.

ח י נ ד ע ל.

זעהסטו, אַלע רעדען דיך צו, פערקויף די וועש, וועט חנה׳לע האָבען אַ אויסשטעהער. דיר וועט דיך דאָס סיי ווי סיי נישט צוניץ קומען.

ב אַ ש ע.

אַפילו איך זאָל וויסען, אַז זי זאָל צופוילט ווערען אין קאַס־טען, די מייז זאָלען זיי אויפפרעסען, וועל איך זיי אויך נישט פערקויפען. בייז. הנה׳לע אַליין איז נאָר אַ מעדעל, איך בין אויך אַ מעדעל, איך וויל מיך אויך זאַמלען אַ אויס־שטייער. אלע לאכען.

ז ש אָ כ ל י ן.

זי איז אַ מעדעל... זי וויל זיך אויך זאַמלען אַ אויסשטייער... שוועסטער, פערפאַלען, שלאָג דיר די נאַרישקייטען פון קאָפּ אַרויס.

ב אַ ש ע.

אויף אייער בוזעצעניש, מיר האָבען אַ גאָט אין הימעל, אַז ער וויל קען ער נאָך אַלעס מאַכען. די מעדלעך לאכען איהר אויס.

מ אָ ט ק ע

קומט אַריין, געעלטערט מיט אַ פּאָר יאָהר, טראָגט אַ טאָמעט וועסט מיט אַ גאָל־יענעם זייגער, חצרפט אַ בליק אויף חנה׳לען.

וואָס פאַר אַ געלעכטער? די לאָמפּען אָנצינדען, ס׳איז שוין פינסטער.

**ר ו י ס ע.**

אָה, קאַנאַריק, איך האָב שוין ווידער אָנגעטראָפען די סוף פיק, איך האָב מורא, אַז עס זאָל קיין אומגליק געשעהן.

**מ אָ ט ק ע.**

לאָז מיך צורוה. קוקט אויף חנה'לען מיט ליעבע, געהט צו צום בופעט. **חנה'לע** חנה'לע פערטיפט אין לעזען.

**ה י נ ד ע ל**

פון הינקעל.

חנה'לע, דו הערסט נישט? אוי, ווען די קינדער וועלען באַלד קומען, לאָמיך נאָר אריינגעהן, כ'האָב נאָך גאָרנישט צוגעשטעלט. אב.

חנה'לע לעגט אוועק דאָס ביכעל, גיסט אָן צווי גלעזער טיי, דערלאַנגט מאַטקע און די רויסע, דאַן זעצט זי זיך ווידער לעזען. מאַטקע קוקט אויף איהר.

**ר ו י ס ע.**

אוי, ווי שעהן עס קליידט דיר דאָס שטייפע העמד מיט די רויטע פראַנצען. דו זעהסט דאָך אויס ווי אַ רייכער מאַן, ווי אַ גראַף. אַ גאַנצען טאָג האָב איך געפּרעסט דאָס העמד אַז ס'זאָל אַזוי שטייף זיין ווי אַ ברעט, זעהסט, וואָס פאַר אַ הענד איך האָב געקריגען פון פרעסען.

**ז ש אָ כ ל י ן.**

פון דער ווייטענס צו באַשע'ן.

גיט נאָר אַ קוק, ווי זי פוצט זיך צו צו איהם. גיב נאָר אַ קוק... אַ שאָד, וואָס ס'איז נישטאָ מערי, זיין כלה, זי וואָלט איהר באַלד די אויגען אויסגעדראַפּעט.

**ב אַ ש ע.**

ביזט זי מקנה, וואָס קאַנאַריק האָט זי ליעב?

**ז ש אָ כ ל י ן.**

איך זי מקנא? וואָס פעלט מיר חתנים? אַז איך וואָלט נאָר געוואָלט זיך צופוצען צו איהם, וואָלסטו שוין געזעהן, וואָס פאַר אַ הוט ער וואָלט מיר געקויפט.

**ב אַ ש ע.**

און פאַר וואָס פּוצט, דו זיך נישט צו צו איהם?

זשאָכלין.

ווייל איך וויל נישט. זעה נאָר, זעה נאָר, ווי זי פוצט זיך... די שטילע וואַסערלעך גראָבען טיף. געהט צו צום טישעל, זאָגט צו מאָטקע'ן מיט אַ חנדל. אוי, מאַמעלע קרוין, ווי עס קליידט איהם דער נייער אָנצוג מיט דעם גאָלדענעם זייגער. ער זעהט דאָך אויס אין איהם ווי אַ מאַגנאַט: אַ פּערגעניגען צו קוקען אויף איהם.

מאָטקע.

קוקט די גאַנצע צייט אויף חנה'לען, רופט.

נאָך אַ גלאָז טעע מיט קיכלעך. צו זשאָכלין. זעצט זיך!

רויטע.

דאָס האָב איך איהם דעם אָנצוג געמאַכט פינף און צוואַנציג רובל האָב איך באַצאָלט פאַר איהם דעם שניידער.

זשאָכלין.

אַלעס האָט זי געמאַכט, דעם אָנצוג, דאָס העמד. אפשר האָט זי דיך געבוירען אויך קאַנאַריק?

רויטע.

יאָ, אַלעס איך. דעם קראַוואַט אויפגענעהט מיט מיינע אייגענע הענד. איך האָב איהם די קאַמאַשען אויסגעפוצט אַז ער זאָל שעהן אויסקוקען. נישט אמת קאַנאַריק.

מאָטקע.

אמת אמת קוקט אויף חנה'לען.

זשאָכלין.

גיב נאָר אַ קוק, גיב נאָר אַ קוק. אוי וועט איהר מערי די אויגען אויסדראַפען.

רויטע

מיר וועלען היינט שפּאַצירען אַרומגעהן, ער וועט מיך אין טעאַטער פיהרען.

זשאָכלין.

נאָר דיר אַליין? קאַנאַריק וועט אונז אַלעמען מיטנעהמען נישט, קאַנאַריק?

מאָטקע.

קוקט די גאַנצע צייט אויף חנה'לען. יאָ, אַלע, אַלע!

ז ש אָ כ ל י ן.

טריומפירענד.

זעהסט? זעהסט שוין, ביזט נישט מעהר מורנו ווי מיר אַלע וואָס ביזטו, זיין כלה, וואָס? ביזט דאָך אַ פּראָסטע בייגעלבעקערין ווי מיר אַלע... שלמה, שלאָסענהעקער קומט אריין. דערזעהענדיג איהם. אוי, מאַמעלע קרוין, שלמהלע איז דאָ.

די מעדלעך הילען זיך איינגעהויבען.

מ אָ ט ק ע

מיט אַ בעפעלענדען טאָן.

זיצען בלייבען!

די מעדלעך ווייסען נישט וואָס צו טהון.

ש ל מ ה.

וואו זענען די מוידען? ס'איז שוין שפּעט אין אָוועגד, און זיי זענען נאָך נישט אויף דער גאַס? קומט צו צו מאָטקעס טישעל. נאַ, זעה ווי ער זיצט זיך מיט די כלות דער חתן בחור. אין דרויסען רייסט מען די פּרנסה פון די הענד און ער האַלט זיך דאָ די כלות? וואָס האַלסטו זיי דאָ? צו די מעדלעך. אַרויס אויף דער גאַס!

מ אָ ט ק ע

בייז.

זיצען בלייבען. טרינקען טהע און עסען קיכלעך!

ש ל מ ה.

וואָס טהוט זיך דאָ פאַר אַ שוואַרץ יאָהר. דו נעמסט נישט פון מיר קיין וואָכען-געלד פאַר די כלות? וואָס האַלטסטו זיי דאָ? אַרויס אויף דער גאַס!

מ אָ ט ק ע.

זיצען בלייבען!

ש ל מ ה.

וואָס איז דאָס? צו די מעדלעך. אַרויס אויף דער גאַס!

מ ע ד ל ע ך

אין שרעק.

קאַנאַריק, לאָז אונז אַרויס.

מ אָ ט ק ע.

די קעפּ וועל איך שפּאַלטען, ווער עס וועט פון דאַנען אַוועקגעהן. דאָ זאָלט איהר זיצען מיט מיר ביים טיש, טהע, קיכלעך, און ווען עס געפעלט נישט זאָל צופּלאַצט ווערען!

ש ל מ ה

גיט אַ קלאַפּ אין טיש.

מיין פּרנסה, מיין ברויט פאַר מיין ווייב און קינד, ווילסטו מיר צושטערען, נעמסט נישט קיין געלד פון מיר?

מ אָ ט ק ע

הויבט זיך אויף.

טראָג זיך אַרויס פון דאַנען די מינוט!

ש ל מ ה

קלאַפּט זיך אין הארץ

מיין ברויט, מיין פליישׁ, מיין בלוט. קוקען זיךביידע אָן, גרייט אָנצופאַלען איינער אויף דעם צווייטען.

ב אַ ש ע

שרייט.

אוי, מאַמעלע קרוין, וואָס וועט דאָ ווערען? וואָס וועט דאָ ווערען, חנה׳לע, אוי ווענה!

ח נ ה׳ ל ע.

געהט צו צו קאַנאַריק׳ן.

קאַנאַריק, איך בעט איהן, טהוען זי מיר צוליב, דער סטראַזשניק דרעהט זיך פאַר די טהיר, מאַכען זי נישט קיין סקאַנדאַל, לאָזען זי די מעדלעך אַרויסגעהן.

מ אָ ט ק ע

קוקט אויף חנה׳לען, ווערט ווייכער.

פאַר איהן וועל איך אַלעס טהון, אַז נישט וואָלט ער אָן אַ קאָפּ אַוועקגעגאַנגען, זאָל איך אַזוי לעבען, אָן אַ קאָפּ...
נו שלומה׳לע בענקאַרט, נעם דיר די מעדלעך. צו די מעדלעך.
נו, אַרויס אויף דער גאַס.

ש ל מ ה.

אַזוי ממזר, די פּרנסה געהט ער מיר אַוועקנעהמען. ציהט

פון מיר יעדען גראָשען אַרויס, און חתונות מאַכט ער זיך מיט די כלות. אָב מיט די מעדלעך אין גאַס.

**חנה׳לע.**

איך דאַנק איהן קאַנאַריק זעהר, וואָס זי האָבען מיר געפאָלגט.

**מאָטקע.**

איך האָב עס נאָר פאַר איהן געטהון, זאָל איך אַזוי לעבען, נאָר פאַר איהן...

חנה׳לע לאַכט פערשעמט, געהט אונטער׳ן בופעט, נעמט דאָס ביכעל. מאָטקע קלערט אַ ווײלע, דאַן געהט צו צו איהר מיט לײכטע טריט

**מאָטקע.**

חנה׳לע... חנה׳לע, וואָס לעזען זי?

**חנה׳לע.**

אַ מעשה...

**מאָטקע.**

אַ שעהנע מעשה?

**חנה׳לע.**

יאָ, יאָסעלע רופט מען עס... עס איז אַ מעשה מיט אַ יתום וואָס האָט קײן פאָטער נישט געהאַט און נישט קײן מאַמע געהאַט און מענשען זענען זעהר שלעכט געװעזען צו איהם... זי ווילען עס? גיט איהם דאָס בוך.

**מאָטקע**

פערשעמט.

כ׳קען נישט לעזען, מיך נישט געלערנט. האָט מען איהם געשלאָגען? מיר האָט מען אויך געשלאָגען, ווען איך בין אַ קלײנער יונג געווען... די קאָפּ וואָלט איך זײ יעצט געשפּאָלטען.

**חנה׳לע.**

וואָס? זי האָבען אויך קײן מאַמען נישט געהאַט?

**מאָטקע.**

איך האָב יאָ אַ מאַמען געהאַט, האָט זי מיך נישט געלאָזט שלאָגען, האָב איך זי דערפאַר ליעב, זעהר ליעב, און איהן האָב איך אויך ליעב.

חנה׳לע

דערשראָקען און פערשעמט.

מיך?

מאָטקע

שלאָגט זיך איבער׳ן מויל.

ניין... איך מיין, מיין מאַמע האָב איך ליעב און איהן אויך— ווי מיין מאַמע...

חנה׳לע

לאַכט דערשראָקען.

איך ווייס נישט, וואָס זי מיינען? לעזט ווייטער.

מאָטקע

שטעהט אויף און קוקט זי אָן.

חנה׳לע, איך וויל עפּיס מיט איהן רעדען...

חנה׳לע

לעגט אוועק אין אנגסט דאָס ביכעל און קוקט איהם אָן מיט שרעק.

וואָס ווילען זי מיט מיר רעדען?

מאָטקע.

חנה׳לע, זי ווילען? איך מיין... איך וויל... חנה לע, האָרכען זי מיך אויס, איך האָב איהן ליעב, זעהער ליעב, ווי מיין מאַמע!

חנה׳לע

נאָך מעהר דערשראָקען, מיט אַ געמאַכטען געלעכטער

געהען זי שוין, וואָס האָבען זי מיך וואָס ליעב צו האָבען. עס פעלט איהן דען וועם ליעב צו האַבען?

מאָטקע

חנה׳לע, איך וויל מיט איהן אַ חתן ווערען, אויף אַ ערנסט, זאָל איך אַזוי לעבען, זאָל מיין מאַמע אַזוי לעבען...

חנה׳לע

פערשראָקען.

עס פעלט איהן דען כּלות? זי האָבען דאָך שוין אַזוי אויך געענוג כּלות, וואָס ווי׳לען זי פון מיר? וויל געהן.

מאָטקע

נעמט זי ביי דער האַנד.

געהען זי נישט אַוועק, איך בעט איהן, געהען זי נישט אַוועק, האָרכען זי מיך אויס, איך וועל איהן גאָרנישט קיין שלעכטס טהון, זאָל איך די פּאָפּלעקסיע קריגען דאָ אויפ׳ן אָרט. אויב איך איהן עפּיס שלעכטס טהון וויל. איך האָב אַמאָל איהן געוואָלט שלעכטס טהון, נור נישט געקענט...

חנה׳לע

דערשראָקען.

מיר געוואָלט שלעכטס טהון, פאַרוואָס?

מאָטקע.

ווען איך האָב איהן דערזעהן חנה׳לע, זענען זי מיר אַזוי געפעלען אַז איך האָב איהן געוואָלט שלעכטס טהון, איך האָב מיך צו איהן אַריינגעגנ׳בעט ביינאַכט, ווען זי זענען געשלאָפען אין אַלקעריל...

חנה׳לע

דערשראָקען.

אוי, מאַמעלע קרוין!...

מאָטקע.

נאָר איך האָב איהן דאָס נישט געקענט טהון, געזעהן ווי זי שלאָפען, מיט די אויגען צוגעמאַכט ווי אַ היהנדעלע וואָס פערמאַכט די אויגען און האָט מורא אַז מען זאָל איהר קיין שלעכטס נישט טהון און בעט זיך פונקט דענסטאָל ווי מיין מאַמע ווען איך בין אַ קליין יונגעל געווען און ווען איך האָב איהר צרות אָנגעטהון, געגנב׳עט, און זי האָט מיר די הויזען פערנעהט, האָט זי אויך אַזוי די אויגען פערגלאָצט. ווי אַ היהנדעלע פאַר׳ן שעכטען, האָט דאָס מיר געגעבען אַזאַ נעהם ביים האַרצען, אַז איך האָב געוואָלט אַנידער פאַלען פאַר איהן צו דר׳ערד... כ׳בין גאַנץ שטיל, שטיל אַרויסגעגאַנגען אַז זי זאָלען נישט הערען, נישט געקענט שלעכטס טהון...

חנה׳לע

אוי, מאַמעלע קרוין, אוי!

מ אָ ט ק ע.

גאָר פון דענסמאָל אָן האָב איך קיין רוה נישט, איך קען שוין נישט דאָס. ווייזט אויפ'ן קאָפּ. ס'איז מיר פערמיאוסט... אַז איך גיב זיך אַ דערמאָן ווי זי זענען געשלאָפען מיט די פערמאַכטע אויגען, קען איך שוין נישט קוקען אויף די מעדען... איך בענק נאָך איהן, נישט ווי נאָך די מעדלעך, ניין, ניין, גאָר אַנדערש, איך וויל האָבען אַ ווייב, מיין אייגען ווייב. און מיין מאַמע, זיין מיט איהר אין איין שטוב, מיט ווירטשאַפט נאָך דער חתונה, ווי יעדער מענש, איך זאָל פאָהרען אויף יאָהר-מערק אַרום און האַנדלען, און זי זאָלען זיצען אין דער היים און קאָכען נאַכט-עסען. אַהיימקומען פון מאַרק אין אַ קעלט, אין אַ פראָסט, אַראָפּוואַרפען פון זיך די בורקע, בלייבען מיט מיין ווייב, אין דער שטוב אַזוי וואַרעם, אַזוי גוט, נישט ווי דאָ, נישט מיט די מעדלעך.

ח נ ה' ל ע.

האָט די גאַנצע צייט איהם מיט שרעק אויסגעהערט, זאָגט מיט הארץ-קלאַפּען.

פאַר וואָס האָבען זי מיך דוקא אויסגעקליבען? זי ווייסען גאַנץ גוט, אַז איך בין נישט פאַר איהן, זי ווייסען גאַנץ גוט.

מ אָ ט ק ע.

פאַר וואָס נישט? איך וועל אַוועקוואַרפען דאָס געשעפט, איך האָב שוין געקלערט אַוועקוואַרפען דאָס לעבען מיט די מעדלעך, איך וועל ווערען אַ אָרנטליכער מענש ווי אַלע מענשען, איך וועל האַנדלען מיט פערד, אָדער מיט פיש, איך וועל גאָר אַנדערש, גאַנץ אַנדערש ווערען, איך האָב איהן ליעב...

ה י נ ד ע ל.

איז שוין פון פריהער ארייננעקומען אונבעמערקט און האָט צוגעהערט.

וועה איז מיר, חנה'לע, געה נור אין שטוב אַריין! האָסט דאָרט עפּיס צו טהון.

חנה'לע דערזעהט הינדלען, כאַפּט זיך און לויפט אַב.

מ אַ ט ק ע.

וואָס האָבען זי אַזוי מורא פאַר מיר? איך וועל חנה'לען גאָרנישט טהון.

הינדעל.

מיט א געמאכטען שמייכעל.

ווער זאָגט דען מורא? ווער האָט דען עפּיס מורא פאַר איהן? וואָס זענען זי אַ גזלן? חלילה... נאָר גלאַט אַזוי, חנה'לע, האָט דרינען אין שטוב עפּיס צו טהון.

מאָטקע.

זי האָבען נישט וואָס מורא צו האָבען פאַר מיר, איך וועל חנה'לען גאָרנישט טהון, איך האָב ח:ה'לען ליעב, זייער ליעב.

הינדעל.

וואָס האָבען זי געזאָגט, וועה צו מיר! מיט כעס. וואָס האָבען זי צו חנה'לען? וואָס קעהרען זי זיך אָן מיט חנה'לען? וואָס פאַר אַ ליעב?

מאָטקע.

הינדעל, איך האָב אַ פּאָר הונדערט רובל, איך וועל אַלעס אַוועקוואַרפען, די מעדלעך וועל איך שלמה'ן פערקויפען, כ'וועל אַ פורמאַן ווערען אָדער אַ פישער. און וויל מיט חנה'לען אַ חתן ווערען.

הינדעל.

אַ בעזער חלום אויף מיינע שונאים'ס קעפּ, מיט וועמען ווילען זי אַ חתן ווערען? מיט מיין חנה'לען? פּפוי זאָל עס ווערען, מיין קינד איז אַ ריין קינד, און זי האָבען זיך נישט וואָס צו פרעגען אויף מיין קינד, מיינען זי נישט, דערפאַר וואָס איך האָב אַזאַ פּינסטערע פּרנסה, וואָס איך מוז האַל־טען אַ קאַוויאַרניע פאַר אַזעלכע מענשען, ווי זי זענען, מעג שוין יעדער איינער מיט מיין קינד האָבען צו טהון... מיין קינד איז נישט פאַר אַזעלכע לייט ווי זי זענען...

מאָטקע

מיט כעס.

ווער בין איך? אַ ממזר? איך האָב אויך אַ מאַמע, קלאַפּט אין טיש.

הינדעל

דערשרעקט זיך

ווער זאָגט דען עפּיס אויף איהנ'ס מאַמע חלילה, געוויס האָבען זי אַ מאַמע, ווערלכער יוד האָט דאָס נישט קיין מאַמע, זאָל זי לעבען ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר פיר מיינעטוועגען.

מאָטקע.

איך האָב געמיינט... עס וואָלט נישט געווען גוט, ווען זי וואָלטען עפּיס גערעדט אויף מיין מאַמען... עס וואָלט נישט גוט געווען... געהט צו דער טהיר און רופט אין גאַס. היי, מיידלעך! קומט נאָר אַריין די מינוט!

רויטע

קומט אַריין.

וואָס האָט מיך קאַנאַריק גערופען?

שלמה מיט נאָך אַ פּאָר יונגען קומען אַריין צו לויפען.

מאָטקע

צו די רויטע.

דו קענסט שרייבען אַ יודיש בריוועל?

רויטע.

יאָ, די באָבע האָט מיך געלערנט.

מאָטקע.

זעץ דיר אַוועק און שרייב מיר אַ בריוועל, אָט דאָ האָסט טינט און פּאַפּיר און שרייב מיר. נעמט פון בופעט טינט און פּאַפּיר און דערלאַנגט איהר.

שלמה.

זעהט, צו וואָס ער בעדאַרף זי?

רויטע.

וואָס זאָל איך שרייבען?

מאָטקע.

שרייב מיר אַ טיטול צו אַ מאַמען, אַ גוטע מאַמע, אַ גוטע מאַמע.

זי שרייבט.

מ אָ ט ק ע.

האָסט שוין אָנגעשריבען?

ר ו י ט ע.

יאָ.

מ אָ ט ק ע.

לעז!

ר ו י ט ע

לעזט.

„צו מיין ליבע מאַמע!"

מ אָ ט ק ע.

צו מיין ליעבע, געטרייע, גוטע בעסטע, מאַמע

ש ל מ ה.

זעהסט, וואָס פאַר א טיטול, ווי צו א גרעפין, אַ קלייניגקייט, זיין מאַמע. זיי לאכען.

מ אָ ט ק ע

באַמערקט עס און מאכט זיך נישט וויסען.

און יעצט שרייב אַזוי; „איך שיק דיר מיין ליעבע מאַמע פינף און צוואַנציג רובל, אָט דאָ האָסטו זיי. לעגט געלט אויפ'ן טיש. און קויף דיר אַ שייטיל, אַ פּאָר שיך און אַ שבת-טוך, דעם טאַטען זאָלסטו גאָר נישט קויפען, אַלעס איז פאַר דיר, ווייל ער האָט מיך געשלאָגען, ווען איך בין אַ קליי-נער יונג געווען.

ש ל מ ה.

אַ שאָד, וואָס ער האָט איהם נישט בעגראָבען קליינערהייד.

מ אָ ט ק ע

מאכט זיך נישט הערען.

האָסט שוין אָנגעשריבען?

ר ו י ט ע.

יאָ.

מ אָ ט ק ע.

און יעצט שרייב אַזוי; „איך בין אין וואַרשע, אַ בעל-מלאכה, אַ אַרבייטער, בין איך. איך האָב זיך אויסגעלערנט אַ מלאכה, קלערט וואָס פאַרע מלאכה?..

ש ל מ ה.

גנבישע כּלות צו האָבען און געלד פון קעשענעס צו גנב'ענען.

מ אָ ט ק ע.

באַפּט זיך נישט הערען,

איך בין אַ פישער. איך האַנדעל מיט פיש.

ש ל מ ה.

כאַפּט אונטער

מיט העכט!

מ אָ ט ק ע.

און שרייב ווייטער אַזוי, קום צו פאָהרען נאָך וואַרשע,

מאַמע, איך געה אַ חתן ווערען!

ש ל מ ה.

וואָס האָט ער געזאָגט? אַ חתן ווערען? מזל טוב אונז,

לאָמיר הערען, ווער עס איז זיין כּלה.

ה י נ ד ע ל.

הינטערן בופעט.

אַ בראָך איז דאָך צו מיר, ווייזט צו שלמה'ן אויף מאָטקען. דער

יונג איז דאָך משוגע געוואָרען!

מ אָ ט ק ע.

האָסט שוין אָנגעשריבען?

ד ו י ט ע

מיינט, אַז מאָטקע מיינט זי, לעזט מיט פריינד.

יאָ איך געה אַ חתן ווערען...

מ אָ ט ק ע.

„מיט אַ פיין יודיש מעדעל, אַ אָרנטליכע.

דויטע קוקט אַ טרויעריגע אויף איהם מיט שרעק.

שרייב, אַ אָרנטליך יודיש מעדעל.

ד ו י ט ע

זאָגט נאָך טרויעריג.

אַ אָרענטליך יודיש מעדעל.

מ אָ ט ק ע.

באַפּט דאָס וואָרט און זאָגט נאָך.

יאָ, אַזאַ אָרענטליכע ווי דו ביסט, מאַמע, ווי זלאַטקע.

שלמה.

זלאַטקע איז גוט, אַז זי הייסט נאָר זלאַטקע... יעצט פער־שטעהסטו שוין, פאַרוואָס זי האָט אַזאַ זוהן, ווי די מאַמע, אַזוי דאָס קינד, דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון בוים.

מאָטקע

כאַפּט אַ שטוהל און האַלט איבער שלמה׳ס קאָפּ.

וואָס האָסטו געזאָגט? וואָס, זאָג איבער נאָך אמאָל.

שלמה

מיט שרעק.

וואָס האָב איך געזאָגט? דו האָסט דאָך אַליין געזאָגט, „זלאַטקע".

מאָטקע.

מיין מאַמען זידעלסט דו. כאַפּט אָן דעם יונג ביים האַלז און ווייזט מיטן פינגער אויף דער פּאָדלאָגע. דאָס איז זלאַטקעס שיך, איהרע נעגעל, פיס, אַראָב אויף דער ערד! אויף די קניע פאַר־זלאַטקען! האַלט נ׳שטוהל איבער שלמה׳ס קאָפּ. שלמה האָט מורא, לאָזט זיך אַראָב אויף דער ערד. קוש זלאַטקעס פיס, קוש איהרע שיך, אָט אַזוי זאָלסטו קושען, זלאַטקעס שיך. ער האַקט איהם איבערן קאָפּ ביז שלמה בייגט צו דאָס מויל צו דער פּאָדלאָגע. מאָטקע גיט איהם אַ שטויס אַוועק פון זיך. געה, ביזט נישט ווערט צו קושען זלאַטקעס שיך. זעצט זיך צו אַ טישעל, טרויעריג און פערטראַכט.

אַ לאַנגע פּאַויזע.

ר׳ מלך קומט אַריין צו לויפען אָן אָטעם.

ר׳ מלך.

וואָס איז דאָ געשעהן? אַזעלכע געוואַלדען, געשרייען גע־הערט, דער פּריסטאַוו וועט דאָך אַריינקומען, מען וועט דאָך מיך אונגליקליך מאַכען

הינדעל.

ציהט איהם פאַר׳ן אַקסעל.

שווייג, שווייג... דער יונג איז משוגע געוואָרען. ווייזט שטיל אויף מאָטקען. שטיל צו מלך׳ן. ס׳האָט זיך איהם דוקא פערגלוסט מיט חנה׳לען אַ חתן צו ווערען, נישט אַנדערש.

מלך.

מיט חנה'לען, ער? שטיל. איך האָב מורא פאַר דעם יונג, הינדעל, איך האָב מורא, פיהר גלייך אַרויס חנה'לע'ן פון דער שטוב, בעהאַלט זי ביים פעטער. ווייזט אויף מאַטקען. איך וועל איהם שוין איינשטילען, געה פיהר אַוועק חנהלען.

הינדעל געהט אַב.

געהט צו צו מאַטקען מיט אַ געמאַכטער פריינדשאַפט.

וואָס זיצט איהר אַזוי פערטראַכט? אַ יונגער מאַן ווי איהר. וואָס? די געשעפטען גהען שלעכט?

מאַטקע

כאַפט זיך אויף, דערזעהט מלך'ן, פערבייגט די הענד.

ר' מלך, הערכט מיך אויס, איך וויל מיט אייער טאָכטער אַ חתן ווערען.

ר' מלך

רוהיג.

וואָס עפּעס פונקט מיט מיין טאָכטער, וועניג פעהלען אייך!

מאַטקע.

איך וויל מעהר נישט זיין מיט זיי. ווייזט אויף די מעדלעך. איך וויל אָנהויבען צו פיהרען אַ נ'אַנדער לעבען, איך וועל מיט חנה'לען אַ חתן ווערען און פיהרען אַ לעבען, ווי יעדער אַנדערער מענש. אַ פּישער וועל איך ווערען. ענדערט דעם טאָן און בעט זיך מיט געוויין. פאַרוואָס ווילט איהר נישט, אַז איך זאָל אויך אַמאָל אַ מענש ווערען, איך האָב דאָך אויך אַ מאַמע, אַ עהרליכע, גוטע מאַמע, פאַר וואָס ווילט איהר נישט, פאַר וואָס?

מלך.

וואָס וויל איך נישט? איך ווייס נאָך נישט, וואָס איך וויל נישט.

מאַטקע

קוקט איהם אָן פערוואונדערט.

וואָס זאָגט איהר? ר' יוד, הערט מיך אויס. נעמט איהם אָן ביי'ן לאַץ. איך בין נאָך אַ יונגער יונג, איך קען גאָך גאָר אַנדערש ווערען.

מ ל ך.

געוויס, אַז מען וויל, פאַרוואָס נישט.

מ אָ ט ק ע.

מיט מעהר לוסט.

איך האָב אַ פּאָר הונדערט רובל אייגען געלד, איך וועל זיך נעמען צום האַנדלען, איך וועל מיר קויפען אַ פּאָר פערד און וועל פיהרען פיש פון דער באַהן. איהר וועט זעהן, איך וועל ווערן אַ גאַנץ אַנדערער מענש, אַ גאַנץ אַנדערער מענש. מיין מאַמע זאָל אַזוי לעבען.

מ ל ך.

מיט פריינדשאַפט

פאַר וואָס נישט? אַ יונגער מאַן מיט אַ פּאָר הונדערט רובל קען אַ סך אויפטהון, אַ סך...

מ אָ ט ק ע.

און פאַר וואָס ווילט איהר נישט, פאַרוואָס?

מ ל ך.

וואָס וויל איך נישט? איך ווייס נאָך נישט, וואָס איך וויל נישט.

מ אָ ט ק ע.

פאַרוואָס ווילט איהר נישט, אַז איך זאָל מיט חנה׳לען אַ חתן ווערען, אַ שידוך טהון.

מ ל ך.

ווער זאָגט דאָס, אַז איך וויל נישט? פון וואַנען ווייסט איהר, אַז איך וויל נישט.

מ אָ ט ק ע

ערשטוינט.

וואָס זאָגט איהר וואָס? איהר ווילט? יאָ, איהר ווילט? איך מיט חנה׳לע׳ן אַ חתן ווערען... האָרכט מיך אויס ר׳ יוד, ר׳ מלך הערט אויס; איך האָב אַ גוטע מאַמע, אַ געטרייע מאַמע, איך האָב איהר שטענדיג צרות אָנגעטהון, נאָך פון קליינערהייד אָן האָב איך איהר שלעכטס געטהון, און זי מיר גוטס.

מלך.

עס איז זעהר שעהן, זעהר גוט אַזאַ מאַמען צו האָבען, אַ כבוד אַזאַ מאַמען צו האָבען, אָ, וואַ!

מאַטקע.

איך האָב חנה׳לע׳ן אַזוי ליעב ווי מיין מאַמע, הערט מיך אויס יוד, איך וועל זי האַלטען אַזוי געטריי, אַזוי ריין. איך וועל מיין מאַמען גוטס טהון פאַר אַלע צרות וואָס איך האָב איהר אָנגעטהון, אַ חתן ווערען מיט אַ אָרענטליך יודיש מע־דעל, מיט אַ ריינע... איך וועל זי דאָ נישט האַלטען, אַהיים פיהרען זי צו מיין מאַמע, אַז אַלע זאָלען זעהן, אַלע זאָלען זעהן.

די מעדלעך שטעהען ארום און וויינען.

מלך.

פאַר וואָס נישט, פאַר וואָס נישט. זאָל ער נאָר ווערען פריהער אַ אָנשטענדיגער מענש אַ אָרענטליכער מענש, וועט מען דענסמאָל זעהן, וועט מען דענסמאָל רעדען.

מאַטקע

מיט פרייד.

וואָס האָט איהר געזאָגט, וואָס? חנה׳לע, חנה׳לע! וויל ארייג־לויפען אין צווייטען צימער.

מלך.

האלט איהם צוריק.

אָה, דאָס נישט, חנהלע׳ן דאַרפט איהר נישט זעהן, דער־נאָך, דערנאָך, אַז איהר וועט ווערען אַ אָנשטענדיגער מענש, אַוועקלעגען די פרנסה, ווערען אַ פיש־הענדלער, האָבען אַ פאָר הונדערט רובל אייגענס, קומען מיט אַ שדכן, ווי יעדער יוד, דעמאָלט איז עפּיס אַנדערש, איהר וועט די מוטער ברענגען, זעהן מיט וועמען איך האָב צו טהון... אָבער יעצט נישט...

מאַטקע

יאָ, יאָ, איהר האָט רעכט, יאָ, יאָ. שלאָגט זיך איבער׳ן מויל. דערנאָך, דערנאָך, יאָ, יאַ, נו שלמה׳לע, האָסט געהערט?

קויפסט אָב די מיידען? קויף זיי אָב, נעם זיי דיר אַלע צו. וויפיל גיסטו? איך בעדאַרף זיי שוין נישט מעהר.

מ ל ך.

לאָז מיר נאָר נישט זיין דערבײ, איך וויס גאָרנישט דער־פון אַב.

די מעדלעך הויגען.

ז ש אָ כ ל י ן.

אַ בראָך איז דאָך נאָך מיר. וואָס געהט ער טהון. לאָז מיר נאָר לייפען נאָך די דראָטען געהערין. לויפט ארויס.

ב אַ ש ע.

מיר איז אַלץ איינס; דער הונד אָדער אַ אַנדערער, איין טייוועל.

ר ו י ט ע.

איך האָב באַלד געוואוסט, אַז עס וועט היינט נישט גוט זיין. דער טויז פיק איז מיר נאָכגעלאָפען ווי אַ שוואַרצער שאָטען, קאַנאַריק געטרייער, קאַנאַריק גוטער, וואָס געהסטו טהון?

ש ל מ ה.

מיינסט טאַקע ערנסט? ווילסט אַוועק פון דער שטאָדט?

מ אָ ט ק ע.

מיין געביין וועט זיך דאָ מעהר נישט געפינען. איך וועל דיר דיין פרנסה מעהר נישט שטערען.

ש ל מ ה.

און מעהר קיין פרעטענסיעס נישט האָבען, גאָר נישט?

מ אָ ט ק ע.

איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך פערקויף דיר ביז איינע.

ש ל מ ה.

און מערי די דראָטען — געהערין אויך?

מ אָ ט ק ע

כאפט זיך אויף.

מערי, די דראָטען־געהערין, ניין, זי נישט...

מערי קומט צריין אין שוואַרצען נעקליידעט, נאָך איהר זשאָכלין.

מאָטקע

איבער איהר זאָלסטו קיין רעכט נישט האָבען.

מערי.

צו מאָטקע'ן

וואָס געהסטו טהון?

מאָטקע.

נעמט זי אין אווינקעל.

מערי, מיר מוזען זיך שיידען, איך געה אַוועק פון דאַנען.

מערי.

וואוהין?

מאָטקע.

איך געה חתונה האָבען.

מערי.

פאַרוואָס?

מאָטקע.

איך וויים נישט פאַר וואָס. איך מוז, איך וויל, איך קען נישט אַנדערש.

מערי.

און וואָס ווילסטו מיט מיר טהון?

מאָטקע.

מיט דיר? געה אַוועק פון דאַנען, איך וועל דיך פיהרען אין אַ צירק אַריין. אין אַ וואָדעלוויל, דו וועסט געהן אויף דער דראָט, וועסט אַרבייטען און פערדינען געלד פאַר דיר, פאַר דיר אַליין.

מערי.

איך וויל נישט געהן, איך וויל זיין וואו דו ביזט, מיט דיר,

מאָטקע.

דו קענסט נישט זיין מיט מיר, איך געה חתונה האָבען מיט אַ אָנשטענדיג מיידעל... מיר מוזען זיך צושיידען. ס'איז שוין אונזער מזל אַזוי.

מערי

וויינט.

פאַר וואָס? איך האָב דאָך דיך אַזוי ליעב.

מאַטקע.

איך ווייס אז איך בין ביי דיר אין דער האַנד, אַז דו ווילסט קענסטו מיך איבערגעבען צו דער פּאָליציי אין די הענד, אַז איך האָב אַ מענשען געהרג'עט, אַז איך טראָג אַ פרעמדען נאָמען, גיב מיר אַרויס, אַז דו ווילסט, נאָר דאָס לעבען ווייטער פיהרען קען איך נישט, שיק מיר נאָך סיביר, אויף קאַטאָרגע אַז דו ווילסט, נאָר איך קען מעהר דאָ נישט זיין.

מערי.

וואָס רעדסטו? איך וועל דיר אַרויסגעבען? שלאָג מיר, פּערקויף מיר, טהו מיט מיר וואָס דו ווילסט, איך בין דיינע, איך האָב דיך ליעב, איך האָב דיך ליעבער ווי זי קושט איהם די הענד.

מאַטקע

גלעט זי איבער'ן קאָפּ.

שווייג, מערי, שווייג, מיר מוזען זיך צושיידען.

מערי.

פאַר וואָס? פאַרוואָס קענסטו מיר נישט האָבען מיט חנה'לען. גנב'ע זי אַוועק, מיר וועלען זיין איניינעם. מיר וועלען דיר געלד געבען. מיר וועלען דיך ליעב האָבען, ביידע ליעב האָבען.

מאַטקע

שווייג, איך שלאָג דיך! הויבט אויף די האַנד.

מערי?

איך וועל זי אָנרעדען, איך ווייס שוין, ווי מיט איהר צו רעדען, זי וועט בעשטעהן.

מאַטקע.

שווייג, וואָרים איך זאַדושע דיך אויפ'ן אָרט, וואָס מיינסטו? חנה'לע איז ווי דו? די מינוט נעם צונויף דיינע זאַכען און אַרויס פון דאַנען, די מינוט.

מערי

מיט געוויין.

איך וועל טהון אַלעס, וואָס דו הייסט מיך, אַלעס. איך האָב דיך ליעב, איך האָב דיך ליעב. וויינענד אָב.

שלמה

געהט צו צו מאַטקען.

נו, מאַכען מיר דאָס געשעפט? פערקויפסט מיר די כלות דיינע? זאָג וויפיל דו ווילסט. הונדערט רובל, צוויי הונדערט דריי הונדערט. נעמט ארויס געלד. נאַ, דאָ האָסטו גיט איהם געלד.

מאָטקע

קוקט איהם אָן ווילד.

געלד נעמען? פאַר זיי געלד נעמען? ניין, ניין! נאַ! ווארפט איהם דאָס געלד אין פנים. דו זאָלסט איבער זיי קיין הערשער נישט זיין. היי, מוידען! הינדעל! באַשע!

מעדלעך

געהען צו ציטערנדע.

וואָס?

מאָטקע.

די מינוט נעמט צונויף די זאַכען און אַוועק פון דאַנען.

מעדלעך

דערשראָקען.

וואוהין?

מאָטקע.

אַהיים געהט, צו די מאַמעס, צו די טאַטעס, צו די ברי־דערס, אַרבייטען געהט, דאָ זאָל זיך אייער געביין נישט גע־פינען. אַרויס פון דאַנען!

די מעדלעך שטעהען פערוואונדערט, קוקען מיט שרעק און אונצוטריי דאָ אויף מאָטקען, דאָ אויף שלמה'ן.

שלמה.

וואָס טהוסטו? מיין פרנסה, מיין גאַנצע פרנסה, מיין ווייב און קינד!

מאָטקע

צו די מעדלעך.

האָט נישט קיין מורא, איך וויל נאָר זעהן, ווער עס וועט אייך נישט לאָזען, ווער וועט עס וואַגען אייך שטעהן אין וועג. צו שלמה'ן. דעם קאָפּ וועל איך שפּאַלטען, פערשטאַנען?

צו די מעדלעך. די מינוט אַהיים, צו די טאַטעס, צו די מאַמעס, אַ היים!

באַשע.

גאָט געדערכטער, גאָט געטרייער, דו קענסט דאָך אַלעס. שלעפּט איהר שוועסטער. טהו אַ נס, דעם אויסשטייער האָב איך שוין אָנגעגרייט. אָב.

רויטע

אָבגעהענד וויינט, קוקט מיט בענקשאַפט אויף מאַטקע'ן.

דו שעהנער פאַרשוין מיינער, פאַר וועמען וועל איך יעצט העמדער וואַשען? וועמען די שיך פוצען. אָב.

מאָטקע

צו זשאָכלין.

וואָס שטעהסטו? וואָס געהסטו נישט אַהיים?

זשאָכלין

מיט ביטערקייט.

איך האָב נישט קיין טאַטען. איך האָב נישט קיין מאַמען, איך ווייס נישט צו וועמען צו געהן. די גאַס איז מיין היים, געה איך אין גאַס אַריין. לאַנגזאַם אָב.

מערי

קומט אַריין, אָנגעטהון, מיט איהרע זאַכען, קוקט זיך אַרום.

קיינער איז נישטאָ? פאַלט אויף די קניה פאַר מאַטקען. מאָטקע!

מאָטקע.

שש... רוף מיר נישט מאָטקע, מ'וועט נאָך דערהערען!

מערי.

איך האָב אַזוי ליעב דיך צו רופען מיט'ן אַלטען נאָמען, לאָז מיך!

מאָטקע.

וועסט מיך אַרויסגעבען?

מערי.

איך בין שטענדיג דיינע, וואו איך זאָל נישט זיין. איך וועל שטעהען אונטער דיין פענסטער און זעהן ווי דו וואָהנסט ווי דו לעבסט... זיי גליקליך מאָטקע מיינער... פאַרוואָס?

אוי מאָטקע, ס׳איז מיר אַזוי איינזאַם אָהן דיר, אַזוי טרויע-
ריג... פאַרוואָס?

מ אָ ט ק ע

בערוהיגט זי.

שווייג, שווייג, ס׳איז שוין אודאי אונזער מזל אַזוי; מיר
מוזען זיך צושיידען, אונזערע וועגען צוגעהען זיך. בלייב
געזונד.

מ ע ר י.

בלייב געזונט מאָטקע מיינער געטרייער, מאָטקע איינציגער.

זינגט אַבגעהענד.

טויזענד האָב איך געליעבט
טויזענד האָב איך פאַרלאָזט
נאָר אָן איין איינציגען
פערגעסען קען איך נישט.

מאָטקע קוקט איהר נאָך.

פארהאנג

# דריטער אַקט.

אַ בעל־הבית'טע שטוב. מען גרייט זיך צו תנאים. מלך און אַ ראָק העלפט די טעלער אויפשטעלען

ה י נ ד ע ל

גרייטנדיג צום טיש.

אַזאַ יונג איז דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט, דאָס האָט ער אויסגעפיהרט. אַנדערש נישט נאָר מיין חנה׳לען האָט זיך איהם פערגלוסט, און ער קריגט זי.

מ ל ך.

איך האָב געמיינט, אַז איך וועל איהם אָבנאַרען, צום סוף האָט ער מיך אָבגענאַרט, ער איז טאַקע בעסער געוואָרען דער יונג, קענסט דיר עפּיס העלפען! מיט גלויבען. און איך זאָג דיר, מיין ווייב, אַז אַזאַ יונג ווערט אַ לייט, איז ער מעהר לייטישער ווי אַלע יונגע לייט. ס׳איז דאָך איהם נישט צו דערקענען, ער געהט דאָך מיט מיר דאַוונען יעדער שבּת אין שוהל אַריין, צוערשט האָב איך געמיינט, אַז איך וועל זיך פון איהם אָבטשעפּען. ערשט דער יונג טהוט טאַקע, וואָס איך הייס איהם, ער מיינט עס אויף אַ אמת.

ה י נ ד ע ל.

און וואָס איז דאָ געשעהן? אַ קינד אין דער שערץ וועט ער דיר נישט אַהיימברענגען... און אַז אַזאַ איינער, אַז ער ווערט אַ מענש—איז ער אַ לייט, און חנה׳לע האָט ער ליעב ווי דאָס לעבען, די אויגען וואָלט ער זיך געלאָזט פאַר איהר אַרויסנעהמען.

מ ל ך.

און דער עיקר פערגעס נישט, אַ פּאָר הונדערט רובל, און חנה׳לען נעהמט ער ווי זי שטעהט און געהט, ער וויל דאָך קיין גראָשען נישט פון איהר, און ווער דאַרף דען וויסען פון וואַנען ער האָט געלד, אין פּאַס שטעהט עס נישט פער־שריבּען.

ה י נ ד ע ל.

איך האָב נאָר מורא איין זאַך געהט צו צו איהם און רעדט שטיל.

פון וואַנען ווייסטו אַז דער יונג וועט נישט צוריק גערן
אויף זיין פריהערדיגען וועג? אַזעלכע ציהט עס...

מלך.

נאַרישקייטען... וואָס מיינסטו אָן איהר וואָלט ער געוואָרען
דאָס וואָס ער איז. נישקשה, זי וועט שוין מאַכען פון
איהם אַ לייט, אויף איהר קענסטו זיך פערלאָזען.

מאָטקע לויפט אריין מיט א בריף אין האנד. אנגעטהון חי א חתן.

מאָטקע.

מחותן ר׳ מלך, די מאַמע מיינע קומט דאָך צופאָהרען צו
די תנאים, אָט שרייבט זי מיר... וואו איז חנה׳לע? לויפט אב
אין צווייטען צימער.

מלך.

עס געפעלט מיר אין דעם יונג וואָס ער האָט אַזוי ליעב די
מאַמע זיינע, „כבוד אם" איז אַ גרויסע זאַך.

הינדעל.

און ווער ווייס אויב דאָס איז נישט זיין זכות. אַ יונג איז
געלעגען אַזוי טיף אין דער בלאָטע און הויבט זיך אויף, ער
מוז האָבען אַ גוטען מלך אין הימעל.

מלך.

זעהסט מיין ווייב... שש...

מאָטקע און חנה קומען רעדענדיג צווישען זיך.

מלך.

איז די מחותנת׳טע הייסט עס דאָ, איז זי געקומען צו די
תנאים.

מאָטקע.

יאָ מחותן, יאָ, יאָ, אַז איך וואָלט געוועזען געוואוסט וואו זי
איז יעצט וואָלט איך איהר אַקעגען געלאָפען, וואָלט איך
איהר... שרייבט זי נישט ווי אַזוי זי וועט קומען, צו מיט
דער באַהן, צו מיט אַ פוהר, וואָלט איך געוואוסט מיט וועל-
כען וועג, וואָלט איך אַ שטיק פאָראויס געלאָפען, אַקעגען
געפאָהרען מיט מיינע פערד, ווייס איך נישט, מוז איך דאָ
זיצען און וואַרטען אויף איהר.

מ ל ך.

וועסט דאָ וואַרטען אויף איהר, זי קומט דאָך נישט צו קיין פרעמדע. ווינקט צו הינדעל. מיין ווייב, קום אַרויס, יונגע מענשען, אפשר ווילען זיי זיך עפּיס זאָגען פאַר די תנאים, וואָס מיר טאָרען נישט הערען. שטיל צו איהר: קום מיין ווייב, מיר וועלען זיך שטעלען אונטער די טהיר און מיר וועלען הערען, וואָס חתן-כלה האָבען זיך צו זאָגען. מיר מעגען אויך וויסען;

ה י נ ד ע ל.

האָסט רעכט מיין מאַן. אָב מיט מלך, שטעלען זיך אונטער דער טהיר.

מ אָ ט ק ע.

קוקט אויף חנה'לע'ן מיט ליעבע, פלוצלונג.

חנה'לע, חנה'לע, יעצט זאָג מיר, ווילסט דו ווערען פאַר מיר אַ כלה?

ח נ ה' ל ע

מנסתמא איז דאָך מיר בעשערט אַזוי, אז איך זאָל פאַר איהם אַ כלה ווערען, מען זעהט דאָך אז ס'איז אַ גאָטעס זאַך!

מ אָ ט ק ע.

חנה'לע!

ח נ ה' ל ע.

איך וועל אַלעס טהון, וואָס טאַטעשי און מאַמעשי וועלען מיך הייסען, זיי ווייסען, בעסער פאַר מיר, וואָס איז גוט פאַר מיר.

מ אָ ט ק ע.

חנה'לע!

ח נ ה' ל ע.

איך וועל איהם זאָגען דעם ריינעם אמת, איך האָב עפּיס זעהער מורא, מיין האַרץ שרעקט זיך זעהר.

מ אָ ט ק ע.

פאַר וואָס האָבען זי מורא?

ח נ ה' ל ע.

זי ווייסען שוין פאַר וואָס איך האָב מורא... איך האָב מורא,

אַז זי זאָלען נישט געהען אויף דעם זעלבען וועג, וואָס זי זענען געגאַנגען. וואָס טויג מיר שוין אַזאַ לעבען?... איז דאָך גלייכער, אַז פון אונזער שידוך ווערט גאָרנישט, איידער מיר געהען זיך פערבינדען פאַר גאָט און פאַר לייט.

מ ל ך

אונטער דער טהיר.

אַ געזונד אויף איהר קאָפּ, דו הערסט, ווי זי רעדט מיט איהם?

ה י נ ד ע ל.

נאַר איינער, פערלאָז זיך גאָר אויף איהר איך האָב דאָך דיר געזאָגט אַז אויף אונזער חנה'לע'ן קען מען זיך פערלאָזען.

מ אָ ט ק ע

הארפט זיך אויף די קניה.

חנה'לע, איך וועל שטאַרבען פריהער, אַ טויט זיך נעמען, אין וואַסער זיך וואַרפען, איידער דיר שלעכטס טהון אויף אַזוי פיל. ווייזט אויפ'ן שפיץ פינגער. איך וועל דיר זיין אַ געטריייער, מיין חנה'לע, וועסט זעהן. וויינט.

ח נ ה' ל ע.

וויינען זי נישט, איך גלייב איהן, ווען איך וואָלט איהן נישט געגלויבט, וואָלט איך דאָך פאר איהן קיין כלה געוואָרען

מ אָ ט ק ע.

און פאַרוואָס זאָגסטו מיר נאָך „זי?"

ח נ ה' ל ע.

נו, זאָל שוין זיין „דו"

מ אָ ט ק ע.

איך האָב דיך ליעב, ווי מיין מאַמע, זאָג מיר, האָסט ליעב מיין מאַמע?

ח נ ה' ל ע.

יאָ, איך האָב פאַר דיין מאַמען אָנגעגרייט... אָט וואָס איך האָב אָנגעגרייט. נעמט ארויס פון קאמאָד א שייטיל מיט א טוך. אָט די מתנה האָב איך אָנגעגרייט. פאַר די מחותנת'טע אַ שעהנע מתנה?

מ אָ ט ק ע

שרייט אויס.

חנה׳לע?

ח נ ה ׳ ל ע.

און איך וויל דורכאויס אַז די מחותּנת׳טע מיט מיין מאַמען זאָלען מיך אונטער די חופּה פיהרען, אַז נישט וועל איך האָבען אַ צושטערטע חתונה.

מ אָ ט ק ע

הערט ערנסט, טראַכט אַ ווײַלע, קוקט זיך ארום.

איך הייס נישט קאַנאַריק, איך הייס מאָטקע, רוף מיך מאָטקע, איך בעט דיך.

ח נ ה ׳ ל ע.

מאָטקע? געה שוין געה, דו לאַכסט פון מיר, וואָס פאַר אַ נאָמען איז מאָטקע, מאָטקע פּאַסט זיך פאַר אַ גנב.

מ אָ ט ק ע.

איך לאַך נישט, חנה׳לע. איך טראָג אַ פרעמדען נאָמען.

מ ל ך

אינטער׳ן טהיר.

וואָס האָט ער געזאָגט? לאָמיך נאָר הערען, הערט זיך איין.

ח נ ה ׳ ל ע.

ווי הייסט דו טראָגסט אַ פרעמדען נאָמען? וועלכער מענש טראָגט דאָס אַ פרעמדען נאָמען? דו מאַכסט חוזק.

מ אָ ט ק ע.

איך מאַך נישט קיין חוזק. הער אויס חנה׳לע, איך האָב דיר שוין פריהער געוואָלט דערצעהלען, דיר חנה׳לע דאַרף איך אַלץ זאָגן, איידער איך געה מיט דיר אַ חתן ווערען, ווייל איך, אַז דו זאָלסט אַלעס וויסן און דו מוזט אַלעס וויסען, וועסטו דערנאָך נאָך וועלען מיט מיר אַ כּלה ווערען איז גוט, אַז נישט, זאָג מיר, וועל איך זיך אויפ־הויבען און אַוועקגעהן און וועסט מיין געביין נישט מעהר זעהן.

מלך.

וואָס זאָגט ער?

הינדעל.

מיין האַרץ זאָגט מיר נישט קיין גוטעס אָן, מלך.

מלך.

שווייג, לאָז הערען, וואָס ער וועט זאָגען.

מאָטקע.

חנה'לע, הער מיך אויס. זעהסט, אַז דו האָסט פריהער גע־רעדט וועגען מיין מאַמען, האָב איך געזעהן, אַז דו און איך זענען מיר משפחה און מ'קען דיר אַלעס דערצעהלען, אַלעס פערטרויען, הער אויס חנה'לע; איך טראָג אַ פרעמ־דען נאָמען פון אַ מענשען, וואָס איז שוין נישטאָ, וואָס לעבט שוין נישט, און אַז דו רופסט מיר מיט אַ פרעמדע־נאָמען, דאַכט זיך מיר, אַז דו ביזט זיין כלה, נישט מיינע... אַז דו רופסט מיך קאַנאַריק, שטעכט דאָס מיך... פון קבר רופסטו איהם, און איך וויל אַז דו זאָלסט מיין כלה זיין מיינע, מיינע, מאָטקעס, נישט קאַנאַריקס.

חנה'לע.

און פאַרוואָס רופסטו זיך מיט אַ פרעמדען נאָמען? פאַרוואָס טראָגסטו נישט דיין אייגענעם נאָמען?

מאָטקע.

איך האָב קיין נאָמען נישט געהאַט... ווען איך בין געוועזען אַ קליין יונגעל, האָבען זיי מיך אַלע געשלאָגען, איך האָב נישט געהאַט וואָס צו עסען, האָב איך געגנ'בעט, האָבען זיי מיך געשלאָגען, בין איך אַנטלאָפען פון דער היים אָהן אַ פּאַס און אָהן אַ נאָמען, און אַז איך בין עלטער געוואָרען, האָב איך געזעהן, אַז אַ מענש מוז אַ פּאַס האָבען, אַז נישט איז ער קיין מענש נישט, איז ער ווי אַ בראָדיאַגע. אַלע קענען איהם שלעכטס טהון און ער קען קיינעם גאָר נישט טהון, פאַר אַלע מוז ער מורא האָבען, איך האָב אויך גע־וואָלט זיין ווי זיי מיט אַ פּאַס...

חנה'לע.

און פאַרוואָס ביזטו נישט אַהיימגעגאַנגען צו דיין מאַמען?

מ אָ ט ק ע.

איך האָב נישט געהאַט קיין היים, איך האָב קיינעם נישט געהאַט. איך האָב זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער וועלט, ביז איך האָב אָנגעטראָפן אויף דעם מענטשן, וועמענ׳ס נאָמען איך טראָג. ער האָט מיר שלעכטס געטהון, פיל שלעכטס געטהון, און איך האָב איהם גאָרנישט געקענט טהון, ווייל ער האָט געהאַט אַ פּאַס און אַ נאָמען און איך נישט, האָב איך געמאַכט אַזוי, אַז איך זאָל האָבען זיין נאָמען און זיין פּאַס. אַזוי האָב איך געמאַכט...

ח נ ה ׳ ל ע

דערשראָקען.

וואָס האָסטו געטהון?

מ אָ ט ק ע.

חנה׳לע, איך האָב געמאַכט, אַז ער זאָל פערשווינדען פון דער וועלט, אַמאָל אַז ער האָט געוואָלט אַוועקנעהמען אַ מענטשן, וואָס האָט געהערט צו מיר, האָב איך איהם געפּאַקט... האָב איך געמאַכט, אַז ער זאָל שוין נישט קענען אַנטלויפען... האָב נישט קיין מורא, ער וועט שוין נישט צוריק קומען, ער איז שוין גוט בעהאַלטען אין אַ טייך, מיט אַ שטיין אויפ׳ן האַלז אָנגעבונדען... קיינער ווייס נישט דערפון, נאָר זיין נאָמען וויל איך מעהר נישט טראָגען, ביז יעצט האָט מיר נישט געאַרט, האָב איך עס נישט בע־טראַכט, נאָר זינד איך בין מיט דיר אַ חתן געוואָרען און דו רופסט מיר מיט זיין נאָמען, שטעכט עס מיר, ווייזט זיך מיר אויס, אַז נישט מיר רופסטו, איהם פון טייך רופסטו אַרויס, ער איז מיט דיר אַ חתן געוואָרען, נישט איך, און איך וויל זיין דיין חתן, איך, מאָטקע, איך וועל פאָהרען אין מיין שטעדטיל אריין, וואו איך בין געבוירען געוואָרען, איך וועל געבען די סטראַזשניקעס אַ סך געלד, אַ סך געלד די פּאָליציי, און איך וועל אַרויסנעהמען אַ פּאַס אויף מיין אייגענעם נאָמען, איך וועל מיך רופען, ווי מיין מאַמע האָט מיך גערופען, מאָטקע האָט מיר מיין מאַמע גערופען.

חנה׳לע זיצט דערשראָקען, קען קיין וואָרט נישט ארויסרעדען.

הינדעל

מורמעלט אונטער׳ן טהיר.

וועה איז מיר, וועה איז מיר.

מלך.

ש ש... שווייג, שווייג..

מאָטקע

נאָך א לאנגע פויזע.

שוין, יעצט ווייסטו אַלעס, אַלעס, זאָג, ווילסטו נאָך זיין מיין כלה? זיין אַ כלה מיט מאָטקען, נישט מיט קאַנאַריק׳ן? קאַנאַריק איז געשטאָרבען, טויט, בעגראָבען, איך בין מאָטקע, איך בין מאָטקע! זאָג, ווילסט מיט מאָטקע׳ן אַ כלה זיין? האָב נישט קיין מורא, אַז נישט, בין איך נישטאָ, געה איך אַוועק, זעהסטו מיר נישט מעהר. וויל צוגעהן צו חנה׳לען. חנה׳לע דערשרעקט זיך. וואָס שרעקסטו זיך?

חנה׳לע

דערשראָקען.

פאַרוואָס זאָל איך מורא האָבען? דו ביזט דען נישט מיין חתן? און פאַר אַ חתן זאָל מען מורא האָבען!.. איך האָב זיך נאָר דערשראָקען...

מאָטקע

שרייט אויס.

חנה׳לע! חנה׳לע! פאלט אויף דר׳ערד, גראָבט איין זיין פנים אין איהר שויס, וויינט.

מלך מיט הינדלע׳ן קוקען ארויס פון דער פאָרהאנג און ווינקען צו חנה׳לען און שאָקלען מיט די קעפּ. מלך ווייזט מיט דער האנד אויף זיך, אז ער ווייסט וואָס ער האָט צו טהון. הינדעל קנייפּט זיך אין די באקען און ווינקט צו חנה׳לען, אז זי זאָל מאָטקע׳ן ארויסשיקען.

חנה׳לע

זוכט אין די געדאנקען עפּעס.

וואָס וויינסטו, מאָטקע, וויין נישט, מן-הסתם איז דאָך שוין דיין מזל אַזעלכער, און דיין מזל איז דאָך מיין מזל... געה אַרויס אין דרויסען, זעה, אפשר קומט די מחותנתטע און זי וועט דאָך נישט ווייסען דעם וועג, געה איהר אַנקעגען

מ אָ ט ק ע.

שוין, חנה׳לע, האָסט רעכט, אָט געה איך שוין, אָבער זאָג מיר נאָר איין וואָרט, וועל איך וויסען, אַז אַלעס איז גוט.

ח נ ה ׳ ל ע

וואָס זאָל איך זאָגען?

מ אָ ט ק ע

מיט בענקשאפט.

זאָג מיר „מאָטקע״!

ח נ ה ׳ ל ע

סראכט א אויגענבליק אין צווייפעל, אין טרעהרען.

מאָטקע! מאָטקע!

מ אָ ט ק ע.

איך וועל שטאַרבען, וועל איך... איך וועל שטאַרבען...

ס׳איז אַזוי גוט. אב.

ה י נ ד ע ל

קומט אריין מיט מלך׳ן.

מיין אָרעם קינד. חנה׳לע פאלט אויף איהר האלז און וויינט. וואָס האָסטו צו וויינען? וויין נישט מיין קינד, גאָט זיי דאַנק, וואָס ער האָט זיך דיר פערטרויט, דו ביזט נישט זיינע און ער איז נאָך נישט דיינער, אַ פרעמדער מענש, מיר מוזען פון זיך דאָס פעקיל אַראָבוואַרפען, מיר האָבען דערמיט גאָרנישט צו טהון.

מ ל ך

שטיל צו הינדעל.

הינדעל, איך האָב מורא, אַז מיר זיינען דרינגען... האָט זי דער יונג קיין שלעכטס געטהון?

ה י נ ד ע ל.

וואָס פאַלט דיר איין? אויף מיינע שונאים׳ס קעפּ, דער יונג איז צו איהר געווען ווי אַ לערן־בחור, ווי אַ רבי׳ס אַ קינד איז ער זיך מיט איהר בעגאַנגען.

מ ל ך.

וואָס וויינט די מויד? הינדעל, עס געפעלט מיר נישט וואָס די מויד וויינט.

ה י נ ד ע ל:

מלך, געה אוועק פון מיר. לאָז מיר מיט'ן קינד אַליין.

מ ל ך.

ווער געוואָהר, הינדעל, ווער געוואָהר וואו מיר האַלטען? איז שוין נאָך אַלעמען, מוזען שווייגען? ווער געוואָהר.

ה י נ ד ע ל.

טאָכטער לעבען, זאָג מיר, שעהם זיך נישט, איך בין אַ מאַמע זאָג מיר:

ח נ ה' ל ע.

וואָס זאָל איך דיר זאָגען, מאַמע לעבען?

ה י נ ד ע ל.

האָט ער דיר קיין שלעכטס געטהון?

ח נ ה' ל ע.

ווער, מאַמע?

ה י נ ד ע ל.

דער יונג.

ח נ ה' ל ע.

ניין, מאַמע, ער איז מיט מיר אַרומגעגאַנגען ווי אַ חתן, אַ פיין לערן-קינד, אַלעס, וואָס איך האָב געוואָלט האָט ער געטהון, ווייל ער האָט געוואָלט ווערען אַ אָנשטענדיגער מענש, איז געגאַנגען מיט'ן טאַטען דאַווענען יעדער שבת אין חברה אַריין.

ה י נ ד ע ל.

זעהסטו, וואָס האָסטו געפּלאַפּעלט? דער יונג איז זיך בע-גאַנגען מיט איהר עדעל ווי אַ לערן-קינד.

מ ל ך.

אויב אַזוי, צו דער פּאָליציי, די מינוט צו דער פּאָליציי! אויף זיין קאָפּ אויף זיינע הענד און פיס.

ח נ ה' ל ע.

מאַמע!

ה י נ ד ע ל.

מלך!

מ ל ך.

מיר מוזען פון זיך דאָס פעקיל אַראָבוואַרפען, אַראָבוואַרפען פון זיך.

ח נ ה׳ ל ע.

מאַמעלע קרוין, וואָס געהט איהר טהון?

ה י נ ד ע ל.

מלך!

מ ל ך.

חנה׳לע וואָס ווילסטו אונז אונגליקליך מאַכען, ער וועט דאָך אונז מיטשלעפּען, מיר מוזען פון זיך דאָס פעקיל אַראָבוואַרפען, ווייזען נאַטשאַלסטוואָ אַז מיר האָבען נישט געוואוסט. מלך אב.

ח נ ה׳ ל ע

וויינט.

טאַטע, וואָס געהסטו טהון?

ה י נ ד ע ל.

שווייג, מיין טאָכטער, שווייג, דער טאַטע ווייס בעסער וואָס ער האָט צו טהון.

פון די טרעפּ הערט זיך מאָטקע׳ס פרעהליכע שטימע.

מ אָ ט ק ע

אין דרויסען

מאַמע, מאַמע געטרייע!

ה י נ ד ע ל.

שווייג, ער קומט, וויש דיר אויס די אויגן, ער זאָל גאָר-נישט אָנזעהן, יעצט נאָך די מחותנת׳טע געבראַכט, אין אַ גוטע שעה האָט ער זי געבראַכט.

ח נ ה׳ ל ע.

מאַמע... איך קען איהר אין די אויגען נישט קוקען. לויפט אב, הינדעל נאָך איהר.

מאָטקע קומט.

מ אָ ט ק ע.

חנה׳לע, זעה, זעה נאָר, ווער עס איז דאָ, די מאַמע, די מאַמע!

מ אָ ט ק ע

פיהרט אריין זלאטקע'ן, אין א טערקישען שאל, אלס, איינגעהייקערט.

וואו זענען זיי? חנה'לע! זע, מיין מאַמע, לייפט צו צו דער טהיר. נישטאָ, זעץ דיך, מאַמע, לאָמיר דיך אָנקוקען, ווי זעהסטו אויס?

ז ל אַ ט ק ע.

זעהס, זעהס גאָט'ס וואונדער, חיינט. ווער האָט דיך ערצויגן, מאָטקע מיינער, איך האָב געמיינט אַז דו ביזט שוין געשטאָרבען, און יעצט איז דאָך מיר, ווי איך וואָלט דיך נאָך אמאָל געבוירען. איך האָב געמיינט, אַז אין אַלע ימים ווע סטו זיך טרינקען, און יעצט זעהט גאָט'ס וואונדער. ווער האָט זיך אָנגענומען פאַר דיר? ווער האָט דיך ערהאַלטען מיין קינד? זעהט מיין נחת, זעהט מיין גליק! גאָטס וואונדער! גאָט'ס וואונדער! פאלט אויף זיין קאפ און וויינט.

מ אָ ט ק ע.

שווייג, מאַמע, שווייג, איך וועל שטאַרבען... וואו איז דער טאַטע? איך וויל, דער טאַטע זאָל קומען, יאָ, ער זאָל אויך קומען!

ז ל אַ ט ק ע.

ער האָט נישט געוואָלט קומען. „אַז ער האָט נאָר געשריבען נאָך דיר, פאָהר צו" — האָט ער געזאָגט, „אַז ער וויל, אַז איך זאָל זיין אויף זיינע תנאים, איז ער נישט קראַנק געוועזן צו קומען נאָך מיר" האָט ער געזאָגט... אוי האָט ער געבען געוואָלט פאָהרען... טרעהרען האָט געהאַט אין די אויגן, ווען איך האָב זיך אויף דער פוהר אַרויפגעזעצט, נאָר דו האָסט אים נישט געבעטען, מיין קינד, שלעכט בעהאַנדעלסטו דעם טאַטען.

מ אָ ט ק ע

דערמאָנט זיך.

ער האָט מיך געשלאָגען. לאכט. וועל איך פאָהרען נאָך איהם. אַז ער וויל אַז איך זאָל קומען, וועל איך קומען נאָך איהם מיט מיין כלה וועל איך קומען איהם בעטען צו די חתונה.

זאָל ער זעהן אַז מאָטקע לעבט נאָך! יאָ, אָבער וואו איז זי? וואו זענען זיי אַלע? רופט. חנה'לע! חנה'לע! מיין מאַמע איז דאָך געקומען צו פאָהרען. לויפט אב און שלעפט אריין חנה'לען. חנה'לע ווישט זיך שנעל אויס די אויגען. זעהסט, מאַמע, דאָס איז מיין כלה, מיין טייערע איינציגע כלה, און דאָס איז מיין אַלטע מאַמע. נעמט ביידע ארום. מיינע צוויי מאַמעס...

זלאַטקע.

מיין טאָכטער, ווער האָט זיך געקענט ריכטען אַז איך וועל די זכיה האָבען מיין זוהן, און נאָך דערצו, זיין כלה... גאָטעניו, פאַרוואָס קומט דאָס מיר? מיין קינד; דו האָסט א גוטען שטערן אין הימעל, גאָט האָט זיך פאַר דיר אָנגענומען. קושט חנה'לען אין קאפ.

מאָטקע

בעמט ארויס פון קאמאד א שייטעל מיט א טוך.

זעהסט, מאַמע, דאָס האָט דיר מיין כלה אַ מתנה געקויפט.

זלאַטקע.

דיין כלה'ס מתנות?

מאָטקע.

דו האָסט עס פאַר מיין מאַמע געקויפט, נישט וואַהר? חנה'לע?

חנה'לע.

יאָ, פאַר די מחותנת'טע.

מאָטקע.

טהו עס אָן מאַמע.

זלאַטקע.

ניין, מיין זוהן, נישט יעצט, אין אָוועטנד צו די תנאים,

מאָטקע.

איך וויל שוין, די מאַמע זאָל שוין אָנטהון דאָס נייע טוך, וואָס מיין כלה האָט פאַר דיר געקויפט. טהוט איהר אן דאס טיכעל. און נאַ, דאָס האָב איך פאַר דיר געקויפט. נעמט ארויס א פאר גאלדענע אויריגגלעך מיט א קייט און טהוט עס אן זלאטקען. איך וויל, אז דו זאָלסט אויסקוקען שעהן, רייך, אַרייכע

מחותנת׳טע זאָלסטו זיין. דו ביזט מאָטקע׳ס מאַמע, איך וויל אַז דו זאָלסט אויסזעהן ווי אַ פריצטע!

**זלאַטקע.**

זעהט, דעם נחת, מענשען, וואָס איך האָב דערלעבט. צו חנה׳לען. איך האָב דאָך געמיינט, אַז ער וועט אונטערגעהן, ער איז דאָך אַ גנב געווען קליינערהייד, הרפות און בושות האָב איך דאָך געהאַט פון איהם, זעהט וואָס איז געוואָרען פון איהם, זעהט...

**מאָטקע.**

און איך האָב דיר באַלד געזאָגט, מאַמע, וויין נישט אַז איך וועל נאָך קומען נאָך דיר מיט אַ קאָטש צו פאָהרען, מיט צוויי פאָר פערד... היינט בין איך געקומען נאָך דיר מיט אַ קאָטש צו פאָהרען. יענער מאָטקע איז געשטאָרבען, בעגראָבען, און אַ אַנדער מאָטקע איז געבוירען געוואָרען. נישט וואַהר, חנה׳לע? פרעג איהר, מאַמע, אַלעס האָט זי געמאַכט, אלעס זי... ווייזט אויף חנה׳לע׳ן.

**זלאַטקע.**

דאָס ביזטו מיין קינד, זיין מלאך געווען... די הענטלעך וועל איך דיר דערפאַר קושען קושען. וויל קוסען חנה׳לע׳ן די הענד, זי לאָזט נישט. דערפאַר וואָס דו האָסט אַ אָרעמאַן דאָס האַרץ דערפרעהט... פאַרוואָס, רעדסטו נישט צו מיר, מיין קינד? פאַרוואָס שווייגסטו?

**מאָטקע**

דו שעמסט זיך מיט מיין מאַמע?

**חנה׳לע**

אין פערצווייפלונג.

וואָס פאַלט דיר איין?

**מאָטקע.**

וואָס ציטערסטו?

**חנה׳לע.**

איך בין אַזוי דערשראָקען, וואָס איך זעה דיין מאַמע אַזוי פלוצלונג די מחותנת׳טע ער האָט דאָך אַזוי פיל גערעדט

וועגען די מחותנתטע, ער האָט דאָך אַזוי געוואָלט זעהן די מאַמע...

מ אָ ט ק ע.

יעצט וועלען מיר זיי האָבען,ביידע וועלען מיר זיי האָבען מיט אונז וועט זי וואַינען, דאָס בעסטע, וואָס מיר וועלען עסען וועט זי עסען, אָבהיטען זאָלסטו זי מיר, דו וועסט מיר רופען ווי אין דער היים, מאָטקע, גנב צו חנה'לען. מאָטקע גנב האָט זי דאָך מיך גערופען, אז איך וועל פוילען אין די תפסות, אויף דער תליה הענגען, האָבען זיי געזאָגט... זעהסט וואָס פאַר אַ כלה מאָטקע האָט? מאָטקע וועט אַ היים פאָהרען אין שטעדטיל אַריין מיט זיין כלה און אַרויסגעהען שפּאַצירען אין די גאַסען אַרויס, אַזוי געאַרעמט, אין איין האַנד די מאַמע, אין די צווייטע האַנד די כלה. נעמט זי און געהט מיט זיי שפּאַצירען. וועט ווערען אַ געקוק... וועלען זיי פרעגען; ווער געהט עס דאָ? וועלען זיי זאָגען: „דאָ געהט מאָטקע מיט די מאַמע און מיט די כלה זיינע“ וועלכער מאָטקע? מאָטקע גנב? יאָ, יאָ, און ווערט צוזעצט, אַז ס'געפעלט אייך נישט. כאַ־כאַ־כאַ!

מען הערט אַ פייפען דורך'ן פענסטער, מאָטקע לויפט צו צום פענסטער, פראַלט עס אויף.

מ ע ר י

שטעקט אריין דעם קאָפּ.

געדענק אין גאָט אַנטלויף מאָטקע. מען געהט.

מ אָ ט ק ע.

האָסט מיך אַרויסגעגעבען?

מ ע ר י

דורכ'ן פענסטער.

איך נישט. זיי, דיין כלה.

מ אָ ט ק ע.

ליגענד! לויפט צו, חאַפּט חנה'לען ביי דער האַנד און קוקט איהר אין די אויגען אריין. זאָג ס'איז ליגענד. קוק מיר אין די אויגען אַריין.

חנה׳לע
מיט געוויין.
איך בין נישט שולדיג, דער טאַטע.
מאָטקע.
דער טאַטע, דער טאַטע.
זלאטקע.
וואָס איז דאָס מיין קינד? וואָס ביסט דו אַזוי ערשראָקען!
וואָס איז געשעהן.
מאָטקע
דערמאָנט זיך, כאַפּט זיך צוריק.
גאָר נישט מאַמע, גאַר נישט. סוחרים קומען צו מיר, איך מוז אויפ׳ן מאַרק געהן. עפּעגט אויף די טהיר און רופט. מחותנת׳טע, מטותנת׳טע. נעמט צו מיין מוטער, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מחותנת׳טע. איהר הערט? הינדעל בעווייזט זיך אין טהיר ערי-שראָקען. צו די מוטער. געה אַריין מאַמע, די מחותנת׳טע וואַרט אויף דיר. איך בעדאַרף עפּעס איבערעדען מיט מיין כלה.
הינדעל
צו זלאטקען.
קומט אַריין מחותנת׳טע.
מאָטקע
אקצענטירענדיג:
און בכּבוד האַלט זי ווי עס פּאַסט פאַר אַ מחותנת׳טע, געהערט
הינדעל
אין שרעק.
געהערט. געהט אָב מיט שרעק. מיט זלאטקען
מאָטקע
צו חנה׳לען.
פאַר וואָס? פאַר וואָס!
חנה׳לע ציטערט.
מאָטקע
האָב נישט קיין מורא, אַז איך וואָלט געוואָלט וואָלט איך דיר אַזוי דעם קאָפּ אַראָבגעדרעהט. נור איך וועל דיר גאָר

ניִשט טהון. נור איין זאַך וויל איך דיך פרעגען. האלט זי ביים האנד. פאַר וואָס? פאַר וואָס?

מעריי'ס קאָפּ

פון פענסטער.

מאָטקע מען געהט.

מאָטקע

ווארפט אוועק חנה'לען.

געה, רופט צו די מוטער אין צווייטען צימער. בלייב געזונד מאַמע.

זלאַטקע.

וואו געהסטו מיין קינד? איצט? אין אַזאַ צייט.

מאָטקע.

איך מוז אין דער וועלט אַריין.

זלאַטקע.

און וואו לאָזט דו מיך דאָ אַליין.

מאָטקע.

איך וועל קומען נאָך דיר צוגעהן. קושט די מוטער און שפּרינגט ארויס דורכ'ן פענסטער.

א בעוועגונג פון סטראַזשניקעס הינטער דער טהיר.

פאָרהאַנג.

שלום אַש

# יחוס

אַ קאָמעדיע אין דריי אַקטען.

# פערזאָנען.

**ה' גרויסגליק,** טאַטע.

**לעאָן**<br>**וואַנדע**<br>**מיטע**<br>**זאָשע** } זיינע קינדער.

**די טאַנטע,** פון דער פאַמיליע גרויסגליק.

**ראָזע באָרענשטיין,** ווירטשאַפטערין.

**איהר פאָטער,** דוד גאַרקיכער.

**איהר מוטער.**

**לייב**<br>**בער** } צוויי קוזינען אין דער ווירטשאַפט באַרענשטיין.

**איינער פון די „געסט".**

**אַ „מענש".**

**אַ דינסט.**

**צוויי קופּלייט.**

האַנדלונג—אין אַגרעסערע פּראָווינץ־שטאָדט.

# ערשטער אַקט.

א ברייט גרויס מעהעל-צימער פון א רייך אריס-
טאָקראטיש אָבגעקומען הויז, די ווענד בעשטעלט
מיט אלטע שויבען-שענקעלעך, פון וועלכע עס
קוקען ארויס טייערע זילבערנע כלים, טייערע
פאָרצעליי. אין א ווינקעל שטוב א אלטער אָרון
בעהאנגען מיט א טייערען פרוכת, ארום דעם
אָרון צוויי גרויסע ספרים-שענק, אמפּיר, בעהאנ-
גען מיט פאָרהאנגען, נור דאָס ווינקעל איז פאָר-
שטעלט מיט דעם פאָרטעפּיאן, וואָס מען דער-
קענט דערפון, אז דאָס ווינקעל איז שוין לאנג ארויס
פון געברויך. די ווענד בעהאנגען מיט אלטע פא-
מיליען-פאָרטרעטען, טהייל רבנים מיט לאנגע
בערד און פיאות, טהייל סוחרים מיט גאָלדענע
ברילען און גאָלדענע רינגען. רעכטס דריי טהי-
רען, די מיטעלסטע אין קאָרידאָר, איינע אין
פּאפּא'ס צימער, די צווייטע אין מאמא'ס צימער,
די לעצטע איז בעהאנגען מיט שווארצע קרעפּע.
אין הינטערגרונד א אָפענע ארקאדע אויף זיילען
בעלענט מיט אוועקגערוקטע פאָרהאנגען, וועלכע
פיהרט אין די קינדער'ס צימערן. לינקס דריי
גרויסע פענסטער אין גאס ארויס. עלעקטרישע
לאָמפּען, די ברענען זיך נישט; פיעל פון זיי
פעהלען גלעזליך, באניעס, און עס שטארען ארויס
האלבע אָבגעברענטע ליכט. אלעס אין שטוב איז
אָבגעלאָזט, פערנאכלעסיגט. מען זעהט, אז עס
פעהלט א בעל-הבית'טע אין הויז... עס טונקעלט.

פון א צווייטען צימער הערט זיך

**ה׳ גרויסגליק׳ס קול.**

דן... לאה... עס רופט זיך קיינער נישט אָן... נאך א קליינער פויזע קומט ארויס א הויכע געשטאלטע פערזאן. כאראקטעריסטישע, אריסטאָקראטישע ציגע, א ראסאַחע גראָבע נאָז, גראָבע ליפּען, רעדט לאנגוויליג, בעקלאָגענדיג זיך. ער איז האלב אין נעגליזש. לאה... דן... וואָס, קיינער נישט דאָ? קלינגט אָן אין א וואנד-גלאָק, עס קלימפּערט נישט... ער גיהט צו קלינגען ביי דעם לאָמפּ. קלינגט—עס ענטפערט נישט אָב. אָך, די קלינגער קלינגען נישט... ער דרעהט דעם עלעקטרישען קנאָפּ—עס לייכט זיך נישט. דער עלעקטריק לייכט זיך נישט... אַלעס שטעהט אין דעם הויז... גאָט, גאָט... אַ ווירטשאַפט... לאה... געהט אליין צו צו דער טהיר פון קיך, עפענט זי פארזיכטיג אויף, קוקט אריין. קיינער נישט דאָ... אַלע איבערגעלאָזט דאָס הויז... וואָס איז דען דאָס אייגענטליך? דרעהט זיך איבער דער שטוב ארויף און אראב. און... ניין, דאָס איז דאָך נישט געהערט געוואָרען. געהט צו א טהיר, קלאפּט אָן. טאָכטער, מען קען אַריינגעהען?

**זאָשע׳ס קול**

פון אינעווייניג.

אָך, פּאַפּאַ, ניין, פּאַפּאַ.

**ה׳ גרויסגליק**

אין א צווייטע טהיר.

מען קען, טאָכטער, אַריינגעהען?

**וואנדע׳ס קול.**

שטילער, פּאַפּאַ, מיטע שלאָפט...

דער אלטער דרעהט זיך אום, קומט צו צו דער טיהר מיט דער שווארצער קרעפּע... דערשרעקט זיך... דערווייטערט זיך, זעצט זיך דאן פערצווייפעלט ביי א טיש, קלאפּט מיט די ליפּען.

ניין, אַזעלכעס... איז דאָך נישט ערהערט געוואָרען.

עס קומט ארײַן אומבעמערקט די טאָכטער אין שוואַרץ געהילט. אַ שוואַרצע שטרוי־הוט מיט אַ שוואַרץ שלײַפעל, אַלטע אָבגעטראָגענע קליידער, טראָגט זיך רוהיג.

מען קען, שוואָגער?

ה׳ גרויסגליק.

ווער איז דאָרט?

טאַנטע.

איך, שוואָגער.

ה׳ גרויסגליק

אָבגעשראָקען.

ווער דאָך?

טאַנטע.

דאָס בין איך, דער שוואָגער, האָסט מיך נישט דערקענט?

ה׳ גרויסגליק.

דו ביסט עס. נו קום דאָך נעהנטער. אַ אונערהערטע זאַך. שטעל דיר פאָר, צוויי דריי שטונדען בין איך אַליין אין מיין צימער, קלינג, דאָס קלינגעל קלינגט נישט, דער עלעקטריק לייכט נישט... די גאַנצע דינגערשאַפט ווייזט זיך נישט... צוויי דריי שטונדען, דן... לאה... און קיינער בעווייזט זיך נישט... האָבען אַליין מיך איבערגעלאָזט...

טאַנטע.

די דינער זענען דאָך נאָך אייערנעכטען אַוועקגעגאַנגען, דער שוואָגער האָט פערגעסען? און די פאַבריק אַרבעט דאָך נישט—פון וואַנען זאָל דען עלעקטריק זיין?

ה׳ גרויסגליק.

אַליין, אָהן קיינעם...

טאַנטע.

שוין העכער פון זעקס מאָנאַטען האָבען זיי דאָך קיין געהאַלט נישט בעקומען, דאָס קאָנטאָר צאָהלט דאָך מעהר נישט אויס.

ה׳ גרויסגליק

דערמאָנט זיך.

אָך, דאָס קאָנטאָר... אָבער וואָס קען איך דערצו טהאָן?...

און יעצט בעטראַכט אַליין מיין לאַגע. צוויי דריי שטונדען איינער אַליין... די טעכטער פערשטעקט יעדע בעזונדער אין איהר צימער... קיינער בעוויזט זיך נישט... נעמט עס דאָך איינעם אַ שרעק אָן, פאַר די פוסטקייט דאָ. און יעצט דאָרט די טהיר...

טאַנטע.

עס איז טרויעריג. (קרעכצט—האַקט איבער דעם טאָן). נישט געוועזען לעאָן?

ה׳ גרויסגליק.

איך ווייס נישט, איז ער דען נישט אין זיין צימער?.. און אויך ער... אין דער לעצטע צייט.

טאַנטע.

עס איז קיין וואונדער נישט. אַיונגערמאַן געהט איין און אויס... (געהט צו צו זיין טהיר, קלאַפּט אָן, עפענט זי דערנאָך אויף). זעה, זיינע קערב זיינען געפּאַקט, רייזט ערגעץ-וואו אָב?

ה׳ גרויסגליק.

איך ווייס נישט... מיר האָט ער גאָרנישט געזאָגט דערפון.

טאַנטע.

דער שוואָגער האָט נישט בעמערקט, לעאָן איז זעהר אויפגערעגט אין די לעצטע צייט.

ה׳ גרויסגליק.

איך ווייס עס נישט... יאָ, יאָ, איך גלויב, ער וויל נאָך פאַריז פאָהרען אויפ׳ן ווינטער. ער האָט איינינגע מאָל גערעדט דעריבער... די שוועסטער׳ן געזאָגט... גענויעס ווייס איך נישט, ווייסט דו עס פיללייכט?

טאַנטע.

יאָ, יאָ, עס איז טרויעריג. (קרעכצט). דאָס קאָנטאָר צאָהלט קיין געלד נישט, דער יונג איז ערוואַקסען, געוואָהנט צו אַלדעם בעסטען. אין זיינע יאָהרען צו רעכענען זיך מיט׳ן גראָשען, אַפילו נישט אָנשטענדיג צו זיין אָנגעטהאָן אַזוי ווי עס שטעהט איהם אָן לויט די פאַמיליע. אַודאי איז עס נישט אַנגענעהם, וואָלט ער כאָטש אַזוי נישט ערצויגען געוואָרען... יאָ, יאָ, די זעליגע שוועגערין האָט די קינדער

זעהר געליעבט, פילייכט צופיעל געליעבט... דאָס איז נישט ערצויגען געוואָרען צו ליידען... אויך נישט צו אַרבייטען. יאָ, פאַר גרויסגליק׳ס קינדער פאַסט נישט צו אַרבייטען...
קרעכצט. יאָ, יאָ, זעהר טרויעריג. זעהר.

ה׳ גרויסגליק

מיט געוויסען בייזער.

אָבער דאָס איז דאָך אונערהערט—דאָס קאַנטאָר צאָהלט נישט קיין געלד. וואָס מיינען זיי דען אייגענטליך די הערר ען?

טאַנטע.

דער שוואָגער איז נאַאיוו ווי אַ קינד, די מאַשינען שטעהען, די פאַבריק אַרבייט נישט. נישט דאָ קיין גראָשען מיט וואָס מאַטעריאַל צו קויפען. חובות מעהר, ווי עס בעטרעפט — יאָ. פון וואַנען זאָלען זיי דען געלד נעהמען?

ה׳ גרויסגליק.

אָבער וואָס קען איך דערצו טהאָן? זיי ווייזען מיר רעכ־נונגען. וואָס ווייס איך פון רעכנונגען? פון זעליגען פאָ־טער איבערגענומען די געשעפטען... האָב זיך שטענדיג פערלאָזט אויף די לייט... אַלעס געלאָזט ביי זיי... מיין גאַנץ געלד... האָבען זיי געזאָלט זעהן, אַז די געשעפטען זאָלען גוט געהען... און שטענדיג איז דאָך גוט געווען... יאָ, נור צייט מיין פרוי איז געשטאָרבען געהט אַלעס אַרונטער... אַרונטער...

טאַנטע.

יאָ, יאָ. דאָס איז געווען דאָס אונגליק... עס איז קיינער נישט פון דער פאַמיליע געבליבען, וועלכער זאָל זיך מעהר אויף געשעפט פערשטעהן... און מיין זעליגער מאַן האָט מיך אויך איבערגעלאָזט אויפ׳ן געשעפט, געמיינט מיך פערזאָרגט... אויף די פאַמיליע מיך איבערגעלאָזט.

ה׳ גרויסגליק.

וואָס בין איך שולדיג? האָב דאָך נאָר גענומען, וואָס מען האָט בעדאַרפט, זעלבסט־פערשטענדליך געמוזט נעהמען. דאָס קאַפּיטאַל האָב איך דאָך ביי זיי געלאָזט... זיי ווייזען מיר רעכנונג, זיי... איך גלויב זיי שוין, אָבער וואָס קען איך

טהאָן?... איבערבלייבען אַזוי קען איך דאָך נישט... אָהן אַ גראָשען געלד, מיט טעכטער. און די טעכטער יענע בעזונדער. און דו זיצט אַזוי אַליין אין די צימערן. אָך, מאַטילדע, מאַטילדע, וואָלסט דו כאָטש געלעבט. געהט צו צו די טהיר מיט די קרעפּע בעהאנגען און וויינט. אַזוי אַליין... אַליין... אַך, מאַטילדע... מאַטילדע...

ט אַ נ ט ע.

נו, נו, לאָז זיך דער שוואָגער בערוהיגען, עס איז דאָך נישט פון היינט אָן. מען דאַרף דעריבער גאָך קלערען... קוקט זיך אום. פינסטער אין שטוב. יאָ, צימער זענען דאָ, מאַשינען זענען דאָ, עלעקטרישע לאָמפּען.. אַלעס איז דאָ... נאָר אַ מענש פעהלט... אַ מענש... געהט אין קיך-צימער, ברענגט אריין א ליכט. אַך, יאָ. איך האָב ווירקליך פערגעסען, איך האָב דעם שוואָגער עטוואָס געבּרענגט. ער וועט זיך ווירקליך ערפרעהען. אַ ריכטיגען טאָקייער. זי ווייזט א פלאש וויין. פון די זיבציגסטער יאָהרען נאָך.

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק

בעקוקט דעם וויין.

אַ פיינע קאָליער. פון וועמען דען? דער קעלער איז שוין לעער. געוויס דאָך נישט פון געגענאיבער? ער ווייזט אין די פענסטער.

ט אַ נ ט ע.

מיט געלעכטער.

אָבער יאָ.

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק.

ווי הייסט, ווידער פון איהר? איך וויל דאָך פון קיין שענקערין קיין מתנות נישט נעמהען. מיט וואָס פאַר'ע רעכט?

ט אַ נ ט ע.

אַך, גאָט. זי איז אַזוי גליקליך, אַז דער שוואָגער נעמהט עפּעס פון איהר צו. זי לייזט דאָך אַזוי פיעל פון דאַנען... נו—ווי שמעקט דעם שוואָגער די מיטיגער פון געגענאיבער? נישט וואָהר, אַ פיינע קיך... נו, איז דער שוואָגער צופריעדען פון די מיטיגער, וואָס זי שיקט אַריבער?

ה׳ גרויסגליק.

שוין גוט... שוין גוט... און לאָז זי אַלעס אויפ׳ן רעכנונג שרייבען... און דעם ווײַן אויך... איך וויל קיין געשענק... בעקוקט דעם ווײַן דורך דער פלאַש: אַ פיינע קאַליער. זי מוז אַ אַנשטענדיגע פרוי זיין, אונזערע שכנת׳טע שענקערין.

טאַנטע.

פאַר דעם זאָל זיך דער שוואָגער נישט זאָרגען... זי האַלט גוט רעכנונג... זעלבסט-פערשטענדליך, זעהר אַנשטענדיגע לייט... אַזוי ווי זי איז נאָר געוואָהר געוואָרען, אַז די קע- כין איז אַוועקגעגאַנגען, איז זי אַליין געקומען צו מיר, און האָט מיר פאָרגעלייגט דאָס הויז מיט מיטיגער צו בעזאָר- גען... נו, נו, זי ווייסט אָבער אויך, אַז דאָס געלד איז קוראַנט. זי האָט דעם שוואָגער דעם ווײַן געשיקט צו פּרו- בען, אויב ער געפעלט איהם...

ה׳ גרויסגליק

אוועקמאַכענד.

קען שוין זיין... קען שוין זיין. אויסמיידענד. זי מוז אַ גרויס געשעפט האָבען... מיר הערען דאָ דעם רעש פון געגענאי- בער, דאָס שטערט טהייל מאָל...

טאַנטע.

זי מאַכט גוטע געשעפטען. אָבער זי איז זייער אַ אַנשטענ- דיגע פרוי...

ה׳ גרויסגליק

האַקט איהר איבער.

איהר פאָטער איז דער גאָרקיכער, ווי הייסט ער דאָס... דער, וואָס פלעגט ביי אונז... צו די פייערטאָגען סערווירען, ווי הייסט ער דאָס?

טאַנטע.

דוד גאָרקיכער. אָבער זי אַליין איז אַ זעהר אַנשטענ- דיגע פרוי... זי האָט קיין קינדער נישט און זי האָט אַ פיי- נעס פערמעגען געמאַכט, אייניגע הייזער אין די שטאָדט, מען קען זי אין שטאָדט...

ה׳ גרויסגליק.

אַזוי... זעהט נאָר... זעהט נאָר... ער בעהאַלט דעם חיין. זי קען דעם ווײַן אויף דער רעכנונג צושטעלען... זי מוז אַ גרויסען ווײַן־קעלער האָבען, די פרוי?

טאַנטע.

יאָ, זעהר אַ גרויסען ווײַן־האַנדעל, פאַר דער גאַנצער אומגעגענד—און עס פערקעהרען צו איהר פיעל מענשען... די היינטיגע יונגע לייט... לעאָן קומט אויך דאָרט אַהין זעהר אָפט.

ה׳ גרויסגליק.

אַזוי, לעאָן... שעלמאַ... וואָלט דאָס אַמאָל אין פאָטער געדענקט, געהייסען אַ קאָרב ווײַן אַהיים שיקען.

טאַנטע.

ער נעהמט אַליין אויף קרעדיט. דאָס איינציגע הויז, וואו מען גיט איהם אויף קאָנטע.

ה׳ גרויסגליק

אויסמיידענד.

אַזוי, אין שכנות מיט אונז. געהט צו צום פענסטער, קוקט ארויס. זעה, דאָס געשעפט איז היינט געשלאָסען, וואָס איז דען היינט, נישט יום־טוב?

טאַנטע.

ביין.

ה׳ גרויסגליק.

און פאַרוואָס איז דען דאָס געשעפט געשלאָסען, און די פענסטער אַזוי בעלויכטען? די טישען גרייט מען דעריבער. מען מוז זיך צו עפּעס אַ יום־טוב ריכטען, הע?

טאַנטע.

אַזוי, איך ווייס עס נישט.

עס קומט אריין לעאָן.

לעאָן

אויפגערעגט, בלייך, דערזעהט דעם פאָטער, וויל צוריק, געהט אָבער דאָך נעהנטער צו.

פּאַפּאַ.

ה׳ גרויסגליק.

אַך, לעאָן, דו ביסט עס. אויפגעלעגט. דו, שעלמאַ, ווייסט פון אַנ׳אָרט, וואו מען בעקומט אַזאַ פּיינעם ווײַן און האָסט ביז יעצט דערפון דעם טאַטען נישט צו וויסען געגעבען.

לעאָן.

איך האָב מיט׳ן פּאַפּאַ עטוואָס זעהר ערנסטעס צו רעדען.

טאַנטע

בעמט זיך אוועקצוגעהען.

איך וויל נישט שטערען, אַדיע. וויל אַב.

לעאָן.

ניין, ניין. די טאַנטע שטערט נישט, פערקעהרט, איך וויל די טאַנטע זאָל זיין דערביי.

טאַנטע.

אַז איך שטער נישט... בלייבט.

לעאָן.

פּאַפּאַ! אַזוי וויטער קען עס נישט געהען. איך בין אַ יונ־גער מענש. איך בין צו קיין מלאכה נישט געוואָהנט, איך קען מיך נישט יעצט אַוועקשטעלען אין אַ קאַנטאָר אַריין אַלס איבערשרייב־יונגעל. וואָס זאָל איך טהאָן?

ה׳ גרויסגליק.

אָבער לעאָן... זוהן... וואָס איז דען?...

לעאָן.

און דער פּאַפּאַ זעהט גאָר נישט, אין וואָס פאַר׳ע הולך איך געה... אַ לאַדע פּריזיר־יונגעל געהט דאָך אָנשטענדיגער אָנגעטהאָן פאַר מיר. דער שניידער וויל מעהר נישט מאַ־כען אויף קרעדיט, און אַזוי מוז איך געהען אין לייכטען זומער־ראָק אין מיטען ווינטער... איך קען דאָך אין קיין אַנשטענדיג הויז נישט אַריינקומען... איך קען דאָך מיך אויף קיין אָרט נישט ווייזען. אַ לאַדע שניידער־יונגעל האָט דאָך מעהר טאַשען־געלד פאַר מיר... און וואָס זאָל איך דאָ מאַכען?... אַזוי איין־און־אויס דרעהען זיך... קען איך דאָך נישט.

ה׳ גרויסגליק.

אָבער זון... דאָס איז דאָך נישט געהערט געוואָרען... דער שניידער וויל נישט מאַכען אויף קרעדיט... אין ווינטער טראָגען דעם זומער־ראָק... צו טאַנטע. ער האָט דאָך רעכט.

טאַנטע

אוועקקוקענדיג.

זעלבסט־פערשטענדליך, האָט ער רעכט.

לעאָן.

פּאַפּאַ, ווייטער אַזוי קען איך נישט. אין די שטאָדט זיך אַזוי אָרים דרעהען. איך קען מיך נישט מיט מיינע קאָלע־געןמעהר צוזאַמען־קומען. פּאַפּאַ, אַזוי ווייטער געהען קען עס נישט. איך וויל אַוועקפאָהרען, אין אַ פרעמדע שטאָדט פאָהרען. נאָך פּאַריז וויל איך אַוועקפאָהרען. איך מוז אָב־רייזען שוין יעצט. איך קען קיין איין סעקונדע נישט לענ־גער בלייבען. איך מוז.

טאַנטע

פערמישט.

אָב ייזען יעצט, היינט, לעאָן... אָבער דאַכט זיך, היינט איז דאָך נישט מעגליך. עס איז דאָך שוין צו שפּעט...

לעאָן.

איך וואָלט אויף גאָרנישט געקוקט... מיין האַרץ טראָגט עס נישט איבער... עס איז מיר, טאַנטע, שווער, זעהר שווער.

טאַנטע.

אָבער לעאָן... זעה, עס איז דאָך שוין שפּעט... אונמעגליך... די שטאָדט דערנאָך וואָס וואָלט געזאָגט...

ה׳ גרויסגליק.

וועגען וואָס רעדט איהר דען דאָס? ווי הייסט אונמעגליך, צו שפּעט... וואָס זאָל דען דאָס בעדייטען? הע?

לעאָן

צומישט.

פּאַפּאַ, גאָרנישט, איך מוז האָבען טויזענד רובל, יעצט שוין... שוין יעצט, זאָנסט, פּאַפּאַ...

ה׳ גרויסגליק.

אָבער וואָס איז דען אַזעלכעס געשעהן? וואָס צו שפּעט?

טאַנטע.

נו, זעלבסט-פערשטענדליך, צו שפּעט... אַזאַ יונגער מענש, ווי לעאָן איז, אין זייד און גאָלד געוואָרען אויפגעוואַקסען... געוואָהנט צו אַלדאָס גוטס — קען זיך דאָך נישט מיט איינמאָל אין עלענד געפינען... וואָס ווערט ער אין פּאַריז טהאָן? חענדט זיך צו לעאָן. אָבער בעדענק דיך, אין פּאַריז, אין אַזאַ גרויסער שטאָדט, וואו טויזענדטער מענשען ווערען פערלוירען טעגליך און קיינער ווייסט נישט פון זיי, — וואָס וועסט דו דאָרט טהאָן? ווער וועט זיך אויף דיר אומקוקען? קיין מלאכה נישט געלערנט, צו קיין אַרבייט נישט געוואָהנט... די זעליגע מוטער האָט דאָך אייך אין מילך און ווייַן געבאָדען. און דו, אַזאַ איידעל קינד, מיטאַמאָל אין אַ פרעמדע שטאָדט. צו וועם און וואָן וועסט דו דיך ווענדען, קעהרען? בעטראַכט דאָך, לעאָן.

ה׳ גרויסגליק.

זעלבסט-פערשטענדליך, האָט דאָך די טאַנטע רעכט, לעאָן

טאַנטע.

און דאָ ביסט דו דאָך אין דערהיים, מען היט דיך אָב, ווי אַ אויג אין קאָפּ. פון אַלדאָס בעסטען, דו טהוסט נישט די האַנד אין קאַלטען וואַסער, מען זאָרגט איבער דיר... מען אַרבייט אויף דיר... מען ווייסט, ווער דו ביסט, וואָס דו ווילסט... ביסט דאָך דאָ אין דערהיים...

ה׳ גרויסגליק.

מיינע אָרימע קינדער.

לעאָן.

איך וואָלט אויף גאָרנישט געקוקט... טאַנטע, איך ווייס עס גאַנץ גוט... פּאַפּאַ...

ה׳ גרויסגליק.

אָבער די טאַנטע האָט דאָך זעהר רעכט, צו וואָס אין דער פרעמד? בלייב דאָך ליעבער אין דער היים.

לעאָן.

פּאַפּאַ... איך מוז דאָס געלד האָבען... איך מוז אָבר״יזען...

ה׳ גרויסגליק.

אָבער לעאָן... זוהן... די טאַנטע האָט דאָך רעכט... בלייב.

טאַנטע

פאַלט איהם אריין אין די רייד.

אָבער פון וואַנען האָט דער פּאַפּאַ יעצט געלד? אין די שטוב איז קיין גראָשען נישט דאָ... זיי לעבען אַלע פון איהר קרעדיט... בעדענק דאָך.

לעאָן.

אָבער איך פרעג דעם פּאַפּאַ איין זאַך, קען מיר דער פּאַ־פּאַ דאָס געלד געבען, שוין יעצט... איך מוז עס האָבען... אַז נישט זאָל דער פּאַפּאַ צו מיר דערנאָך קיין פּרעטענ־זיעס נישט האָבען. קיינע פּרעטענזיעס...

טאַנטע.

ווער פּרעטענזיעס? מיר דאַכט זיך, אַז דער פּאַפּאַ וועט אויך ביישטעהן דערויף?

ה׳ גרויסגליק.

אָבער וואָס דען אייגענטליך?

טאַנטע.

אַז לעאָן זאָל זיך אַרויסציהען פון דערהיים און זאָל זיך נעהמען עפּעס אליין צו טהאָן.

ה׳ גרויסגליק.

איך דענק, אַז עס איז אַ גלייכע זאַך, אַ גלייכע זאַך. מיט סרעהרען. פו פּאָטער האָסט דו, מיין קינד, נישט מעהר צו ערוואַרטען.

טאַנטע.

זעהסט דו שוין?—צו גרויסגליק. לעאָן מאַכט אַ אייגען געשעפט.

ה׳ גרויסגליק.

געשעפט, אייגענס.

טאַנטע.

מיט אַ שותף—פיינע מענשען.

ה׳ גרויסגליק.

איך ווינש דיר, מיין קינד, גליק.

לעאָן שטעהט נערווירט, קיקט אויף די טאַנטע.

טאַנטע.

ער האָט זיך אויך געדונגען אַ אייגענע וואָהנונג. ווער וואָה־נען בעזונדער. פאַר אַזאַ ערוואַקסענעם יונגען מענש פּאַסט ניט צו וואָהנען אין דערהיים. ער מוז שוין געהן אויף זיין אייגען לעבען. צייט שוין צו זאָרגען פאַר זיך אַליין.

ה׳ גרויסגליק

צו דער טאַנטע.

די מוטער איז נישטאָ, וואָס זאָל זיך קימערן איבער זיי, מוזט דו זאָרגען פאַר זיי, גוטע שוועגערין.

טאַנטע.

לעאָן האָט געקריגען אַ פיינע וואָהנונג.

ה׳ גרויסגליק.

נישט ווייט פון דערהיים?

טאַנטע.

ניין, ניין—גאַנץ אין דער נאָהנט.

ה׳ גרויסגליק.

וועט זי איהם נאָר בעקוועם זיין?

טאַנטע.

איך בין דאָרט אַליין געווען, אַ גאַנץ בעקוועמע וואָה־נונג.

לעאָן.

פּאַפּאַ.

ה׳ גרויסגליק.

ווער וועט איהם דאָרט אָבהיטען? מיינע קינדער זענען געוואָהנט, מען זאָל איבער זיי וואַכען.

טאַנטע.

גוטע מענשען, זיי וועלען איהם האַלטען ווי אַ אייגען קינד.

ה׳ גרויסגליק.

איך דאַנק דיר, שוועגערין.

ל ע אָ ן.

פּאַפּאַ...

ט אַ נ ט ע.

נישטאָ פאַר וואָס, מיין פליכט. ענערגיש צו לעאָנ'ען. קום, לעאָן, מען וואַרט אויף דיר.

ל ע אָ ן

קוקט אָן די טאַנטע.

ה' ג ר ו י ס ג ל י ק.

שוין יעצט, גלייך, אין אָבענד.

ט אַ נ ט ע.

עס איז אַלעס פאַר איהם גרייט. און ער געהט דאָך נישט אַוועק אויף לאַנג.

ה' ג ר ו י ס ג ל י ק.

אָבער אַזוי פּלוצלונג.

ט אַ נ ט ע.

אומגעדולדיג.

אָ, עס איז שוין אַ לאַנג אָבגעמאַכטע זאַך. צו לעאָן. קום מען וואַרט אויף דיר.

ל ע אָ ן

כאַפּט דעם פאָטער'ס האַנד.

איך בין נישט שולדיג, טאַטע, איך בין נישט שולדיג.

ה' ג ר ו י ס ג ל י ק.

וואָס דען? צו טאַנטע. איך פערשטעה נישט? וואָס מיינט ער?

ט אַ נ ט ע.

גאָרנישט, אַ פערוועהנט קינד. מיט אַ קרעכץ. די זעליגע שוועגערין האָט די קינדער זעהר פערוועהנט.

ל ע אָ ן.

בלייב געזונד, פּאַפּאַ.

ה' ג ר ו י ס ג ל י ק.

דו פאָהרסט דאָך נישט אַוועק.

ל ע אָ ן.

ניין.—אַדיע, פּאַפּאַ.

ה׳ גרויסגליק.

אַדיע, פערגעס נישט אָן פּאַפּאַ, בעזוך אונז אָפטער.

לעאָן.

אַז דער פּאַפּאַ זאָל עס נאָר װעלען.

טאַנטע.

ער װעט עס װעלען.

ה׳ גרויסגליק

רופט אין דער טהיר.

מײדען, מײדען, קומט דאָך אַרויס, דער ברודער ציהט זיך איבער.

זאָשע

אין די טהיר.

װאו אַהין? װאו אַהין?

טאַנטע.

נישט אין דער װײט, נישט אויף לאַנג.

זאָשע

װײזט זיך אין טהיר, א יונג אכצען־יעריג מעדעל, קלײן געװאַקסען, מיט דינע בײנערליך, רעדט זעהר לוסטיג, פלינק, מיט א ביסעל בעהאלטענער, שעמעװדיגער פרעכהײט.

לעאָן, ציהסט דיך איבער, אוי, װי איך בין דיך מקנא! נעם מיך מיט, לעאָן.

טאַנטע.

שפּעטער אַ ביסעל. ער װעט זיך שוין האָבען אַ ביסעל אײנגעאָרדענט.

זאָשע

רופט צרײן אין װאַנדע׳ס טהיר׳ל.

װאַנדע, װאַנדע, לעאָן ציהט זיך איבער, קום מיט, מיר װעלען זעהען, װי עס זעהט אויס אַ קאַװאַלערסקי װאָהנונג.

טאַנטע.

עס צימט זיך נישט יעצט. עס װעט נאָך צײט האָבען, צײט האָבען.

די טאַנטע געהט אָב מיט לעאָנ׳ען.

ה׳ גרויסגליק

דופט איהם נאָך אין דער טיר.

און מיט די מוטער געזעגענסט דו דיך נישט?

לעאָן געהט צו מיט זעהר איינגעהאלטענע טריט צו דער טיר מיט דער שוואַרצער קרעפּע בעשלאָגען—קומט נעהנטער צו—טרעט בלוצלונג מיט שרעק אָב. אנטלויפט פון שטוב ארויס. אַלע קוקען איהם נייגעריג נאָך.

טאַנטע.

ער געהט דאָך נישט פון שטוב אַרויס אויף אייביג. צו גרויסגליק. דער וויינקאָרב שטעהט אין קיך. אַדיע, אויף ווידערזעהען. אָב נאָך לעאָן.

זאָשע.

פּאַפּאַ, פּאַפּאַ. האָסט געזעהן, ווי ער איז צוריקגעלאָפען פון פאַר די מאַמאַס צימער, פּאַפּאַ.

ה׳ גרויסגליק.

ער האָט זיך געשראָקען. עס איז אויך קיין וואונדער... אין צימער אַריינצוגעהן, אַזוי צווישען נאַכט און טאָג. אין דער שטיל מיט בעהאלטענע שרעק. האָט מען זי היינט ביינאַכט ווידער געהערט?...

זאָשע.

איך ווייס נישט, פּאַפּאַ, אויב מיטע האָט מאַמאַ ווידער געהערט. איך האָב אַ גאַנצען טאָג היינט מיטען נישט געזעהן. האָסט דו זי פּאַפּאַ געזעהן?

ה׳ גרויסגליק.

זי איז היינט אַ גאַנצען טאָג נישט פון איהר צימער אַרויסגעקומען, מיטע.

זאָשע.

איך וועל אַריינרופען וואַנדען. קלאַפּט אָן אין אַ טהיר. וואַנדע, וואַנדע.

וואַנדע

ווייזט זיך אין טיר. זי איז אַ הויכע, די עלטסטע פון שטוב, מיט גאָלד-בלאָנדע האָר.

דו האָסט מיך גערופען, זאָשקע? וואָס ווילסט דו?

ז אָ ש ע.

לעאָן איז אַוועקגעגאַנגען און איז נישט אין מאַמאַ׳ס צימער אַריינגעגאַנגען. ס׳מאָל מיט מאַמאַ זיך צו זעגענען.

וו אַ נ ד ע.

אין מאַמאַ׳ס צימער, מאַמאַ׳ס בילד נישט געזעהן, פאַרוואָס?

ז אָ ש ע.

פאַפאַ זאָגט, ער האָט מורא געהאַט.

וו אַ נ ד ע.

דער לעאָן איז שטענדיג אַ נאַר געווען. איך וואָלט נישט מורא געהאַט אַריינצוגעהען אין מאַמאַ׳ס צימער.

ז אָ ש ע.

און פאַרוואָס געהסט דו נישט אַריין?

וו אַ נ ד ע.

איך פאָהר דאָך נישט אַוועק. פויזע. און ווידער איז דאָך היינט ביינאַכט מיטע דרינגען געוועזן, און זעהסט, די מאַמאַ האָט איהר גאָרנישט געטהאָן.

ז אָ ש ע

מיט נייגעריגקייט.

דרינגען געוועזן, ביי מאַמאַ, זי האָט מאַמאַ געזעהן? וויל צו לויפען צו וואנדע׳ס טיר. מיטע, מיטע!

וו אַ נ ד ע.

וועק זי נישט... זי איז אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפען. זי שלאָפט יעצט.

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק.

האָט מען ווידער מאַמאַ געהערט... די נאַכט, טאָכטער?

וו אַ נ ד ע

שאָקעלט מיט׳ן קאָפ.

יאָ.

פ אַ פ אַ - ז אָ ש ע.

געהערט, פערצעהל דאָך, וואַנדע.

וו אַ נ ד ע.

כ׳ליג ביינאַכט... איך הער דורך די וואַנד אין מאַמאַ׳ס צי־מער טריט. געהען אַהין, געהען צוריק... און אַזוי שוועבענד

און לײכט, װי מאַמאַ׳ס טריט.. און דער לאַנגער זײדענער שלעפּער, װי פון איהר לאַנגעס קלײד, ציהט זיך מיט.. דאָס זײד רױשט איבער׳ן דיװאַן... מיך גרױעלט עס... איך האָב מיך בעהאַלטען הינטער די קאָלדערע, דערנאָך איז אַזאַ שרעק אױף מיר אָנגעפאַלען, איך האָב מיך נישט גע־קענט אײנהאַלטען, איך האָב מיטען אױפגעװעקט...

ה׳ גרױסגליק

מיט שרעק.

טאָכטער, האָסט דו זי אַלײן געהערט?.. אַלײן געהערט?..

זאָשע.

ערצעהל דאָך װײטער, װאַנדע.

װאַנדע.

איך האָב מיטען געװיזען.

זאָשע.

האָט מיטע אױך געהערט מאַמאַ׳ס טריט?...

װאַנדע.

זי איז אין מאַמאַ׳ס צימער אַרײנגעגאַנגען. האָט גאָרנישט מורא געהאַט.

זאָשע.

גאָרנישט?

װאַנדע.

נײן... האָט גענומען די װילדע אַסטען, װאָס מיר האָבען נעכטען געפּונען, װען מיר זענען אין װאַלד געגאַנגען, און זאָגט איך װעל אַרײנגעהן צו מאַמאַ.

זאָשע.

און זי איז אַרײנגעגאַנגען?

ה׳ גרױסגליק.

און דו האָסט זי געלאָזט?

װאַנדע.

און איז אַרײנגעגאַנגען און איז דרינען געװען אַזױ אַ װײ־לע און איז צוריק אַרױסגעקומען אָהן די אַסטען.

זאָשע.

זי האָט געזעהען מאַמאַ?

ה׳ גרויסגליק.

גזעהען—יאָ?

וואַנדע.

איך ווייס נישט. זי האָט מיר נישט געוואָלט דערצעהלען. זי איז צו זיך אין צימער געגאַנגען, זיך פערשלאָסען און ביז יעצט האָב איך זי נישט געזעהען.

ה׳ גרויסגליק.

וואָרום האָסט דו זי געלאָזט?... וואָרום? עס האָט דאָך, בעהיט גאָט, עטוואָס שלעכטעס געקאָנט געשעהען.

זאָשע.

מאַמאַ וועט דאָך איהר קיין שלעכטעס נישט טהאָן.

ה׳ גרויסגליק.

אָבער דאָך... ווי קען מען דאָס... ס׳איז דאָך שרעקליך...

זאָשע.

נו, האָסט דו נאָך מאַמאַ ווידער געהערט?

וואַנדע.

איך האָב מיך געשראָקען. איך האָב מיך הינטער די קאָלדרע בעהאַלטען און בין געלעגען ביז אין דער פריה און האָב שוין גאָרנישט געהערט.

זאָשע.

פאַרוואָס האָסט דו זיך געשראָקען? עס איז דאָך בלויז מאַמאַ.

ה׳ גרויסגליק.

אָבער דאָך, אַ טויטער מענש... קוקט זיך אום אין דער שטוב. עס איז אַזוי טונקעל אין שטוב, מען וואָלט געדאַרפט נאָך אַ ליכט אָנצינדען. ברענג דאָך, וואַנדע, דאָס ליכט פון דיין צימער. אין שטוב איז טונקעל, די נאַכט איז צוגעפאַלען.

וואַנדע.

קום מיט, זאָשע, איך שרעק מיך יעצט אַליין אין מיין צימער אַריינצוגעהן. קום דאָך מיט, זאָשקע. זאָשע וויל מיט.

ה׳ גרויסגליק

האלט איין זאָשקען.

פאַרוואָס שרעקסט דו דיך דען אין דיין צימער אַריינצוגעהן? ביי דיר איז דאָך דאָ ליכט.

ו ו אַ נ ד ע.

אַליין אין צימער... איך וועל אָפּען לאָזען די טהיר. עפּענט אויף די טהיר פון איהר צימער, חיל באנץ לאנגזאם מיט געוויסע שרעק אריינגעהן אין איהר צימער, עס הערט זיך אין די פענסטער פלוצלונג מוזיק שפּיעלען, אידישעס־פרעהליכעס, די פענסטער ווערען בעלויכטען.

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק

מיט שרעק.

וואָס איז דאָס אייגענטליך פאַר אַ מוזיק אין פענסטער? צו וואנדען. זעה דאָך, טאָכטער, וואָס פאַרע מוזיק פלוצלונג?

ו ו אַ נ ד ע.

איך האָב מורא אין פענסטער צו קוקען, פּאַפּאַ.

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק

אויבגערעגט.

דו האָסט מורא, פאַרוואָס האָסט דו דען מורא? מיר זענען דאָך אין צימער.

ו ו א נ ד ע.

אָבער אין פענסטער צו קוקען.

ז אָ ש ע.

איך האָב נישט קיין מורא. איך וועל אין פענסטער אַרויס־קוקען. חיל אהין לויפען.

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק.

אָבער קינד. וויל זי איינהאלטען.

ז אָ ש ע

לויפט צום פענסטער, קוקט ארויס. מיט פרייד.

אָבער זעהט... אָבער זעהט... פּאטשט זיך אין די הענד. אַ יום־טוב געגענאיבער, אין רעסטאָראַן, אַזוי פיעל געסט, פּאָר־ליך טאַנצען. מען דערקענט עס דורך די גאַרדינען. קומט דאָך אהער, אַ יום־טוב, האָכצייט וואַהרשיינליך, אַזוי פיעל מענשען שטעהען, זעהט דאָך דעם טאַנץ.

ה׳ גרויסגליק מיט וואנדען געהען אהין צום פענסטער, קוקען ארויס.

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק

אויפגערוימט.

אָבער זעהט דאָך, דאָס איז דאָך רעכט אמיזאַנט.

װאַנדע.

זעהט דאָך, זעהט דאָך, די פּאָרליך, װאָס טאַנצען פאַר די גאַרדינען פערביי, די שאַטען-סילוועטקעס, װי נאַריש דאָס זעהט דאָך אויס! און כּלי-זמרים זעהט, דער קורצער מיט די גרויסע פּויק, און דער הויכער-לאַנגער מיט דעם טראָמ-פּייטער! שווייגט, יעצט װעט עס זיין אינטערעסאַנט.

זאָשע.

די מאַדאַם טראָגט די געסט כּבוד אויף. דאָס דאַנקען זעהט. דאָס פרײלין פערנייגט זיך. שווייגט, מיר איז דאָך בעקאַנט דאָס פרײלין. די כּלה װאָלט איך געװאָלט זעהען.

װאַנדע.

און איך װאָלט געװאָלט דעם חתן זעהען. זיי מוזען ערגעץ-וואו זיצען צווישען די װינקלען. די מוזיק הויבט אן צו שפּיע-לען. נו, יעצט בעגינט עס װידער, דאָס טאַנצען פאָר. זעהט דאָך דעם הויכען מיט די קורצע דיקע דאַמע.

מיטע.

קומט אריין פון איהר צימער, זי לאַכט זעהר אין דער שטיל, מיט א פרעהליך בענקענדעס געזיכט. זי איז אנידריגע מיט איידעלע גע׳יחוס׳טע גליעדער. טראָגט א שווארץ-זיידענעם קלייד.

אַך, װי פרעהליך דאָ איז, מוזיק שפּיעלט.

אלע.

אַך, מיטע, קום דאָך אַהער, זעה דאָך דאָס טאַנצען. מיטע שווייגט. יעצט בעגינט די מוזיק אַזאַ טרויעריגעס. די מוזיק שפּיעלט צום בעדעקענס.

זאָשע.

װאָס איז דען דאָס אייגענטליך, פּאַפּאַ?

ה׳ גרויסגליק.

דאָס איז דער זעגען פאַר די חופּה.

מיטע.

אַך. רעדט מיט׳ן טאַקט פון די מוזיק דעם ניגון צו בעדעקענס. איך האָב אַ װאונדערבאַרען טרוים געהאַט. אַ װאונדערבאַ-רען... מאַמאַ איז צו אונז אין גאַסט געקומען און מאַכט גאָרנישט דעם איינדרוק װי זי װאָלט געװען געשטאָרבען...

זי איז אַזוי שען און אַזוי יונג, ווי זי איז אויף די אָטטענ־
דער פּאָטאָגראַפיע... און טראָגט אַ זעהר לאַנגעס זיידע־
נעס העלעס קלייד, מיט אַ לאַנגען שלעפּער, אין די פּערלען
אָנגעטהאָן. אין די האָר ווייסע, ווייסע בריזאַנטעמען... אָבער
אַזעלכע גרויסע, פון די וואָס זי ליעבּט אַזוי זעהר, און זי
איז אַזוי פרעהליך, און בּיי אונז איז עס אַזוי ליכטיג, אַלע
עלעקטרישע לאָמפּען ברענען זיך, און אַזויפיעל יונגע מענ־
שען זענען דאָ, און מיר אַלע זענען אין ווייסען אַטלאַס
אָנגעטהאָן. בּיי אונז איז אַ גרויסער, גרויסער יום־טוב...
אַלע צימערן זענען בּעלויכטען... מאַמאַ זיצט בּיים פּיאַנע
און שפּיעלט אַ וואַלצער, און אַזוי פיעל פּאָרליך טאַנצען
אין זאַל. זי זעצט זיך נעבען פּיאַנע און הויבּט אָן צו שפּיעלען. אָט
דעם וואַלצער שפּיעלט די מאַמאַ. זי שפּיעלט אָן אַלטען װאַלצער.

זאָשע

כאַפּט װאַנדען.

שפּיעל דאָך מיטע, מיר טאַנצען.

טאַנצען װאַלצער.

ה' גרויסגליק

קוקט זיך צו.

אַזוי, זייט דאָך פרעהליך אַמאָל, טעכטער. שוין לאַנג, אַז
בּיי אונז איז נישט געשפּיעלט געוואָרען.

זאָשע.

ווייסט איהר וואָס, לאָזען מיר זיך שפּיעלען היינט, אַ בּאַל
מאַכען. מיר אַליין וועלען זיין די געסט—אַז עס קומט קיי־
נער נישט צו אונז.

וואַנדע.

ניין, ביין. מיר וועלען מיטשפּיעלען די חתונה, וואָס איז
דערציבען. וואָס זיי וועלען שפּיעלען, וועלען מיר טאַנצען.

ה' גרויסגליק.

דאָס איז אַ גלענצענדע אידעע. וויין האָבען מיר.

וואַנדע.

און דעם אַלטען ענגלישען סערוויז.

זאָשע

נעהמט ארויס דעם סערוויז פון קרעדענס, גרויסגליק ברענגט דעם וויין.

זעהט דאָך, ווי פערשטויבט ער איז... ווי לאַנג איז ער שוין נישט געברויכט געוואָרען?

ה׳ גרויסגליק.

צייט מאַמאַ׳ס לעצטער געבורטס-טאָג. גרייטען צום טיש, ווישען די גלעזער, גיסען אן דעם וויין.

זאָשע

שפּיעלט די ראָלע פון די ווירטהין, טראָגט צו אלע וויין.

ביטע, פריילין... ביטע. אַך, דעם אַלטען הערן גרויסגליק וועל איך זעלבסט בעדיענען. דערלאַנגט דעם פאָטער וויין.

די מוזיק הויבט אָן צו שפּיעלען דעם מארש פון חופּה-פיהרען. די פענסטער ווערען זעהר בעלויכטען.

ה׳ גרויסגליק.

יעצט אויפפּאַסען, אויפפּאַסען. מען פיהרט חתן-כלה צו דער חופּה.

זאָשע.

מוזען מיר דאָך ליכט אין די הענד נעהמען, עס איז דאָך צו דער חופּה.

נעהמען ליכט אין די הענד, און געהען צו פאַרליך איבער׳ן צימער, ווי זיי וואָלטען צו דער חופּה געגאַנגען.

אלע.

מיר פיהרען חתן-כלה צו דער חופּה. די מוזיק פערשטייגט גע-געגנאיבער.

ה׳ גרויסגליק.

אָבשטעלען זיך. יעצט דער וויכטיגסטער מאָמענט, אויפ-פּאַסען. יעצט איז די טרויאונג.

שטעהען אלע אין מיטען שטוב מיט די ליכט אין די הענד אין זעהר אנ׳ערנס-טע מינע, פּאַסען אויף. פּלוצלונג דערהערט מען פון דעראיבער די מוזיק שפּיעלט דעם מארש פון נאָך דער חופּה, א גרויס געשריי—מזל-טוב! מזל-טוב!

אלע.

מזל-טוב, מזל-טוב! צעקושען זיך, ווינשען זיך. זעצט פיהרט די געסט צום טיש.

ז אָ ש ע.

נו, ביטע, מיינע פריילינס. ערלויבען זי דאָך צום טיש, צום טיש... זעצען זיך אלע ארום דעם געדעקטען טיש, נעהמען די גלעזליך, ווינשען זיך, צעקושען זיך.

אַ ל ע

צום פאטער.

אָבגעשפיעלט. פאלען אלע ארויס מיט א געלעכטער. כאַ, כאַ, כאַ...

די טהיר עפענט זיך פלוצלונג, אין די טהיר ערשיינט לעאָן אין פראק און צילינדער־הוט, הינטערען ארים ראזע אין ווייסען קלייד. די טאנטע פאר זיי, הינטער זיי בססס.

ט אַ נ ט ע

או ה׳ גרויסגליק, וויינענדיג אויס׳ן פאר.

מזל־טוב! דיין זון האָט חתונה־געהאַט און קומט צו דיר נאַכ׳ן פאַטער׳ס זעגען.

פ א ר ה א נ ג.

# צווייטער אַקט.

ביי בארענשטיין רעסטאָראַטאָר אין פריוואט־וואָה־נונג, א ענג צימעריל, צוויי פענסטער פערהאנגען, אָנגעשטעלט פול מיט מעבעל, צוויי בעטען הויך אויפגעבעט מיט בעטגעוואנד, א שייבענשענקעל פול מיט זילבער. לינקס א טהיר, וואס פיהרט אין די רעסטאָראציאָנס־שטובען אריין. פון דרינען הערט זיך א רעש פון בעל־עגלות און א רויך פון פאפּיראָסען. פון די חירטשאפט זעהט מען יעדעס מאָל, ווען מען עפענט די טהיר: טיש, קאנאפע, שטולען ארום. לעאָן זיצט ביים טיש, לאנגווייליגט זיך. עס קומט אריין די מוטער.

מ ו ט ע ר

אַ ברייטע דיקע פרוי מיט אַ גיט פּנים. מען זעהט אַ מכניס־אורח׳טע האלט אַ טע־לעריל מיט געפּרעגעלטע לעבערליך אין די האַנד, קוקט זיך אום, געהט צו צו לעאָנען צוריקהאַלטענדיג זיך.

בעסטער הערר... לעאָן... ליבער לעאָן... אַ פּאָר לעבערליך ערשט יעצט אָבגעפּרעגעלט פון די פרישע גענז, זעה דאָס שמאַלץ טריפט פון זיי, מעדני מלכים. שטעלט עס פאַר איהם.

עס לעאָן לעבען... עס זאָל דיר זיין צום געזונד.

ל ע אָ ן

אויפגערעגט.

איך דאַנקע... מאַמ..ע, איך דאַנק, איך וויל נישט...

מ ו ט ע ר.

פאַרוואָס, לעאָן לעבען? פאַרשעם דאָך נישט מיינע גענ־זענע לעבערליך, זעהסט דאָך נעבעך אַזוי שלעכט אויס. אַ יונגערמאַן נאָך דער חתונה דאַרפסט דיר דאָס האַרץ צו דערכאַפּען, פּערזון, לעאָן לעבען... דו עסט דאָך גאָרנישט.. נו, לעאָן לעבען, מיין קינד... אונזער. ליעבליך. מען ווערט דיך שוין נישט פון אונז אַוועקנעהמען... פערפאַלען... ביזט שוין אונזער... נאָך חופּה וקידושין... וויל זיך דערנעהנטערן צו איהם, לעאָן האַלט זי מיט אַ מאַך פון האַנד צוריק.

עס קומט אריין דער אַלטער בערענשטיין מיט אַ טעלעריל.

פ אָ ט ע ר.

פּערזון פון די פופּעקליך, לעאָן, לעב... אַזעלכע פּופּעק־ליך נאָך נישט דאָ געווען, פון די פרישע גענז... דערזעהט דאָס ווייב. די געסט דרעהען זיך דרינען אַרום, עס האָט זיי קיינער נישט צו בעדיענען און זי איז גאָר דאָ... געה אַריין, די געסט געהען אַוועק... גרייט צום טיש פאַר לעאָן קעלנער־מעסיג. שאַדט נישט, לעאָן, ווערסט דיר דאָס האַרץ דערכאַפּען דער־מיט, נו פּערזון.

מ ו ט ע ר.

נאָכגעקראָכען מיר דער אַלטער. אומעטום, וואו איך געה, קריכט ער מיר נאָך. האָב נישט קיין מורא, לעאָן וועט נישט פערהונגערט ווערען אָהן דיר, עס איז דאָ, ווער עס זאָרגט איבער איהם.

פ אָ ט ע ר.

אָבער געה אַריין... געה אַריין, די געסט געהען דאָך אַוועק... ראָזע וועט דיך באַלד זוכען. עס קלאַפּט ווער ביים טהיר, עס ווייזט זיך אין טהיר איינער פון די געסט.

אַ ג אַ ס ט.

וואו זענען דאָס אַלע? לאָזען די געסט אַליין איבער. פאַר וועמען טראָגען זיי דאָס די פעטע ביסענס אַריין?

ר אָ ז ע

ווייזט זיך באַלד אין טהיר. צום גאַסט.

דאָ איז נישט פאַר קיין געסט... דרינען... פערמאַכט די טהיר נאָך איהם. צו פאָטער און מוטער. וואָס טהוט איהר דאָ? די געסט זענען דאָך אַליין. זי נעהמט די טעלערליך און גיט זיי די עלטערען אַב צוריק. נעמט'ס און געהט'ס. דער אַלטער און די אַלטע אַב מיט די טעלערליך, צו לעאָן. נור, נור, נור נישט אויפגערעגט, עס שאַדט דאָך דיר צום געזונד. נעהנטערט זיך צו איהם. עס איז דאָך פאַר ליעבע... די אַלטע, נו, נו.

ל ע אָ ן.

אָבער.

ר אָ ז ע.

שאַ, שאַ... פון אַלאַדע וואָס, עס וועט שוין מעהר נישט. פאַכעט איהם מיט'ן האנד פאַר'ן פנים. אַוועקגעפלויגען.

ל ע אָ ן.

אָבער עס איז דאָך נישט צום אויסהאַלטען... איך וויל נישט מעהר אין דאָס גערודער דאָ. ווייזט אין די צימערן אַריין.

ר אָ ז ע

נעהמט איהם איין.

קינד מיינס... אָבער צו וואָס רעגסט דו דיך אויף, עס קען דאָך דיר חלילה שאַדען. אין נאָך אַ פּאַר וואָכען... שווייג,

שווייג. יאָ, איך האָב דיר גאָר פערגעסע צו זאָגען, דער שניידער האָט דיר אָבגעבראַכט דעם פעלץ. ביזט געשלאָפען, האָב איך דיך נישט געלאָזט אויפוועקען. וואַרט, וועסט איהם נור אָנמעסטען. *זי טהוט איהם אָן דעם פעלץ.* אָט אַזוי, געה נור איבער די שטוב, לאָז׳ן אַ ביסעל אָפען, אַז מען זאָל דעם גאָלדענעם זייגער אַרויסזעהען. וואָלסט דיך בעדאַרפט אַ ביסעל אין דער שטאָדט איבערצוגעהן... עס וואָלט דיך בערוהיגט...

ל ע אָ ן.

איך וועל נאָך צייט האָבען.

ר אָ ז ע.

איך ווייס, וואָס דאָס הייסט, אַז דו שעמסט זיך מיט מיר. דאָס וויל איך נישט. שעמען זיך מיט מיר האָסט דו נישט וואָס... איך האָב דיך נישט גענומען ווייל דו ביסט גרויס־גליק׳ס זוהן, נור ווייל דו ביסט לעאָן, ווייל איך ליעב דיך... און האָסט דו מיך נישט גענומען ווייל דו ליעבסט מיך? נאָר אַז דו זאָלסט דיך דאַרפען מיט מיר שעמען... וויל איך נישט... קען איך דיך פון געשעפט אַרויסלאָזען... כאָטש ווי אונגליקליך איך זאָל נישט זיין... נור שעמען זיך מיט מיר, וויל איך נישט. *זעצט זיך אין אַ ווינקעל, האלט אַ טיכעל צו די אויגען.*

ל ע אָ ן

אָבער דאָך... נישט דאָס... איך האָב דאָך נישט דאָס געמיינט... מיר האָבען דאָך געזאָלט באַלד נאָך דער התונה נאָך פּאַריז פאָהרען... איך מיין. *געהט צו צו איהר.* נו... זיין דאָך נישט... עס קען דאָך ווער... ראָזע... גאָט, ווי שלעכט מיר איז...

ר אָ ז ע.

אַודאַי וועט מען נאָך פּאַריז פאָהרען. איך וויל דאָך אויך. *מיט אַ שמייכעלע.* נו, קינד, מען דאַרף דאָך וואַרטען אַ פּאָר וואָכען, ביז מען וועט די געשעפטען אין אָרדענונג ברענגען.

ל ע אָ ן.

אָבער... שטענדיג, זאָגסט דו מיר פון געשעפטען; וואָס טויגען דיר די געשעפטען... לאָז זיי איבער דיינע עלטערן.

ר אָ ז ע

געהט צו צו איהם.

נאַריש קינד. אוי, ביסט דו אַ נאַריש קינד... געשעפטען קען מען דאָך נישט אויף פרעמדע פערלאָזען, אַפילו אויף עלטערן ניש:... און היינט איז דאָך דער בעסטער סעזאָן, פערשטעהסט? היינט איז דאָך יעשען, אַלע אַגענטען פאָהרען יעצט אויף זייערע רייזעס מיט סחורה, נו, וואָס פערשטעהסט דו פון דעם? נאָך אין אַ פּאָר וואָכען וועסט, זעהן, לעאָן לעבען... וואו מיר וועלען פאָהרען? בערלין, פּאַריז... אומעטום, אומעטום וועלען מיר פאָהרען. די טאַנטע איז נאָך נישט צוריק געקומען?

ל ע אָ ן.

וואו אַהין האָסט דו זי דען געשיקט? צו פּאַפּאַ? צו וואָס?

ר אָ ז ע

צו פּאַפּאַ? ווי פּאַלסט דו אויס? גלאַט אַזוי, איך פרעג, אויב די טאַנטע איז נאָך נישט געוועזען אויף דער נאַכט; זי קומט דאָך שטענדיג אויף דער נאַכט אַריין... אַודאַי וועט מען פאָהרען... ווען? ווען? קלעהרט. דעם פונפצעהנטען. די כוחרים פון די וועלדער... און דערנאָך די סוחרים פון די שעפסען... און דערנאָך דער וואָל-מאַרק, יאָ, און דערנאָך, אַזוי גרויס ווי אין פינף זעקס וואָכען אַרום. לאָמיר זעהען, ווען געהט דער צוג אָב? איך וועל אַריינשיקען נאָך דעם באַהן-קאַלענדאַר. רופט דורך דער טהיר. טאַטע... טאַטע... ווען געהט דער צוג אָב צו די גרעניק?

פ אָ ט ע ר.

איבער טהוירען, אָדער איבער קראַקוי?

ר אָ ז ע.

איבער טהוירען, קיין בערלין?

פ אָ ט ע ר

פּנט פליגק אויפ'ן קפּפּ.

12—13 בייטאָג פּאַסאַזשיר-צוג, 2—6 שנעל-צוג I, II קלאַס, 5—50 פּאַסאַזשיר-צוג I, II, III קלאַס, צוויי שטונדען צו

וואַרטען ביים גרענעץ... 12 — 30 ביינאַכט I, II שלאָף־וואַ־
גאָן, בעסטע פערבינדונג, דירעקט בער — לין.

ר אָ ז ע .

גוט, גוט. פאָטער אָב. מיט וועלכען צוג וועלען מיר אַרויס־
פאָהרען ?

ל ע אָ ן

נעהמט ארויס א פאפיער פון קעשענע.

אָט האָב איך מיר שוין די גאַנצע רייזע נאָטירט: צוועלף —
דרייסיג אָב, ביינאַכט, שלאָף־וואַגאָן, טרעפען מיר אָן 11—07
אנהאַלטער באַהן־הויף. האָטעל, דערנאָך מיט אַ אויטאָ די
שטאָדט אָנזעהען... זעהענסווירדיגקייטען ; זיעגעס־אַלעע,
פאַרלאַמענט, קעניג־שלאָס... מיטאָג וועלען מיר עסען ביי
קעמפינסקי. קאַפע מאָנאָפּאָל, מעטראָפּאָל. 10—9 אָב קעלן,
קעלנער דאָם...

פ אָ ט ע ר .

ראָזע, ראָזע, אַ גאַסט וויל בעצאָהלען דעם רעכנונג.

ר אָ ז ע .

איין מינוט נור, מיין לעבען... איך געדענק גאַנץ גוט, מיר
האַלטען ביים קעלנער דאָם. שטרייך־אונטער, אַז דו זאָלסט
נישט פערגעסען. וואַרט, איך קום שוין. אָב. טרעפט זיך אין
טהיר מיט דער טאַנטע, וועלכע דער אלטער בארענשטיין לאזט אריין מיט
גרויס רעספעקט. אָה, די טאַנטע, וויר ביטען שען. חינקט מיט
די אויגען. נו, וואָס הערט מען ?

ט אַ נ ט ע

ענטפערט איהר אויך אָב מיט'ן וואונק.

אַל דאָס גוטס... גאָר אויפן בעסטען וועג.

ר אָ ז ע .

פס... פס... גאָרנישט רעדען. הויך. איך קום שוין אַריין.
לעאָן, לעאָן, די טאַנטע איז דאָך דאָ... איך געדענק, איך
געדענק: ביים „קעלנער דאָם", איך קום שוין אַריין. אָב.

ל ע אָ ן

צו טאַנטע.

איז די טאַנטע דריבען געווען ? ווייזט אויפ'ן פענסטער.

טאַנטע.

איך קום פון דריבען.

לעאָן.

פון דריבען, נו, וואָס זאָגט פּאַפּאַ? גוט בייז אויף מיר?

טאַנטע.

וואָס בייז. פאַרוואָס זאָל ער אַזוי דאָס בייז זיין? וואָס האָסט דו אַזאַ שלעכטעס געטהאָן? ער לאָזט דיך גריסען.

לעאָן

פערוואונדערט.

ער לאָזט מיך גריסען? נו, דאָס איז דאָך נישט מעגליך.

טאַנטע.

ווירקליך, ער לאָזט דיך גריסען.

לעאָן.

און וואַנדע און זאָשע?

טאַנטע.

פרעגען אויס אויף דיר ווי דו זעהסט אויס? וואָס דו מאַכסט? ווי דו פיהלסט דיך?

לעאָן.

וואָס האָט זיי די טאַנטע פערצעהלט, אַז איך זעה גוט אויס? די טאַנטע האָט זיי בעדאַרפט זאָגען, אַז איך זעה זעהר גוט אויס... אַז איך פאָהר באַלד אָב נאָך פּאַריז, פערלאָז די שטאָדט.

טאַנטע.

איך האָב זיי געזאָגט, געזאָגט, זיי ווילען דיך אַזוי זעהען, זיי ווייסען נישט, פאַרוואָס דו קומסט נישט אַרויף.

לעאָן.

איך וויל נישט אַרויפגעהן.

טאַנטע.

זיי זאָגען, זיי ווייסען נישט, פאַרוואָס דו שעמסט דיך.

לעאָן

רויט ווערענדיג.

איך שעם מיך, איך שעם מיך גאָרנישט.

ט אַ נ ט ע.

זיי זאָגען, אַז דו שעמסט דיך, דורך דעם ווילסט דו נישט אַרויסגעהן, וועלען זיי אַהער קומען צו דיר.

ל ע אָ ן.

זיי וועלען דאָ אַהער קומען? איך וויל נישט, אַז זיי זאָלען אַהער קומען! הערט די טאַנטע? איך וויל נישט, אַז זיי זאָלען אַהער קומען...

ט אַ נ ט ע.

אַז זיי ווילען אַהער קומען בעזוכען די שוועגערין. וואָס האָסט דו צו דעם? פאַרוואָס ווילסט דו נישט?

ל ע אָ ן.

און ווען וועלען זיי אַהער קומען?

ט אַ נ ט ע.

היינט אויף דער נאַכט, זיי האָבען געוואָלט מיט מיר אינאיינעם קומען, איך האָב נישט געוואָלט, איך האָב געזאָגט, אַז דו וועסט דיך דערשרעקען, אַז איך וועל דיר צוערשט צו וויסען געבען.

ל ע אָ ן.

נאָך היינט אויף דער נאַכט. מוז איך דאָך מיך שען איבערטאָהן... זאָלען זיי זעהען. הויבט זיך אויף. יאָ, און מיטע?

ט אַ נ ט ע.

אוי, לאָז מיך געהן מיט די משוגע׳נע פריצ׳טע, ווי די מאַמע, עליה־השלום. פון דענסטמאָל אָן האָט זי זיך איינגעשלאָסען אין צימער, וויל קיינעם נישט זעהן, בלויז נור וואָס זי נעהמט דאָס עסען זיך אַריין, און ביינאַכט געהט די אין מאַמאַ׳ס צימער.

ל ע אָ ן.

איז זי גוט בייז אויף מיר?

ט אַ נ ט ע.

איך ווייס נישט, איך האָב זי נישט געזעהען: אַז זי לאָזט נישט קיינעם צו צו זיך. האָסט דו אַ געשעפט, זי וועט זיך שוין איבערבעטען, די פריצטע; אָבער וואַנדע מיט זאָשקען־ווצוילע מיידען, זיי וועלען קומען, אַדאַי באַלד.

לעאָן.

דאַרף איך מיך איבערטהאָן; איך וויל נישט, אַז זיי זאָלע מיך זעהען אַזוי. אָבער מיטע איז בייז אויף מיר? גוט בייז! וואָס, ניין? וואָס האָט זי געזאָגט? הע?

טאַנטע.

אַז איך האָב נישט גערעדט מיט איהר.

לעאָן.

האָב איך אַ זאָרג... סיי ווי סיי פאָהר איך נאָך פּאַריז... אָבער וואַנדע און זאָשע. ראָזע! וואו איז, ראָזע, דער נייער אַנצוג?... הויבט זיך אויף, עפענט די טהיר. ראָזע... טרעט אָבער באַלד צוריק.

איינער פון די געסט

ווייזט זיך אין טהיר מיט אַ קופּעל ביער אין האַנד.

זעהט'ס, זעהט'ס, דאָס איז ער, דער בחור. וואָס עסט אויף אַלע פּופּעקליך מיט די לעבערליך פון רעסטאָראַן, דאָס איז ער. געלעכטער פון עולם אין רעסטאָראַן.

לעאָן טרעט צוריק.

ראָזע

אין טהיר.

ווייטער שוין דאָ... אַוועק פון דאַנען... איך דאַרף שוין נישט קיין געסט היינט. ליב, בער, פערמאַכט דאָס געשעפט. איך דאַרף נישט קיין געסט היינט. שטופּט אָב דעם גאַסט. בער, ליב, אַהער. ס'ווייזען זיך צוויי הויכע שטאַרקע יונגען. רייניגט אויס דאָס הויז, קיין פוס זאָל מעהר נישט זיין, און פערמאַכט'ס דאָס געוועלב.

ליב, בער.

גוט, ראָזע. נו, פּאַשאָל וואָן! שטופּען אָב די געסט, פערמאַכען די טהיר, מען הערט פון דרויסען ווי זיי רייניגען אָב דאָס הויז פון מענשען.

ראָזע.

אַ אומגליק איז דאָס... נו, נו, נישט אויף לאַנג, באַלד פון דעם אַלעס פּטור ווערען. מאַכט זיך גלייך די האָהר. וואָס האָסט דו מיך גערופען, לעאָן?

ט אַ נ ט ע.

גערסט קריגסט דו היינט, זיינע שוועסטערין, מוז ער זיך איבערטהאָן.

ר אָ ז ע.

אודאי, אודאי. טאַטע, טאַטע. דער אַלטער באָרענשטיין װײזט זיך אין טהיר. װעלכער נומער איז לעדיג?

פ אָ ט ע ר.

נומער פינף און נומער אַכט.

ר אָ ז ע.

כיהר לעאָנ׳ען אין נומער פינף, ער דאַרף זיך איבערטהאָן.. זיי זענען שוין אַוועק?

פ אָ ט ע ר.

שוין אַוועק. דער אַלטער מיט לעאָנ׳ען אַב.

ר אָ ז ע

צו די טאַנטע.

נו, ווי האַלט עס?

ט אַ נ ט ע.

גאַנץ גוט, ער איז גרייט דיך צו עמפּפאַנגען. איך האָב איהם געגעבען צו פערשטעהן, נור... קיין איינציגער, קיין איינציגער זאָל נישט וויסען דערפון...

מ ו ט ע ר

וױיזט זיך אין טהיר אויף די שפּיץ-נעגעל. געקומען אריינגע׳גנב׳עט.

קיין איינציגער נישט... קיינער נישט...

ר אָ ז ע.

ווי הייסט... ער שעמט זיך. זאָגט צו די מוטער. מאַמאַ, געה אַריין.

ט אַ נ ט ע.

אויף דערוויל הייסט עס, נאָר אויף דערווייל, אָבער ער בעשטעהט אויף אַלעם... איך האָב עס איהם צו פערשטעהן געגעבען, ווי די זאַך האַלט. נו, און דו וועסט אַלע געשעפטען איבערנעהמען, אויסצאָהלען די חובות, דאָס הויז וועט נישט געהן אויף קיין ליציטאַציע, וועסט דיך אין הויז אַריינציהען, אַריינלעגען דיין געלד אין דער פאַבריק... די

פירמע וועט בלייבען דיזעלבע... דער אייגענער נאָמען...
יאָ, ער בעשטעהט אויף אַלעם...

פ אָ ט ע ר און מ ו ט ע ר

פאַלען ווידער אריין אין טהיר זעהר פאַמעליך, אויף די נעבעל.

ער וויליגט אַיין... ה׳ גרויסגליק אַליין. פאַלען ארויף אויף די טאָכטער. אונזער קינד... אונזער...

ר אָ ז ע

שטרענג.

געהט יעצט אַרויס.

פ אָ ט ע ר

ווינקט צום ווייב

קום אַרויס, זי דאַרף עפּעס צו רעדען.

מ ו ט ע ר.

אפשר, ראָזע לעבען, דאָס זיידענע קלייד דיר אַרויסנהעמען.

ר אָ ז ע.

איך וועל דיר שוין שפּעטער זאָגען.

פ אָ ט ע ר.

קום, לאָז זי אַליין, זי ווייס שוין וואָס זי האָט צו טהאָן.

ר אָ ז ע.

אַזוי, ער וויליגט שוין איין... ער וועט מיך עמפּפאַנגען... אַזוי... נאָר קיין איינציגער זאָל נישט וויסען דערפון... קיין איינציגער... געשעפטען איבערנעהמען יאָ און חובות אויס-צאָהלען—יאָ, געלד — יאָ, נאָר קיין איינציגער זאָל נישט וויסען דערפון... קלוגע לייט, קלוגע...

ט אַ נ ט ע.

וואָס?

ר אָ ז ע.

גאָרנישט, איך געה נישט אַריבער... איך נעהם אַזעלכע גע-שעפטען נישט איבער, עס איז נישט פאַר מיר.

ט אַ נ ט ע.

ווי הייסט... וואָס מיינסט דו?

ד אָ ז ע

(רוהיג.)

גאָרנישט... מיר זענען שוין דריבען געווען, ביים שווער, איך מיט לעאָנ׳ען, נאָך דער חופה, ווען זיי זענען זיך צע־לאָפען, און האָבען אונז אַליין געלאָזט... יעצט זאָל דער שווער צו אונז צו גאַסט קומען... מיר געהען נישט אַריבער...

ט אַ נ ט ע.

וואָס האָסט דו געזאָגט?... ה׳ גרויסגליק, דאָ אַהער? אין די רעסטאָראַציאָן?... דאָ?...

ד אָ ז ע.

יאָ, יאָ, צו זיין מחותן דוד גאָרקעכער צו גאַסט...

ט אַ נ ט ע.

איך זעה, זי האָבען אַפּנים פערגעסען, ווער ה׳ גרויסגליק איז — ניע. נימאַלס! די פאַמיליע גרויסגליק׳ס.

ד אָ ז ע.

איך האָב נישט פערגעסען, ווער די גרויסגליק׳ס זענען, איך ווייס גאַנץ גוט, ווער דער ה׳ גרויסגליק איז. איך בין אַהיי־גע. און ווייס אויך גאַנץ גוט, ווער די גאָרקעכער׳ס זענען. און דערפאַר וויל איך טאַקע, אַז דער ה׳ גרויסגליק זאָל קומען צו די גאָרקעכערס צו גאַסט און נישט ווי די טאַנ־טע האָט עס געוואָלט, אַז איך זאָל מיך אַריינציהען צו זיי שטילערהייד... אַז קיינער, קיינער זאָל נישט וויסען. מען האָט מיך בעהאַלטען פאַר מענשען. נור איינציגוויין, איינ־ציגוויין וועט מען מיך צום טיש צו לאָזען... פאַר חרפה וועלען זיי זיך פאַר די געסט רייטלען, אין מיין געגענוואַרט, אַזאַ שנור... נור איינציגוויין, איינציגוויין, ביז איך וועל מיך גוטע מאַניערען אויסלערנען. און דערנאָך זאָלען די לייט זאָגען: זעהסט, ווי זי האָט זיך אַריינגע׳גנב׳עט אין די משפחה אַריין. אָ, ניין, אַריינ׳גנב׳ענען וויל איך זיך נישט. שטעה איך זיי נישט אָן פאַר קיין שנור, קען איך זיי פון געשעפט אַרויסלאָזען. און די מומע אויך. אַזעלכע געשעפטען נעהם איך נישט איבער. שעמען זיך איז נישט דאָ וואָס...

ט אַ נ ט ע.

אָבער, זי, ה׳ גרויסגליק איז דאָך דער גרויסגליק. כאָטש ער איז געפאַלען, כאָטש זיי קענען זיך שוין נישט קיין עצה געבן, ווייל עס איז ביי זיי קיינער נישט דאָ, ווער עס זאָל די געשעפטען פיהרען. אָבער דער נאָמען אין די וועלט, די משפחה. איך זעה, זי האָבען עס פערגעסען..

ר אָ ז ע.

ניין, גאָרנישט פערגעסען, פאַר דעם לעג איך דאָך אַריין מיין גאַנץ פערמעגענס, וואָס אַלעס איך און מיינע עלטערן האָבען געהאָרעוועט צוואַנציג יאָהר. אַ גאַסט געקומען—דעם קישען פון קאָפּ אַוועקגעגעבען, דעם ביסען פון מויל, געזאַמעלט אַ גראָשען צו אַ גראָשען, און אַז איך האָב חתונה געהאַט מיט גרויסגליק׳ס זוהן, האָב איך נישט חתונה געהאַט אַז עס זאָל קיינער נישט וויסען, נאָר אַלע, אַלע! די גאַנצע וועלט זאָל עס וויסען! פאַר דעם האָב איך חתונה געהאַט מיט גרויסגליק׳ס זוהן, און נישט מיט יעקעל פורמאַן אָדער מיט לייבעל פישער, וועלכע וואָלטען געאַרבייט אויף מיר און איך וואָלט ווי אַ פּריצ׳טע אין דערהיים געזעסען... לעאָן וועט נישט אַרבייטען אויף מיר, נישט די האַנד אין קאַלטען וואַסער אַריינשטעקען. די גרויסגליק׳ס זענען נישט געוואָהנט צו אַרבייטען. דאָס ווייסט די טאַנטע אויך גאַנץ גוט.

ט אַ נ ט ע.

איך ווייס נישט, אייגענטליך, וואָס דו ווילסט? ער איז דאָך דיך ברייט צום עמפּפאַנגען, אין זיין הויז דיך אויפצונעהמען, פאַר אַ שנור דיך אַנערצוקענען... וואָס ווילסט דו נאָך, אייגענטליך?

ר אָ ז ע.

נאָר גיעמאַנד זאָל עס וויסען, בעהאַלטענערהייד, ווי זיינע טעכטער עס טהוען: קומען אַריין בעהאַלטענערהייד... נאָר קיינער זאָל נישט וויסען, פּאַפּאַ זאָל נישט וויסען, לעאָן זאָל נישט וויסען. ניין, מיך וואַרימט דאָס נישט...

טאַנטע.

וואָס האָסט דו געזאָגט, זיינע שוועסטערן קומען אַריין דאָ׳ בעהאַלטענערהייד? וועמעס שוועסטערן?

ראָזע.

לעאָנ׳ס שוועסטערן... וואַנדע און זאָשע, קומען אריין דאָ יעדען אויף דער נאַכט, ווען די יונגען טאַנצען מיט די מיידען, חבר׳ן זיך מיט מיינע קוזינען, מיט ליבּ׳ן, מיט בער׳ן, און אַז איך וויל זיי אַריינפיהרען צו לעאָנ׳ען, — אָה, ניין, בעהאַלטען זיי זיך — שעמען זיך, לעאָן זאָל נישט וויסען, פּאַפּאַ זאָל נישט וויסען, שעמען זיך, און קומען דאָך אַריין...

טאַנטע

פערוואונדערט.

קומען זיי אַריין, דאָ? גרויסגליק׳ס טעכטער?..

ראָזע.

וואונדערט זיך די טאַנטע... עס שטעהט זיי נישט אָן... איך וויים נישט, ווער עס האָט אין וועמען אַ שלעכט געשעפט געמאַכט... געגוג גערעדט... איך זאָג די טאַנטע קלאָרע און אָפענע דבורים: וויל די מומע, אַז איך זאָל דאָס געשעפט איבּערנעהמען, אויסצאָהלען יעדען וואָס עס קומט. אקצענטירענ דיג. און די מומען אויסצאָהלען איהר טייל אין געשעפט, און פיהרען ווייטער די פאַבּריק, מוז דאָס אויפהערען, היני טען אַרום, קיינער זאָל נישט וויסען. צו שעמען זיך איז נישט דאָ וואָס... אָדער יאָ... אָדער נישט...

טאַנטע.

איך וועל נישט דאָ דעם ה׳ גרויסגליק אַריינבּרענגען.

ראָזע.

ווי די טאַנטע וויל... איך האָבּ דאָ אַ גאַנץ גוט געשעפט אויך—די גאָרקיך טראָגט, גאָט צו דאַנקען, גאַנץ שען.

טאַנטע.

אָבּער בּערעכען דאָך... דער ה׳ גרויסגליק... דאָ! וואָס טוט זיך מיט דיר?

ר אָ ז ע.

אַלעס שוין איבערגערעכענט... ה׳ גרויסגליק... די פּאַרנעמס־טע פֿאַמיליע... דער נאָמען אין די וועלט... צו די גאָרקע־כער ס... אַלעס בערעכענט... ווי די מומע פערשטעהט... צו רעדען לאַנג איז נישט דאָ וואָס... לעאָן וועט באַלד אריינ־קומען, ער דאַרף נישט וויסען דערפון.

ט אַ נ ט ע.

אָבער גאָט, גאָט, וואָס טהו איך? וואָס טהו איך!

ר אָ ז ע.

ווי די מומע פערשטעהט... מיר איז עס גאַנץ גלייך... מיר האָבען גאָט צו דאַנקען פון וואָס צו לעבען...

ט אַ נ ט ע.

גרויסגליק, גרויסגליק׳ס הויז... דער אָבשטאַם פון דעם זעלי־גען גרויסען נאַטאַן. ווי לעג איך איהם גאָר דאָס פאָר?

ר אָ ז ע.

דאָס איז שוין די מומע׳ס זאַך... פאַר דעם נעהמט די מומע געלד. ווען מען וויל פערדיענען, מוז מען אַרבייטען... געלד איז טייער, זעהר טייער... אַזוי לייכט קומט עס נישט אָן מען מוז עפּעס דערפאַר טהאָן

ט אָ נ ט ע.

צו דעם האָבען זיך די גרויסגליק׳ס דערלעבט. צו ראָזען. יאָ, יאָ, איך וועל עס טהאָן.. סיי ווי סיי האָבען מיר זיך, שוין די פּנימער איינגערעכט... אַז שוואַרץ זיין—זאָל דאָס גאַנצע פּנים שוואַרץ זיין.

ר אָ ז ע.

אויס, אויס בעהאַלטענערהייד... איך האָב חתונה געהאַט מיט לעאָנ׳ען בחופּה וקדושין, ווי אַ אידישע טאָכטער. עפּענט אויף די טהיר און רופט. טאַטע, מאַמע! צו די טאַנטע, וועלכע קוקט אויף איהר פערוואונדערט. אָפּען פאַר די גאַנצע שטאָדט, נישט דאָ זיך וואָס צו בעהאַלטען. צו די עלטערן. וואַשט אייך אָב, טהוט אייך אָן, דער מחותן ר׳ אָשר גרויסגליק קומט הייגט, צו אייך צו גאַסט. בראָט אָב דעם אינדיק, מאַמע, און זאָג די יונגען, אַז זיי זאָלען זיך אָנטהאָן די יום־טוב׳דיגע אַנ־

צוגען,—און דאָ אריין... אַלע דאָ אַריין... נישט דאָ מיט קיי־ נעם זיך צו בעהאַלטען... עפּענט אויף די לאַדען. אַלע זאָלען זעהן, די גאַנצע שטאָדט זאָל זעהן, אַז ר׳ אָשר גרויסגליק איז היינט ביי זיין מחותן ר׳ דוד גאָרקעכער צו גאַסט. צו די טאַנטע. און די טאַנטע וועט אריבערגעהן נאָך איהם.

מוטער.

פּס... פּס... שווייג... זי מאַכט מיט די האַנד. זעגען דאָ...

פאָטער.

וואָס הייסט דו זי שווייגען... זי ווייסט בעסער, וואָס זי האָט צו טהאָן...

מוטער.

פּס... שווייג... זענען דאָ... דרינען...

ראָזע.

ווער איז דאָ? אלע זאָלען זיין, נישט קיין חילוק...

מוטער.

זיי, זיינע שוועסטערן, די פריילינ׳ס גרויסגליק...

ראָזע.

זאָלען זיי זיין. געהט אריין צו זיי אין צווייטען צימער. אַך, גוטען אַבענד... פראָשע, ביטע שען, ביטע. עס קומען אריין וואַנדע און זאָשע, דערזעהען די טאַנטע, מאַכען א שריט צוריק.

ראָזע.

ביטע, ערלויבען זי, זעצען זי זיך... לאָז זיך די טאַנטע זעצען... טאַטע, טאַטע, רוף אַריין לעאָנ׳ען.

טאַנטע.

איך דאַנק, איך אייל מיך, אַ גוטע נאַכט, איך וועל באַלד קומען...

ראָזע.

לויפט שוין די מומע. האָט אַוודאי עפּעס וואָס צו בעזאָרגען. אַ שאָד, אַזוי פלינק. אפשר דאָך, לאָז זיך די מומע זעצען.

טאַנטע.

אַ ביסעל שפּעטער, איך וועל באַלד קומען, איך דאַרף נאָך עפּעס וואָס צו בעזאָרגען.

ר אָ ז ע.

אַ שאָד, אַזוי. אָבער די מומע וועט שפּעטער קומען. גוט. אַ גוטע נאַכט, אַ גוט יאָהר. בענלײט זי ארויס, טאַנטע אָב. איך בעט איבער, איך בין אַזוי אָנגעטהאָן, ביים געשעפט קען מען נישט עטוואָס פיינערס אָנציהען. איך בעט זעהר איבער, איך וועל נאָר אַנ׳אַנדער קלייד אַריבערוואַרפען. רופט אין די טהיר. טאַטע, טאַטע רוף אַריין לעאָנ׳ען, איך קום שוין צוריק. דער פאָטער פון די אינוויינינגסטע צימערן. שוין, שוין, איך קום שוין צוריק אַריין. געהט אָב.

ו ו אַ נ ד ע.

אָבער מען דאַרף דאָך נישט.

ז אָ ש ע

לוסטיג.

אָבער זאָל די שוועגערען דאָך בלייבען... מיר געהען דאָך אויך נישט בעסער אָנגעצויגען... חייזט איהר קלייד

וו אַ נ ד ע

שטופּט זי.

ז אָ ש ע.

איך שעם מיך נישט. עס איז דאָך אונזער שוועגערין...

ר אָ ז ע.

אָבער דאָך... נו, אַזוי גלייך... איך וועל מיר נאָר אַנ׳אַנ־דער קלייד. אָב אין טהיר. לעאָן, זעהסט, דיינע שוועסטערען זענען געקומען צו גאַסט, ווייל אַ רגע דיינע שוועסטערן... איך קום שוין אַריין.

ר אָ ז ע

פיהרט אריין לעאָנ׳ען, וועלכער האַלט זיך צוריקהאַלטענדיג.

אויף איין מינוט נאָר, איך בין שוין דאָ... אָב, לאָזענדיג זיי אליין.

ז אָ ש ע

מיט פרייד.

לעאָן, אַך לעאָן. לויפט צו צו איהם. וואָס מאָכסט דו? ס׳איז דיר גוט דאָ?

ל ע אָ ן

ברוגז'דיג.

איך ווייס נישט... צו וואָס זענט עטץ אַהער געקומען?

וואַנדע.

מיר האָבען דיך געוואָלט בעזוכען. אַזוי נעהמסט דו אונז אויף? שען גאַסט-פריינדליך ביזט דו?

ל ע אָ ן.

אָבער צו וואָס זענט עטץ אַהער געקומען?

זאָשע.

צו וואָס? מיר זענען גאָרנישט געקומען צו דיר, מיר זענען געקומען צו אונזער שוועגערין צו גאַסט.

ל ע אָ ן

פערוואונדערט.

צו די שוועגערין?

וואַנדע.

קום, זאָשע, זעה ווי ער בעהאַנדעלט אונז.

זאָשע.

מיר זענען נישט צו איהם געקומען... מיר זענען צו די שוועגערין געקומען.

ל ע אָ ן

פערמאונדערט.

צו די שוועגערין?

זאָשע.

יאָ, צו די שוועגערין?

ל ע אָ ן.

ווי הייסט, צו די שוועגערין?

זאָשע.

און די שוועגערין מיט דיר ווע‏לען זיך צו אונז אַריבער-ציהען אין די וואָהנונג, איה וועט ביי אונז וואָהנען... יאָ, די טאַנטע האָט געזאָגט, זי וועט די געשעפטען איבער-נעהמען—איך האָב עס אַליין געהערט.

לעאָן.

ביי אונז וואָהנען? איך מיט איהר? געשעפ:ען פיהרען? ווער האָט עס געזאָגט? ניין, מיר פאָהרען קיין פאַריז! נאָך בערלין!

זאָשע.

איהר פאָהרט נאָך פאַריז, ווען? נעהמט׳ס מיך מיט.

לעאַן

פערגעסענדיג, איבערענדערט דעם טאָן.

יאָ, מיר פאָהרען נאָך פאַריז, מיר וועלען דאָ נישט וואָהנען... מיר ציהען זיך אַוועק פון דאַנען.

זאָשע.

אין בערלין וועט עטץ אויך זיין?

לעאָן.

אָבשטייגען. האָט זי געזאָגט, די טאַנטע, אַז מיר וועלען דריבער וואָהנען, ביי אונז. אָ, עס איז נישט וואָהר.

זאָשע.

אַזוי האָט זי געזאָגט? זעהט׳ס נאָר. דו הערסט, וואַנדע, זיי פאָהרען נאָך פאַריז.

וואַנדע.

לאָז מיך געהן, איך בין ברוגז אויף איהם... ער בעליידיגט אונז.

זאָשע.

האָסט דו אַ זאָרג, ער איז דאָך אַ משוגע׳נער. צום ברודער.

נו, און ווי געהט עס דיר? עס איז דיר גוט דאָ? זיי בעהאַנדלען דיך גוט דאָ? זענען גוטע מענשען, ס׳וואָהר?

וואַנדע

חעלכע בעקוקט די ווירטשאַפט.

זעה נאָר, ווי דאָ זעהט אויס! די בילדלעך—אַזוי אַלט בעל־הבתיש.:. זעה נאָר, דאָס קאַנווע־אויסנייעכט׳ס.

זאָשע.

און אַזעלכע הויכע בעטען מיט אַזוי פיעל בעטגעוואַנד! גיב נאָר אַ קוק ווי הויך די בעטען זענען געבעט... דאָ מוז זיין וואַרעם צו שלאָפען, ס׳וואָהר, לעאָן? און ביי אונז

איז אַזוי קאַלט צו שלאָפען, פון אַלע פענסטער־ווייהען ווינדען.

ו ו אַ נ ד ע.

ווען איך האָב אַזאַ דיקע דעק, וואָלט איך אַ גאַנצען טאָג געלעגען אין בעט הינטער די דעק, און וואָלט זיך גע־וואַרעמט.

ל ע אָ ן.

און מיטע האָט געוויינט, יאָ, וואַנדע?

ו ו אַ נ ד ע.

ניין, געוויינט האָט זי נישט... זי האָט זיך נאָר געוואונ־דערט... זעהר געוואונדערט, אַז דו האָסט שוין חתונה גע־האַט... און זי איז אויף די חתונה נישט געוועזן... און קען די שוועגערין נישט...

ל ע אָ ן

אין דער שטיל מיט שרעק.

און די מאַמאַ הערט מען ווידער?

ו ו אַ נ ד ע.

איך הער די מאַמאַ יעצט זעהר זעלטען... נאָר טייל מאָל, צייטענווייז, דאַכט זיך, הער איך אירע טריט... נאָר מיטע זאָגט, אַז זי הערט זי יעצט יעדע נאַכט, אַז זי קומט אין איהר צימער יעצט יעדע נאַכט און דרעהט זיך אַרויף און אַראָב. מיטע נעכטיגט יעצט יעדע נאַכט ביי מאַמאַ אין צי־מער.

ל ע אָ ן.

זי זעהט זי?

ו ו אַ נ ד ע.

איך ווייס נישט, זי פערצעהלט גאָרנישט, מיטע.

ל ע אָ ן.

זי מוז זעהר בייז זיין אויף מיר, מאַמאַ...

ו ו אַ נ ד ע.

מיר דאַכט זיך אַזוי... וואָרום צייט דו האָסט חתונה געהאַט, האָט זיך מאַמאַ׳ס פנים אויף די פאָטאָגראַפיע געענדערט...

עס איז טרויריגער און שטילער געוואָרען—ס׳וואָהר, האָבען מיר עס באַמערקט, זאָשע?

ז אָ ש ע.

יאָ, דאַכט זיך אַזוי, מיטע פערצעהלט עס.

ל ע אָ ן.

מיר דאַכט זיך אויך, אַז איך קוק אַרויס דורכ׳ן פענסטער, אַריבער אין די פענסטער צו אונז. ער עפענט די פאָרהאַנג. זעהט׳ס, אַזאַ שוואַרצע טונקעלקייט קוקט אַרויס פון די שוואַרצע גרויסע פענסטער! מיר דאַכט זיך אַז אַ געשטאָרבע־נער דרעהט זיך דאָרט אין די שטובען אַרום... איך קען טייל מאָל אַ גאַנצע נאַכט נישט שלאָפען...

ז אָ ש ע.

אָרימער לעאָן. עס קומען אריין ליב און בער, צוויי הויכע שטארקע יונגען אנגעטהאן אין נייע אנציגע מיט זייגער׳ס איבער די וועסט, הויכע שטיוועל, פערקעמט וואוילפריש מיט א לאַק, פיהלען זיךביידע אונהיימיש, ווייסען נשיט ווי צו בעוועגען מיט די הענד, שטעהען ביידע אין טיר, נישט שמאַילע, „ליב" דער יונגערער זעהר שעמעוודיג׳ דאס געשפרעך ווערט איבערגעבראכען, פערוווירט, זאשע מיט וואנדען קוקען אויף זיי מיט גרויס נייגעריגקייט און לאַכען.

ז אָ ש ע.

גיב נאָר אַ קוק, בער און ליב איז דאָך דאָ! זעה נאָר, אין וואָס פאַר פיינע וועסטלעך זיי זענען אָנגעטהאָן...

ו ו אַ נ ד ע

האלט זי איין.

זאָשע...

ז אָ ש ע.

גוט נ׳אַבענד, ליב, גוט נ׳אַבענד, בער. וואָס מאַכט עטק?

ו ו אַ נ ד ע.

זאָשע!

ל ע אָ ן

אויפגערעגט.

פון וואַנען קענט איהר זיך מיט זיי?

ליב.

ראָזע האָט אונז געהייסען דאָ אַריינגעהן. בער ציהט איהם ביים ארבעל.

לעאָן

כאפט זיך אויף.

געהייסען אייך דאָ אַריינגעהן. עפענט אויף טהיר. הער... ראָזע...

ראָזע

פון די אינוועניגסטע טהירען.

באַלד, לעאָן.

לעאָן.

אָבער ראָזע, וואָס טהוט זיך דאָ? לויפט ארויס אויפגערעגט.

ליב

מערט צעמישט, וויל ארויסגעהן נאך לעאָנ'ען.

בער

כאפט איהם ביים ארבעל.

בלייב, ברודער, האָב קיין מורא... מען האָט דיר געהייסען אַריינגעהן, געה.

זאָשע.

פאַרוואָס ווילען זי אַנטלויפען, ליב? עס איז איהם דאָ נישט גוט מיט אונז? שעמען זי זיך נישט. צו וואנדען. זעה נאָר, ווי ער איז רויט געוואָרען, וואַנדע, ווי ער שעמט זיך... וואָס פאַר אַ רויטע באַקען ער האָט געקריגען. זי געהט צו צו איהם. זי שעמען זיך, ליב, יאָ? און פאַר וואָס שעם איך מיך נישט?

וואַנדע.

זאָשע, געדענק אָן גאָט!

זאָשע

נעהמט איהם אָן ביי די האנד.

אָך, וואָס פאַרע הענד! אַנו, ווייזען זי נאָר איהנ'ס מוסקו-לען, ווער האָט שטאַרקערע, איך צי זי? טאפט זיך איהרע און זיינע. און זי? צו בער'ן. און זי? טאפט בער'ס מוסקולען. נו, ווער פון אייך ביידע איז שטאַרקער?...

וואַנדע.

אָבער זאָשע...

זאָשע.

הער אויף! אַנו, זאָגען זי, ווער איז שטאַרקער, הע, בער?

בער

דרעהט זיך די וואָנסעס.

איך ווייס נישט.

זאָשע

צו ליב'ן.

און פאַרוואָס ענטפערען זי נישט, זי שעמען זיך? צו וואַנדען. זעה, ווי ער איז רויט געוואָרען, און וואָס פאַרע גלאַנצענדע אויגען ער האָט.

וואַנדע.

אָבער זאָשע!

זאָשע.

האָב איך אַ זאָרג. בעקוקט ליב'ן פון קאָפּ ביז פוס. זי האָבען אַ נייעם אַנצוג. נעהמט איהם אָן ביים קייטעל. און אַ זילבערען קייטעל. פון וועמען האָבען זי עס געקריגען? פון אַ כלה, יאָ?

ליב

שמייכעלט.

זאָשע.

זעה, וואַנדע, ווי ער שמעכעלט, טויזענד חן האָט ער. אין דער שטיל. איך וואָלט איהם זיינע גלאַנצענדע אויגען אַרויסגעקושט.

וואַנדע.

אָבער זאָשע, געדענק אָן גאָט!

זאָשע

צו ליב'ן.

ווי אַלט זענען זי? האַ?

ליב

פערשעמט.

חול-המועד פסח ווער איך צוואַנציג יאָהר.

ז אָ ש ע.

איך אויף שבועות אַכטצעהן יאָהר, כלעבען.—פויזע. און אַ כלה האָבען זי שוין, יאָ?

ל י ב

שמייכעלט, ענטפערט נישט.

ז אָ ש ע

צו בער'ן, ווייזט אויף ליב'ן.

ער האָט שוין אַ כלה, יאָ?

ב ע ר

קלאַפּט זיך מיט'ן האַנד אין כאַלעמע.

נישט איינע. געלעכטער.

ז אָ ש ע.

כאַ, כאַ, כאַ! זעה, וואַנדע, ווי ער שעמט זיך, ווי ער בע-האַלט די אויגען צו ד'ערערד, כאַ, כאַ, כאַ! צו ליב'ן. קומט'ס אַהער, זעצט אייך דאָ אַהער, מיט אונז, ביים טיש.

ב ע ר

צו ליב'ן

קום, לאָזען מיר זיך אַנידערזעצען. זעצען זיך נעבען טיש אַבי-סעל אַבגערוקט.

ז אָ ש ע

רוקט זיך נעהנטער צו ליב'ן.

וואָס פאַר איינע איז איהנ'ס כלה, אַ בראָנעטקע צי אַ שאַטינ-קע? און וואָס גוסטירן זי, אין אַ בראָנעטקע, צי אין אַ שאַ-טינקע? הע? ליב שמייכעלט, ענטפערט נישט. צו בער'ן. הע, און וואָס פאַרע גוסטירט ער, אין אַ בראָנעטקע, צי אין אַ שאַטינקע?

ב ע ר.

ער גוסטירט אין אַלע. געלעכטער.

ז אָ ש ע

צו ליב'ן.

אַנו, זאָגען זי, איך בין אַ שען מיידעל? ווייזט אויף וואַנדען. ווער פון אונז איז שענער? פאַלט איהן בעסער אויס צו איהנ'ס גוסט? זאָגען זי?

ו ו אַ נ ד ע

מיט געלעכטער.

הער אויף. ליב שעמט זיך, לאָזט אראָב דעם קאָפּ.

ז אָ ש ע

מיט פרייד.

זעה, ווי ער שעמט זיך... איך האָב׳ן ליעב... נו זאָגט, וועלכע פון אונז ביידע וואָלטען זי פאַר אַ כלה געוואָלט! זאָגט, שעמט אייך נישט... ליב פארשעמט זיך.

ב ע ר

שמייכלט.

ער וואָלט ביידע געוואָלט. געלעכטער.

ז אָ ש ע.

ער וואָלט ביידע געוואָלט, ניין... ביידע נישט, נאָר איינע... מיך ווילט איהר פאַר אַ כלה, זאָגט, יאָ?

ו ו אַ נ ד ע.

זאָשע, הער אויף.

ז אָ ש ע.

יאָ, מיך ווילט איהר פאַר אַ כלה, שעמט אייך נישט. הייבט איהם אויף דעם קאָפּ און קוקט איהם אין די אויגען. אַנו, זאָגט, איך געפעל אייך פאַר אַ כלה?

ל י ב

מיט א פערשעמטען געלעכטער.

פאַרוואָס נישט.

ז אָ ש ע.

גוט, ווער איך אייער כלה... ווען וועט זיין די תנאים?

ו ו אַ נ ד ע.

משוגע׳נע זאָשע, הער אויף, וואָרום איך געה אַרויס.

ז אָ ש ע.

פאַרוואָס נישט, ער געפעלט מיר. גיב נאָר אַקוק ווי ער שעמט זיך, ווי ער רויטעלט זיך... ווי ער שמייכעלט... איך וואָלט איהם די אויגען אויסגעקושט...

ו ו אַ נ ד ע.

אָבער זאָשע!

ז אָ ש ע

צו ליב׳ן:

נו גוט, זענען מיר שוין חתן כלה. שוין... אָבגעמאַכט...

נו, נעמען זי פון מיר דאָס פינגעריל און גיבען זי מיר איהנ׳ס קייטעל. גיבט איהם איהר פינגעריל.

וואַנדע.

זאָשע!

ז אָ ש ע.

הער אויף. עס געפעלט דיר נישט, געה אַרויס! וואנדע לאכט.

אַנו, נעהמען זי דאָס פינגעריל. שטופּט עס איהם אין האנד.

בער

שטופּט ליב׳ן.

נעהם עס צו. ליב נעהמט צו דאָס רינגעלע.

ז אָ ש ע.

און יעצט גיבען זי מיר איהנ׳ס קייטעל פון זייגעריל. ליב ווייגערט זיך. און פאַרוואָס ווילען זי עס מיר נישט געבען? זי האָבען עס פון אַ כלה, יאָ, דורך דעם ווילען זי עס מיר נישט געבען?

ליב

שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אויף ניין.

איך האָב עס נישט פון קיין כלה.

ז אָ ש ע.

און פאַרוואָס ווילען זי עס מיר נישט געבען? ליב נעהמט אראָב דאָס קייטעל פון זייגער און גיט איהר.

ז אָ ש ע

בעהאַלט דאָס קייטעל.

זענען מיר שוין חתן־כלה... און יעצט גיבען זי מיר אַ קוש.

די יונגען פּלאַצען אַרויס מיט אַ געלעכטער.

וואַנדע.

הער אויף.

בער

שטופּט ליב׳ן.

קוש זי. מיט אַ געלעכטער. מיר וואָלט זי נישט געדאַרפט זאָגען צוויי מאָל.

ז אָ ש ע.

אַז נישט וועל איך זי קושען, זי זענען שוין מײַן חתן. די מיידען לאַכען.

וו אַ נ ד ע

מיט אַ געלעכטער.

זאָשקע, זאָשקע.

ל י ב

מיט אַנ׳אָראָבגעלאָזטען קאָפּ.

לאָז זי.

ז אָ ש ע.

לאָז זי, לאָז זי. פאַלט אַרויף אויפ׳ן און קושט איהם אויס די באַקען. לאָז זי. קושט איהם. לאָז זי.

וו אַ נ ד ע

ציהט אַוועק זאָשען.

זאָשקע, בעזין דיך.

ב ע ר

צו וואַנדען מיט קוראַזש.

זי האָט זעהר רעכט... פאַרגעסט זיך, כאַפּט אָן וואַנדען ביי די האַנד, שטעקט אויס זיין באַק. קושען זי אויך.

וו אַ נ ד ע

גיט איהם אַ קוק אָן שטרענג, דער יונג ווערט פארחוירט, לאָזט אַראָב דעם קאָפּ. רוקט זי אָב אין אַ זייט. פון דער צווייטער שטוב הערט זיך אַ חאָרע, טריט קו־מען אָן.

זאָשע, געדענק, מען געהט...

עס עפענט זיך אויף די טיר, עס קומט אַריין ר׳ אָשר גרויסגליק, ראָזע פאַר איהם. מען זעהט אין די טהיר, ווי זי קושט דעם שווער די האַנד. איהר פאָטער און מוטער אין יום-טוב׳דיגען אָנגעטהאָן געהען מיט רעספּעקט נאָך איהם פון דערווייטענס. ליב און בער גיבען זיך מיט שרעק אַ כאַפּ צוריק, שטעלען זיך אין אַ זייט ביי די טיר, פאַרקנעפּלען זיך די רעק.

ר אָ ז ע

פאַר׳ן שווער.

לאָז דער שווער ערלויבען... לעאָן וועט באַלד אַריינקומען...
איך געה שוין נאָך איהם, שווער. לויפט אַרויס.

פאָטער

לויפט פאַראויס, רוקט אַרויס אַ שטול פאַר ר׳ אָשר׳ן, מאַכט גלייך דאָס טישטעך קעלנער־מעסיג.

מאַכט׳ס פלאַץ, מאַכט׳ס פלאַץ, פאַר ר׳ אָשר׳ן...

ה׳ גרויסגליק

זעצט זיך זעהר לאַנגזאַם אַנידער. פערלעגט די הענד. דער גאַרקעכער שטעלט זיך פאַר איהם בריים איהם צו בעדיענען, די גאַרקעכערין נאָך איהם, האַלט זיך פון דערווייטענס.

ה׳ גרויסגליק

זעהר געריהרט.

און וואו איז מיין זוהן לעאָן?

גאָרקעכער.

לעאָן... לעאָן... באַלד, הער גרויסגליק, באַלד. לעאָן... לויפט אַרויס, נאָך איהם זיין ווייב.

ה׳ גרויסגליק

דערזעהט זיינע טעכטער.

אַך, מיינע טעכטער. קרעכצט. קומט׳ס אַהער צו מיר, מיינע טעכטער. וואַנדע און זאָשע געהן צו צו איהם, ראָזע פיהרט אַריין לעאָנ׳ען, וועלכער בלייבט שטעהן ביי די טהיר, גרויסגליק דערזעהט איהם, ספרייט אויס די הענט מיט אַ פאַטאָס. קום, מיין זוהן, אין דיין פאָטער׳ס אָרימ׳ס.

לעאָן.

פאַפאַ. וויל זיך וואַרפען אין זיינע אָרימ׳ס, בלייבט אָבער צוריק מיט טרעהרען. פאַרוואָס איז פאַפאַ אַהערגעקומען? פאַרוואָס? לויפט אַרויס מיט געוויין פון שטוב.

ראָזע

מיט אַ געמאַכט געלעכטערעל.

זעהט איהר, שווער... שטענדיג האָט מען מיט איהם אַזוי צו טהאָן... אַ איינגעשפאַרט קינד איז דער לעאָן... איך ברענג איהם באַלד אַריין. לויפט אַרויס נאָכ׳ן.

# דריטער אַקט.

דאָס זעלבע צימער װי אין ערשטען אַקט, עס איז געגען אָבענד. די שטוב ביי ר׳ אָשר גרויס־גליק איז אַנדערש צוגערוימט, בעשטעלט מיט נייע מעבעל. ביליגע װינער סעצעסיע, װעלכע פּאַסען נישט צו מיט דעם גאַנצען שניט פון די שטוב. א טעכניק ציהט אריין עלעקטרישע דראָטען, און פערשיעדענע קיילעכדיקע לאָמפּאַנען און לאָמפּען און טונקעטען, װעלכע זענען צעװאָרפען איבער׳ן צימער אין פערשיעדענע קאָלירען אָהן געשמאַק, רעקלאַמענמעסיג. נעבען איהם ראָזע, װעלכע װייזט איהם, װעלכע לאָמפּאַנען אָנצוהעפטען, איהר העלפט מיט זאָשקע, נאָך זיי איהר פאָטער און מוטער.

ז אָ ש ק ע.

אַזוי, לאָז יעצט די שווענערין ביים שפּיגעל הייסען אַרומ־מאַכען. קוקט זיך אום. אַך, ווי די שטוב זעהט יעצט אויס. פּאַטשט זיך אין די הענד. גאָרנישט צו דערקענען. וואַנדע, מי־טע וועלען דאָס דערזעהען?

פּ אָ ט ע ר

צו זאַשקען.

וועט שען זיין... האַ... ווייזט אויף די טאַכטער. קען זיך אויף אַזעלכע זאַכען... ווי, געדענקסט דו, ראָזע, מען האָט גע־זעהען אין די גרויסע שטאָדט דעם גרויסען רעסטאָראַן — אַלערהאַנד קאָלירען, רויט, בלאָה, גרין. צו ראָזען. וועסט דו אויך אַזוי לאָזען מאַכען? ראָזע ענטפערט נישט.

מ ו ט ע ר.

מען וועט דיר שוין שפּעטער פערצעהלען; אַז עס וועט פאַרטיג זיין, וועסט דו זעהען.

פּ אָ ט ע ר.

האָב נישט קיין מורא, איך קען מיך אויף די זאַכען, בין פערציג יאָהר אַ רעסטאָראַטאָר געווען... נישט איינמאָל האָב איך אַזעלכע לאַמטערן אויפגעהאַנגען פאַר אונזער רעסטאָ־ראַן, ווען די שררה, ווען דער נגיד האָט ביי אונז חתונה געמאַכט. איך בין עקסטרע נאָך וואַרשע געפאָהרען נאָך פייערווערק.

ר אָ ז ע.

טאַטע, אַריין... מאַמע, אַריין... איהר האָט נישט אייער צי־מער? וואָס דרעהט איהר זיך דאָ אַרום און פּלוידערט?

פּ אָ ט ע ר.

באַלד, ראָזע־לעבען, איך וויל נאָר זעהן ווי דער עלעקטריק וועט זיך אַנצינדען, ווי דאָס וועט אָנהייבען צו לייכטען.

ר אָ ז ע.

אָבער שווייגט׳ס...

מ ו ט ע ר

צום דעם פּאָטער ביים אַרבעל.

שווייג...

ז אָ ש ע

מייזט אויפ׳ן אָרון.

און יעצט, שוועגערק, וועט מען דאָס אַרויסשטעלען. ריכּרט אָן דעם אָרון.

פּ אָ ט ע ר, מ ו ט ע ר

מיט שרעק צו זאָשען.

חלילה, דער רבי, רב נתנ׳לס אָרון-הקודש, ביי וועלכען ער האָט געדאַווענט.

ז אָ ש ע.

אָבער יעצט דאַווענט דאָך שוין קיינער נישט דערביי.

מ ו ט ע ר

מיט עהרענהאַפט צו זאָשע׳ן.

זיין זכות שטעהט אונז ביי, פריילין... אַ גרויסער צדיק געוועזן. אָהן-הילפיג. ראָזע.

ר אָ ז ע

צו זאָשען.

ניין, שוועגערין, דאָס איז דעם זיידענ׳ס אָרון-הקודש. דאָס וועט מען נישט אַרויסשטעלען.

פּ אָ ט ע ר

צו זאָשען.

אַ גרויסער צדיק געווען, פריילין. מיר ווייסען, ווער ר׳ נתן איז געווען. אידען האָבען זיינע פערד אויסגעשפּאַנט און אין זיין וואָגען זיך איינגעשפּאַנט, ווען ער איז אין שטאָדט אַריינגעקומען. מיר ווייסען, ווער ר׳ נתן איז געווען.

ז אָ ש ע.

וואָס איז ער געווען, אַ רב אַזעלכער? יאָ?

מ ו ט ע ר.

אַ גרויסער צדיק, אַ גרויסער. זיין זכות זאָל אונז ביישטעהן.

ז אָ ש ע.

איך ווייס נישט. צו ראזען. וועט זיך דער עלעקטריק שוין ברענען?

מ ו ט ע ר

צו זאשען.

אַז ער האָט אויף וועמען די האַנד אַרויפגעלעגט, איז ער געבענשט געוואָרען אויפ'ן גאַנצען לעבען—ווער עס האָט זיין ראָק אָנגעריהרט...

ר אָ ז ע.

אונזער זיידע.

ז אָ ש ע.

איך וועל אַרויסגעהן זעהען, אויב עס לייכט זיך שוין.

לויפט אַרויס, אין אַ קליינע וויילע צינדען זיך אָן אַלע לאַמפּאַנען, זאַשקע קומט אַריינצולויפען. דער עלעקטריק... פון די איבריגע צימערען קומען אַרויס דער הער גרויסגליק, וואַנדע מיט די וועכטער אויף די ליפען. דער עלעקטריק האָט זיך ביי אונז אָנגעצונדען. דערזעהען פערשיעדענע קאָליערטע לאַמפּאַנען, ווערען ערשטוינט.

פ אָ ס ט ע ר

פון דערווייטענס צו ה' גרויסגליק.

זעהט, פּאַניע גרוי... נו, מחותן, מיין טאָכטער ווייסט ווי איינצואָרדענען אַ סאַלאָן, הע. מיר האָבען פאַר גרויסע הערשאַפטען...

ר אָ ז ע.

טאַטע, ווערסט אפשר טהע טרינקען? דאַס ווייב צופּט איהם ביים אַרבעל, צום שווער. אַך, דער שווער! גוטען אָבענד. וועט יעצט ליכטיג זיין אין הויז, נישט וואָהר?

ה' ג ר ו י ס ג ל י ק.

אָבער... אַזוי שרייענד... אַזוי פיעל קאָליערען...

ר אָ ז ע.

איז דאָך שענער, נישט וואָהר, זאָשקע?... צו וואַנדען. נישט וואָהר, שוועגערין? אַזוי. ווייזט אויף די וואַנד. און דאָ וועלען נאָך קומען אַנדערע בילדלעך, נישט די מיט אַלטע רעמען.

קריכט ארויף אויף א שטול, נעהמט אראָב איינִיגע פאַמיליען-פּאָרטרעטען, אַלטע דאַמען און הערען. אַך, ווי פיעל ווערעם... גאָט ווייסט, ווי לאַנג דאָס איז שוין נישט געריינִיגט געוואָרען. מאַמע, מאַמע, רוף אַריין די דינסט מיט'ן האַנדטוך...

ה' גרויסגליק.

הויבט אויף די בילדער.

אָבער מאַדאַם, טאָכטער, עס איז דאָך אונערהערט... די פאַמיליען-בילדער!

ראָזע.

אָבער שוועָר-לעבען, זיי מאַכען דאָך ווערעמדיג דאָס גאַנצע צימער... און עס איז דאָך נישט דעם זיידענס רבי נתנ'ס בילד... ווייזט דעם שווער א בילדעל פון גלאָז. אָט דאָס וועט קו-מען אויף דעם אָרט, דאָס גלעזערנע לאַנדשאַפט מיט די דייטשע בוכשטאַבען. לאָז נאָר דער שווער זעהן, ווי שען עס וועט אויסזעהן... האַנד-אַרבייט... דאָ וועט נאָך בעפּוצט ווערען מיט דעם פּאָכער אַזוי אויף דער זייט, און אויף דער זייט... די דינסט קומט אריין מיט'ן האַנדטוך. גוט אויסווישען... גוט... ווער ווייסט, ווי לאַנג שוין עס איז נישט געריינִיגט געוואָרען. צום שווער. זעהט, שווער, וועט שען זיין?

ה' גרויסגליק:

איך ווייס נישט, טאָכטער, קען מיך נישט אויף דעם.

פּאָטער:

דער מחותן קען זיך פערלאָזען: זי האָט שוין איינמאָל אַ גוסט ווייזט אויף דעם לאַנדשאַפט. מעג זיך דער מחותן צו קוקען צו דעם. האָט עס ביי אונז פערפאַלען געלאָזט אַ גאַסט פאַר דריי נאַכט-לעגער.

ה' גרויסגליק.

קען שוין זיין... קען שוין זיין...

ראָזע.

צום פּאָטער.

וועסט אפשר, טאַטע, טהע טרינקען?

מוטער.

ציהט דעם פּאָטער ביים אַרבעל.

שווייג. צו די דינסט, וועלכע ווישט אויס דאָס בילד פון רבי נתנ'ען.
מיט איהרע גוי'שקע הענד דעם רבי'ס בילד. צו די טאָכטער.
טאָכטער, דעם רבי'ס בילד!

ר אָ ז ע.

נעהמט דאָס האַנדטוך פון די דינסט און ווישט אליין אויס דאָס בילד זעהר פאַרזיכטיג.

מ ו ט ע ר.

קרעכצט.

גרויסע רבנים, גרויסע רבנים, זייער זכות זאָל אונז בײשטעהן.

פ אָ ט ע ר.

צום מחותן.

מיר ווייסען, ווער רבי נתן איז געוועזן. אַ גרויסער רב, אַ גרויסע רב. צו זאָשקען און וואַנדען, וועלכע קוקען איהם פערוואונדערט אָן. די פערד האָבען אידען אויסגעשפּאַנט און... אַ גרויסער רב געוועזן... אַ גרויסער רב געוועזן. צום ה' גרויסגליק. מיר ווייסען, מחותן.

ר אָ ז ע.

אָנהענגענדיג די בילדלעך.

דער שווער וועט זעהן, ווען אַלעס וועט פאַרטיג ווערען, ווי שען דאָ וועט זיך מאַכען... עס וועט זיין אַ פערגעניגען אַריינצוקומען. היינט האָבען מיר דאָך בעזוך... די סוחרים פון לאָדז קומען היינט אין אָבענד ענדיגען דעם קאָנטראַקט אויף אַ יאָהר טראַנספּאָרט, וועט דער שווער זיין דערביי?

ה' ג ר ו י ס ג ל י ק

נעהמט צוזאַמען די אַלטע בילדער, וויל זיי אַרייגטראָגען צו זיך אין צימער.

אָ, ניין... אָ, ניין, מאַך דו אַליין אָב מיט זיי... לאָז לעאָן זיין דערביי... איך קען מיך נישט אויף אַזעלכע זאַכען.

ר אָ ז ע

ביי דער ארבייט.

עס מאַכט נישט אויס... איך וועל שוין רעדען מיט זיי, נור דער שווער מוז דאָך זיין דערביי... עס וועט מעהר פערגנינפטיגער אויסזעהן, זיי וועלען מעהר צוטרויען האָבען, און די שוועגערין וואַנדע וועט דאָך אַזוי גוט זיין פּיאַנאָ שפּיעלען פאַר די קויפלייטע, ווען מיר וועלען זיי דאָ אין

עס-צימער אויף טהע פערבעטען. עס זענען דאָ גרויסע לייט, האַנדלען אין די טויזענדער, און דער אָבנאַהם אויף אַ גאַנץ יאָהר.

ה׳ גרויסגליק.

ניין, טאָכטער, פערזאָרג דאָך ליעבער דאָס אַליין... נעהם צו לעאָנ׳ען... איך קאָן נישט רעדען מיט זיי...

ראָזע.

אָבער שווער... פאַר׳ן שווער, פאַר׳ן ה׳ גרויסגליק וועלען זיי דאָך מעהר דרך-ארץ האָבען... מעהר צוטרויען... איבעריגענס איז דאָך לעאָן היינט אין פאַבריק... ביים אויסצאָהלען... און דאָ איז שוין אַזוי שפּעט, מען מוז דאָך צואיילען, און דאָס קאַבינעט? איז שוין דאָס קאַבינעט אין אָרדנונג? מאַמע, מאַמע, רוף אַריין די דינסט... עס מוז דאָך אַנשטענדיג אויסזעהן... שוועגערינס, פריילין וואַנדע... זאָשע, וואָרום העלפט איהר מיר דען נישט צו... ביטע, ביטע העלפען זי דאָך מיר... צו די דינסט אין טהיר. איז דאָס קאַבינעט אין אָרדנונג?

דינסט

חייזס אויף מאַמא׳ס צימער.

מען קען דאָך דרינען נישט אַריינגעהן.

ראָזע.

פאַרוואָס קען מען דען נישט אַריינגעהן?

דינסט.

דאָס פריילין זאָגט... איך וויים... איך האָב מורא...

וואַנדע.

אָבער שוועגערין... ווייזט אויף די טהיר.

ראָזע.

נאַרישקייטען, פאַרוואָס האָט איהר דען מורא? וועט עמץ זעהען וועל איך אַריינגעהן אין צימער און וועל גאָרנישט קיין מורא האָבען. זי געהט אהין צו דער טהיר, צלע קוקען איהר נאָך מיט שרעק און נייגעריגקייט.

ה׳ גרויסגליק.

אָבער טאָכטער... דאָס קען דאָך נישט זיין... דאָרט אהין... טאָכטער, וואָס טהוסט דו?

מוטער.

טאָכטער לעבען, איך וואָלט דיך אויך געראָטען... מיט יענע „לייט״ לאָז געמאַך...

פאָטער.

שווייג, שווייג, זי ווייסט בעסער וואָס זי האָט צו טהאָן.

ראָזע

נעהמט איין דעם שווער.

שווער, עס איז דאָך נאָר אַ איינרעדעניש, פאַרוואָס האָט עטץ דען מורא? די וואָהנונג איז אַזוי לאַנג לעער געשטאַנען.. צופיל צימערן פאַר לעבעדיגע, האָבען זיך די טוידטע דערוויייל אַריינגעצויגען... מען דאַרף די צימערן פאַר די לעבעדיגע צו האָבען... שווער, אָבער עס איז דאָך נור אַ איינרעדעניש. אָט אַזוי, לאָז דער שווער דאָ זיצען. זעצט דעם שווער אנידער אויף א סטול. און איך וועל מיר דאָ אַריינגעהן. געהט אריין אין מאמא'ס צימער.

ראָזע

עפענט די טהירען פון מאמא'ס צימער ברייט, אלע שפרינגען אפ, פון דרינען שיינט ארויס ליכט.

זעהט'ס, און דאָ איז אויך דער עלעקטריק אַריינגעדרונגען. געהט אריין. אַה, ווי פאַרשטויבט דאָ איז!

ה׳ גרויסגליק

נעהמט צוזאמען די אלטע בילדער.

מיר איז גאַנץ גלייך, טהוט וואָס איהר ווילט... לאָזט מיך צו־רוה. געהט פלינק אב מיט די בילדער צו זיך אין צימער.

ראָזע.

קומט צוריק ארויס.

אַך, איז דרינען שטויב, שפּינוועבס אָנגעוואַקסען! גאַנצע פוהרען, גאָרנישט ריין צו דערוואַשען. מאַמע, רוף אַריין דעם לאָקיי, די דינסטען, און קום מיט אַריין מיטהעלפען. וועט דאָ זיין אַרבייט... טאַקע קום אויך מיט. די עלטערן מיט די דינסטען אב נאך ראזען מיט בערשטען און האנדטיכער אין מאמא'ס צימער.

ז אָ ש ע.

זי איז אַריינגעגאַנגען.

וו אַ נ ד ע.

קום, לאָז מען הערען וואָס דרינען טהוט זיך. געהען צו דער סהיר, האָרכען זיך איין.

ז אָ ש ע.

גאָרנישט, זיי שאַרן די פּאָדלאָגע.

וו אַ נ ד ע.

און זיי האָבען פאַר גאָרנישט קיין מורא. עפענט אויף א שפּאַלט. און זעה, ליכטיג איז דרינען... זי פערברייטערט די שפּאַלט און קוקט אריין.

ב ע ר

פיהרט אריין ליב'ן.

קום אַריין, ברודער, האָב קיין מורא. אַז מען האָט דיך גע־הייסען אַריינקומען, פרעג נאָך קיינעם.

ל י ב

מיט שרעק.

ראָזע נישט דאָ?

ב ע ר.

דו האָב קיין מורא. דערזעהט דאָס פריילין זאָשע, פערנייגט זיך שען. שענעם גוטען אָבענד, פריילין. חייזט אויף ליב'ן. ער האָט מורא.

ל י ב

מיט שרעק ארומקוקענדיג זיך.

ראָזע נישט דאָ?

ב ע ר.

נישט דאָ, נישט דאָ!

ז אָ ש ע.

פאַרוואָס האָסט דו מורא, ליב? האָב קיין מורא, מען וועט ניי נאָך היינט זאָגען, אַז מיר זענען חתן־כלה.

ב ע ר.

הערסט, וואָס מען זאָגט דיר? קלאַפּט אויפ'ן פּלייצע. האָב קיין מורא, מיר זענען דאָ.

ליב
פערשעמט.
לאָז דאָס פריילין נישט שפעטען.
זאָשע.
גאָרנישט אויף קיין געלעכטער, אַנ'אמת, מיר זענען דאָך שוין חתן־כלה.. אָט געה איך זיי שוין אריין זאָגען.
בער
קלאפט איהם אויפ'ן פלייצע.
אַז מען זאָגט דיר, גלויב, ברודער.
ליב
מיט שרעק.
אָ, ניין, ניין! לאָז דאָס פריילין נישט זאָגען. געדענקען זי אין גאָט, ראָזע וועט בייז זיין.
זאָשע.
ניין, פאַרוואָס זאָל זי בייז זיין? דו ביזט דאָך איהר קוזין, און איך בין דאָך איהר שוועגערין.
ליב.
אָבער דאָך... גרויסגליק'ס טאָכטער.
זאָשע.
געה שוין... עס מאַכט נישט אויס... און לעאָן איז דאָך אויך מיין ברודער, און ראָזע איז דאָך דיין קוזינע.
בער.
אונזער קוזינע.
ליב.
ראָזע איז עפּעס אַנדערש.
זאָשע.
געה, עס איז נישט קיין חלוק... אַלעס איינס...
בער.
נישט קיין חלוק, זאָגט מען דיר... אַלעס איינס...
זאָשע.
אָט געה איך שוין אַריין צו איהר, איך וועל עס איהר זאָגען, וועסט זעהען ווי זי וועט זיך פרעהען...

ל י ב

מיט שרעק.

אָ, ניין, נאָך נישט יעצט... שפעטער... שפעטער, איך האָב מורא...

ב ע ר.

שווייג, אַז מען זאָגט דיר, אַז דו זאָלסט קיין מורא האָבען— האָב קיין מורא.

ז אָ ש ע.

אָבער געהט'ס יעצט אַהיים, טהוט זיך איבער די שבת'דיגע אָנצוגען, און קומט'ס אַהער, באַלד אַהער. איך וועל מיך אויך שוין אָנטהאָן, און ווען זיי וועלען דאָ אַלע אַרום זיצען ביים טיש, וועלען מיר פלוצלונג אַריינקומען און מיר וועלען זיך פאַר חתן־כלה פאָרשטעלען, וועסט זעהן ווי זיי וועלען זיך פרעהען. געהט, טהוט אייך שען אָן, ס'האָט געהערט?

ב ע ר.

געהערט, פריילין, אַלעס זיין אין אָרדנונג.

ז אָ ש ע.

נו, געהט'ס פלינקער... איך געה מיך אויך איבערטהאָן...

ב ע ר

צו ליב'ן.

קום, ברודער... אַלעס זיין אין אָרדנונג. געהען אַב, טרעפען זיך אין טהיר מיט די

ט א נ ט ע

וועלכע איז פיין אנגעצויגען, קוקט דורך א פענסטע אויף די יונגען מיט אבשיי.

אויך דאָ, שוין דאָ.

ד י י ו נ ג ע ן

טרעטען אב פאר איהר, פערנייגען זיך, און לאזען זי אריין.

ב ע ר

מיט רעספעקט פערנייגט זיך.

שענעם גוטען אָבענד, מאַדאַם. שטופט ליב'ן. האָב דרך־ארץ פאַר אַ מענש, זאָג גוטען אָבענד. געהען אב.

טאַנטע

קומט אַריין אין שטוב, קוקט זיך אום, דערקענט נישט דאָס צימער.

האָבען זיי זיך דאָ אַריינגעצויגען... האָבען זיי זיך דאָ אויסגעשפרייט, ה־מ־מ־ם... זעהט נאָר אַמאָל, ווי זיי האָבען דאָ געמאַכט?

זאָשע

ז׳ערזעהט די טאַנטע, מיט פריידיג לויפט צו צו איהר.

ווייסט די טאַנטע, איך האָב די טאַנטע עפּעס וואָס צו זאָגען.

טאַנטע

ארומקוקענדיק זיך אין צימער.

וואָס אַזוינס, אַזעלכעס?

זאָשע.

לאָז מיר די טאַנטע גראַטולירען, איך ווער היינט אַ כלה.

טאַנטע.

אַ כלה, אַזוי? מיט ווער דאָס?

זאָשע.

איך ווער היינט אַ כלה. מיט איינעם... איך וועל די טאַנטע נישט זאָגען, עס איז אַ סוד... באַלד, באַלד וועט עס די טאַנטע געוואָהר ווערען. קען זיך אָבער נישט איינהאַלטען. ווייסט די טאַנטע מיט ווער? מיט איינעם פון זייערע.

טאַנטע.

פערוואונדערט

אַזוי, מיט וועמען דאָס?

זאָשע.

איך וועל די טאַנטע נישט זאָגען. לויפט אַרויס.

טאַנטע.

אַזוי האַלט עס שוין גאָר! אַריינגעקראָכען... אַריינגעקראָכען אין דער משפחה, הייסט עס, אָ־וואַ, מיט ביידע פיס, ווי מען זאָגט דאָס.

ראָזע׳ס מוטער.

געהט אַרויס פון מאַמע׳ס צימער, מאַכט פון זיך דעם שטויב אָב.

אַ ביסעל אַרבייט דאָ דרינען געווען, אַ ביסעל שטויב! קלאַפּט

זיך אָב די הענד. אַזעלכעס נישט געווען. דערזעהט די טאַנטע, ווערט פערשעמט, לאָזט אראָב דעם קאָפּ. אַ שענעם גוטען אָבענד, בעל־הבית׳טע לעבען, זאָל איך אַריינרופען מיין טאָכטער? רופט: ראָזע, געסט זענען געקומען.

טאַנטע.

ניין, מען דאַרף נישט. אהאַ, נו, פּאַני גאָרקעכערין, ווי פיהלט איהר זיך דאָ? בעסער ווי אין דער שענק, נישט וואָהר?

ראָזע׳ס מוטער.

מיט אַ געלעכטעריל

אָ, געלויבט צו גאָט, מיין טאָכטער. ראָזע ווייזט זיך אין טהיר, די טאַנטע בעמערקט זי נישט.

טאַנטע.

פיהלט זיך דאָ ווי אין דער היים, די גאָרקעכער׳ס. ס׳שאַרט׳ס... ס׳קעהרט... אַלעבען זיך דערלעבט די גרויסגליק׳ס.

ראָזע׳ס מוטער.

מיט אַ געלעכטעריל.

הם... הם... זי זאָלען מיר געזונד און שטאַרק זיין... מיין טאָכטער... ווייזט אויף ראָזען אין טהיר, לויפט אָב אין קיך־צימער מיט אַ שמייכעלע.

טאַנטע.

דערזעהט ראָזען.

אַ, אַ גוטען אָבענד!

ראָזע.

גוט יאָהר. צו די מוטער ביים טהיר. מאַמע, מאַמע, בלייב, נישט־קשה, די גאָרקעכער׳ס פיהלען זיך גאַנץ גוט אין גרויסגליק׳ס הויז... זיי האָבען גאַנץ גוט בעצאָהלט דערפאַר... צו די טאַנטע. און זי, דאַכט זיך, האָבען אויך נישט צוגעלעגט צו די גאָרקעכער׳ס... איהנ׳ס חלק געקריגען אויסגעצאָהלט, פון געשעפט אַרויס מיט פּראָצענט... און פאַר׳ן שדכנות אויך... אַ גוטען ביין אָבגעלעקט פון די גאָרקעכער׳ס, הע, נישט וואָהר?... זיי האָבען זיך נישט צו קלאָגען אויף די גאָרקעכער׳ס..

ט אַ נ ט ע.

מיט אַ געמאַכט שמייכעלע.

גלאַט אַזוי... וואָס האָב איך דאָס געוואָלט זאָגען!... איז דער שוואָגער נישט אין דערהיים?...

ר אָ ז ע.

אַקצענטירענדיג.

מיין שוועך, ה׳ גרויסגליק, איז ביי זיך אין צימער... קום, מאַמאַ. אָבגעהענדיג רופט זי אַריין אין צווייטען צימער. שוועך, שוועך, איהר האָט בעזוך. אין די איינגאַנגס-טהיר ווייזט זיך לעאָן, אין די הענד רעכען-ביכער, אַ בלייפעדער אונטער׳ן אויער, פערטהאָן, אָבגעמאַטערט פון די אַרבייט. אַ, לעאָן איז דאָ... ווי מ׳עד דו מוזט זיין? מאַמע, געה נאָר אין קיך אַריין, זעה, אַז דאָס עסען זאָל זיין פאַר לעאָנ׳ען, דו מוזט דאָך הונגעריג זיין... פון מיטאָג אָן גאָרנישט אין מויל געהאַט. ווישט איהם אָב מיט׳ן טיכעל דעם שווייס פון שטערן. אַך, ווי פערשוויצט דו ביזט... האָסט נעבעך געמוזט האָבען אַ שווערע אַרבייט מיט די אַרבייטער׳ס ביים אויסצאָהלען, הע?

ל ע אָ ן.

קרימט זיך.

וואָס האָט עטך מיר אַיינגעשפּאַנט אין אַ פאַבריק, אַז איך זאָל מיט אַרבייטער צו טהאָן האָבען? וואָס חילט עטך פון מיר? ווארפט די ביכער אויפ׳ן טיש.

ר אָ ז ע.

נו, נו, קינד-לעבען... נישט אויפגערעגט... ווער דען זאָל זיין ביים אויסצאָהלן? ווער דען זאָל זיך מישען אין געשעפט, אַז נישט דו? זעה, דער פאָטער. ווייזט אויף ה׳ גרויס-גליק, וועלכער קומט ארויס פון זיין צימער. קען זיך דאָך נישט מישען אין געשעפט. דער שוועך אויף זיינע יאָהרען, און קיינמאָל נישט מיט דעם צו טהאָן געהאַט... דו ביזט דאָך דער איינציגער זוהן... דער איינציגער מאַנספערזאָן אין הויז. צום שוועך. נישט וואָהר, שוועך, דער שוועך קען זיך דאָך נישט מישען אין געשעפט... פערשטעהט זיך דאָך נישט אויף אַזעלכע זאַכען.

ה׳ גרויסגליק.

נאָר מיך לאָזט צורוה.. טהוט אייך וואָס איהר ווילט... איך קען מיך נישט אויף אַזעלכע זאַכען.

ראָזע.

זעהסט דו?

לעאָן.

אָבער איך קען דאָך אויך נישט, וואָס האָט איהר מיך איינגעשפאַנט!

ראָזע.

איינציגוויז... איינציגוויז, לעאָן לעבען, וועסט דו זיך אויסלערנען... זעהסט, צייט דו האָסט זיך אָנגעהויבען אין געשעפט צו מישען, האָט דיר דער קאָפּ אויפגעהערט וועה צו טהאָן. זעהסט דו, ביזט שוין נישט אַזוי אויפגערעגט... ליעבליך. אַ יונגערמאַן מוז אַ בעשעפטיגונג האָבען, מוז נעבען וואָס אַרומגעהן, פערגעסט ער פון אַלע נאַרישקייטען. אבגעהאקט. האָסט דו געזעהן די לאָדזער סוחרים? נו, וואָס פאַרע בילאַנס איז היינט?

לעאָן.

מיט הונדערט פוד מעהר ווי די פאָריגע וואָך... און די סוחרים וועלען קומען היינט, זיי האָבען די פאַבריק בעזוכט... אָבער, ראָזע... נאָך אויסלאַנד וועט מען פאָהרען, ווען עס וועט זיך נאָר אַ ביסעל שטילער מאַכען אין געשעפט?

ראָזע.

אוודאי וועט מען פאָהרען, זומער, אי״ה, אין באָד אַריין, נאָך קאַרלסבאַד, וואו אַלע פאָהרען... זעהסט דו, אַז מען גיט אַכטונג אויפ׳ן געשעפט, געהט עס טאַקע בעסער. מיט הונדערט פוד מעהר.... די וואָך... וואויל... צום שווער. און דער שווער וועט אויך מיטפאָהרען אין באָד אַריין... נישט וואָהר, שווער? מיט הונדערט פוד מעהר. רופט אין צווייטען צימער. מאַמע, מאַמע, גרייט צום טיש, פאַר לעאָן... ביי אונז אין שטוב.

ה׳ גרויסגליק

שמועסענדיג מיט דער טאַנטע.

וואָס האָסט דו געזאָגט?

ראָזע.

אין באָד אַריין... וואו אַהין פלעגט פאָהרען דער שווער מיט די שוויגער, עליה־השלום, נאָך קאַרלסבאַד?

ה׳ גרויסגליק

רעדענדיג מיט דער טאַנטע ווארפט אריין א ווארט.

נאָך אָסטענדע.

ראָזע.

נאָך אָסטענדע... נו, עס איז נאָך צייט צו רעדען דערפון. די מוטער לויפט פארביי איבער די סצענע מיט׳ן עסען צו לעגנ׳ען אין צימער. נו קום, לעגען, די מאַמע גרייט שוין צום טיש... נאָך אָסטענדע, מיר וועלען אויך פאָהרען נאָך אָסטענדע... מיט הונדערט פוד מעהר... די סוחרים קומען היינט. גב מיט לעגן אין זיין צימער רעדענדיג פון געשעפט.

טאַנטע.

נו, נו האָט זי פון איהם אַ מענש געמאַכט... בעשעפטיגט זיך אין פאַבריק, איז ביי אויסצאָהלען, ווייסט פון אַ בילאַנס, וואָלט דאָס דער שוואָגער געגלויבט אַ מאָל?

ה׳ גרויסגליק.

עס איז מיר גאַנץ גלייך, זיי זאָלען נאָר מיך צורוה לאָזען. ווייזט אויף דער וואנד. האָבען די בילדער אַראָבגעוואָרפען. ווייזט אויף מאמא׳ס טהיר איהר בעט אַרויסגעשטעלט.

טאַנטע.

אַריינגעקראָכען דאָ... גוט, אַריינגעקראָכען. נו, וואָס וויל דער שוואָגער? פערנעהמט זיך מיט׳ן געשעפט, פון אַלעס געמאַכט אַ לאַד, די חובות אויסגעצאָהלט, די פאַבריק ווייטער געלאָזט... יעצט איז דאָך כאָטש אַ שטיקעל ליכט אין שטוב דאָ... ליכטיג, אַ דינסט דאָ, נו? צום שלעכטען האָב איך דעם שוואָגער נישט צוגערעדט... דאָס הויז פון אונזער זעעליגען גרויספאַטער גרויסגליק. זוכט אויף דער וואנד דאס בילד, קרעכצט גב. זאָל נישט צו גרונד געהן... זאָל אין אַנדערע הענד,

זאָל קיין אַנדערן נאָמען נישט איבערנעהמען, דאָס איז נאָר געווען מיין מיין, דאָס איז געווען מיין גאַנץ שטרעבען, אַזוי וואָהר זאָל מיר גאָט העלפען...

ה׳ גרויסגליק.

דאַנקען גאָט, אַז איך בעדאַרף מיר שוין נישט יעצט אין די אַלע געשעפטען מישען, מיט די אַלע לייט צו טהאָן האָבען... מיט די פאַפּיערען... מיט די רעכנונגען... גאָט מיינער, ווי אונגליקליך איך בין געווען... אָבגע׳פּטרט זיך פון אַלעם... זאָלען זיי זיך דאָרט טהאָן. (ווייזט אויף לעאָנ׳ס צימער.) וואָס זיי ווילען... אַבי זיי זאָלען מיך רוהיג אין מיין צימער לאָזען... אין מיין גאָרטען מיין שפּאַציר מאַכען. אַ, דאָס איז ווירקליך געווען אַ גערעכטע זאַך... איינע זעהר טיכטיגע פרוי... די פרוי שנור, איינע טיכטיגע פרוי...

טאַנטע.

נישט וואָהר? און די פאַבריק געבעסערט... מען רעדט דערפון אין שטאָדט. (קרעכצט אָב, ערומקוקענדיג זיך.) אָבער זיך דאָ אויך אַריינגעצויגען מיט די גאַנצע. (איראָניש.) „פאַמיליע", מיט „פאָטער" מיט „מוטער".

ה׳ גרויסגליק.

אָנגענעהמע לייט.

טאַנטע.

אַזוי... נו, יאָ, דאָס איז וואָהר, פּראָסטע מענשען... זיי ווייסען זייער אַרבייט... אָבער מיט זייער געשמאַק, מיט זייער האַלטען, אין קיין אַנשטענדיגע געזעלשאַפט קען מען זיך דאָך מיט דעם נישט ווייזען. זי ווי זי, אָבער די פאַמיליע... און דאַן ווי זיי האָבען דאָ דאָס צימער איינגעאָרדענט. (קוקט זיך אום.) רעסטאָראַציאָנס-אַרטיג, מיט די פאַפּיערענע בלומען, און די פּאָלמען... און די פּאַרצעלאַנענע הינד דאָ... אַזוי קליין-בירגעריש... אַך, גאָט...

ה׳ גרויסגליק.

יאָ, דאָס איז אונאָנגענעהם... אָבער... לאָזען זיי זיך מאַכען וואָס זיי ווילען אין זייער צימער... לאָזען זיי מיך נאָר צופרידען לאָזען...

ט א נ ט ע.

אָ, ניין... די גאָרקעכער׳ס מוזען זיך פיהרען לויט׳ן געשמאַק פון די גרויסגליק׳ס, ווען זיי זענען אין די פאַמיליע אריינקומען, נישט די גרויסגליק׳ס צו די גאָרקעכער׳ס... און דאָס איז נאָך גאָרנישט, אַז זיי האַלטען זיך גאָרנישט פון דערווייטענס... טיעף אין דער פאַמיליע אריין... געהיימניספאָל. האָב איך געהערט יעצט אַ זאַך!... איך וויל עס פערשווינגען דעם שוואָגער... האָט שוין נעבעך אַזוי אויך גענוג, פון די אָט. קוקט איהם אָהן מיט בעדויערן. אונזער פאַמיליע, גאָט, ווי גרויס די שאַנד איז... און ווי שמערצט עס דאָ, ווייזט זיך אויפ׳ן הארץ. קען עס נאָר איינער פיהלען? אָבער נישט יעצט דערפון, מיט גאָטעס הילף, וועט עס זיך נאָך לאָזען מאַכען... מען מוז נאָר בעצייטענס פון דערווייטענס זיך האַלטען פון די שלעכטע וואָרצלען.. זיי קענען, הלילה, דעם גאַנצען שטאַם אונזערן פערדאַרבען, דעם שטאַם פון אונזער זעליגען גרויס-פאַטער.

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק

שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

אונזער זעליגען גרויס-פאָטער.

ט אַ נ ט ע.

נישט וואָהר?.. און קוים שטעהט מען מיט אַזעלכע אַזוי נאָהנט, מוז מען זעהר פאָרזיכטיג זיין, דאָס איז ווי סמי וועלכעס דרינגט טיעף אין בלוט אַריין... ווייסט דער שוואָגער וואָס? ניין, עס איז מיר טאַקע זעהר לייד, אָבער די געפאַהר פאַר די פאַמיליע... איך דאַרף אויף גאָרנישט קוקען און דאָך עס דעם שוואָגער זאָגען... כדי עס זאָל צייט זיין פון שלעכטען זיך אָבצוהיטען... וואָרום די געפאַהר איז נאָהנט. זי קוקט אויפ׳ן שוואָגער, וועלכער איז גאַנץ גלייכגילטיג. איז דער שוואָגער גאָרנישט נייגעריג?

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק.

דאָך, וואָס אַזעלכעס?

ט אַ נ ט ע.

זאָל עס דער שוואָגער ערפאַהרען... זיין טאָכטער זאָשע,

פון דעם הויז גרויסגליק'ס, שטעהט אין נאָהנטע פערבינדוננ
מיט אייִנעם פון זיי. ווייזט אויף לעאָנ'ס טהיר.

ה' גרויסגליק

גלייכגילטיג.

מיט זיי,

טאַנטע.

מיט זיי, פון די פאַמיליע גאָרקעכער'ס, יאַ.

ה' גרויסגליק.

אַזוי, יאָ? אַ טיכטיגער יונגערמאַן, איהר'ס אַ ברודער, פיי
לייכט? זייער אַנגענעהם.

טאַנטע.

וואָס? און דער שוואָגער ווערט גאָרנישט ערשטוינט?!
ווערט גאָרנישט... ניין... דאָס איז דאָך אונערהערט.

ה' גרויסגליק.

וואָרום דען? איז דאָך זעהר אַנגענעהם, פון איהר פאַמיליע...
זי איז דאָך זעהר איינע טיכטיגע פרוי... האָט דאַ אין הויז...
פאַבריק... וואָרום דען?

טאַנטע.

אָבער זי איז דאָך עטוואָס אַנדערש?

גרויסגליק.

אַ טיכטיגער יונגערמאַן?

טאַנטע.

אַזוי ווייט האַלט עס שוין... אַזוי טיעף זענען שוין די גאָר-
קעכער'ס אריין אין דער פאַמיליע, אַז דער שוואָגער פיהלט
שוין נישט, וואָס דאָס הייסט, משדך זיין זיך מיט זיי.
גוט דערלעבט, גוט דערלעבט... אָ, גרויספאַטער, גרויספאַטער!
קוקט זיך אום און זוכט דאָס בילד פון גרויספאַטער. יאַ, דאָס בילד
אויך אַראָבגענומען.

גרויסגליק.

ביי מיר דרינגען אין צימער הענגט עס.

טאַנטע.

וואונדערט זיך שוין נישט אפילו דער שוואָגער... נעהמט
עס גלייכגילטיג אָן. דאָס זיינע טעכטער פון די פאַמיליע

גרויסגליק... דאָס מאַכט דאָס פרעמדע בלוט, ווען עס קומט אין דער פאַמיליע אַריין... מאַטילדע, מאַטילדע! יאַ, די שוועגערין האָט געדאַרפט פון איהר גרוב אויפצושטעהן און צוזעהן... יאַ, נאָך איינע איז נאָך געבליבען פון די פאַמיליע... מיטע, מיטע, צו די טהיר, וואו מיטע איז. דאָס איז די לעבעדיגע מאַטילדע, די לעבעדיגע מיטע, פאַר איהר וועט איהר פעראַנטוואָרטליך זיין.

ה' גרויסגליק.

אָבער מיין טאָכטער האָט זיך דאָך פערשלאָסען פאַר מיר, ווייזט זיך נישט פאַר מיר...

טאַנטע.

זי האָט רעכט... דאָס איז שוין נישט מעהר גרויסגליק'ס הויז, דאָס איז די גאָרקעכער'ס הויז. אַב, ה' גרויסגליק דרעהט זיך אליין איבער'ן צימער ארום, בעקוקט די בילדלעך, די לעמפלעך, קרעכצט אַב. א לענגערע פויזע. פון מאמא'ס צימער קומט ארויס דער גארקעכער, פאטשט זיך אב די הענד, מאכט זיך אב דעם ראָק, דער־זעהט דעם ה' גרויסגליק.

גאָרקעכער.

אַך, מחותן, האָט מען אייך אויפגערוימט אַ קאַבינעט'ל — אַ פערגעניגען אַריינצוגעהן! נו, וואָס פאַר אַרבייט געווען, איהר ווילט עס זעהן... וויל אויפעפענען די טהיר. אָט גיט נאָר אַ קוק.

ה' גרויסגליק.

ניין... ניין... איך דאַנק... עפענט נישט... ער דערנעהנטערט זיך צום גארקעכער. האָבען זי נאָר נישט דרינען בעמערקט... גאָרנישט?

גאָרקעכער.

גאָרנישט.

ה' גרויסגליק.

אַ וואונדער... עטוואָס אַזעלכעס, נאַ! וועלכעס... אַ שאָטען אויף דער וואַנד... עהנליך צו איינער פרוי... אָבער די פרוי האָבען זי נישט געזעהן... נישט וואָהר?

גאָרקעכער.

אַה, איהר מיינט דאָס, וואָס די דיענסט האָט פּערציילט... ניין, גאָרנישט... קיין שאָטען... איבערגערוקט די שענק... דעם שרייבשטיש גלייכגעשטעלט... נישט'ס בעמערקט... און אַ פרוי אַודאי נישטאָ.

ה' גרויסגליק.

אַזוי... אָבער דאָך... אַ שאָטען האָט געמוזט זיין... איך וויים עס.

גאָרקעכער.

ביז יעצט אַליין דערינען געווען. ראָזע איז דרינען, ביי אונזער איידעם... גלייך געשטעלט, אַלעס.. די סוחרים קומען היינט... האָב גאָרנישט בעמערקט.

ה' גרויסגליק.

וואונדערליך. און האָבען זי פּילייכט אַזוי ווי טריט געהערט, אויף און אָבגעהן, דאָך קיין מענש האָבען זי נישט געזעהן, נישט וואָהר?

גאָרקעכער.

אוי, לאָז דער מחותן זיך די זאכען פון קאָפּ אַרויסשלאָגען. איך שרעק מיך נישט פאַר די זאַכען, בין אַליין אַ חברה־קדישא־מאַן... און אויף די אַלע זאַכען האָב איך אַן־עצה... קוקט זיך אום צו קיינער געהט נישט. זעהט דער מחותן, ווען מיר האָבען נאָך דריבער די שענק געהאַט... האָב איך, מחותן, די געוואָהנהיינט געהאַט אין אַ בעזונדער שענקעלע אַ קליין ביסעלע משקה בעהאַלטען. נישט צום פערקויפען, פאַר מיר, און ווען עס איז מיר אַזוי געווען, ווי דער מחותן פערצעהלט יעצט... פּאַסקודנע אויפן האַרצען... פלעג איך אַ לעק נעהמען. נישט פאַר שיכּרות, חלילה, אַלע שוסטערס געהען באָרפוס... אַלע שענקערס זענען קיינע פּיאַקעס נישט, נאָר גלאַט אַזוי, די מרה־שחורה פון זיך צו פערטרייבען. דאָס איז אַ גוטע רפואה, איך וויים עס מחותן...

ה' גרויסגליק.

אָבער האָט איהר גאָרנישט בעמערקט, אַזוי ווי עפּעס אַ שאָרך מיט אַ לאַנגען קלייד איבער דער פּאָדלאָגע?...

ג אָ ר ק ע כ ע ר.

דער מחותן איז זעהר פערמרה־שחורה׳עט, זאָל מיך דער מחותן פאַרגעבן. ער נעהמט ארויס פון קרעדענס משקה מיט גלעזליך. לאָז דער מחותן אַ ביסעל שנאַפּס נעמען... דערוואַרעמען זיך... וועט באַלד די מרה־שחורה אַוועקגעהן. גיסט זיך אַן אַ גלעזיל. צום געזונד!

ג ר ו י ס ג ל י ק.

בעקוקט דאַס גלעזיל.

איך דאַנקע... אָבער ווירקליך נישט געזעהן, בעמערקט? ער טרינקט, ווישט זיך אָב די ליפּען. ניכטס בעמערקט?

ג אָ ר ק ע כ ע ר.

ניין מחותן, מיט אַנ׳אמת, גאָרנישט.

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק.

וואונדערליך. ערלויב... מיינקט צו איהם, ער זאָל זיך אויך זעצען ביים טיש און גיסט איהם אַן אַ גלעזיל. נישט קיין שלעכטער... אָבער וואונדערליך?

ג אָ ר ק ע כ ע ר.

חעלכער זעצט זיך ביים טיש אַ ביסעל פון דערווייטענס, מיט פאַרזיכטיקייט.

זעהט דער מחותן, איך פערשטעה עס: איינער אַליין, מען לעבט אַזוי, אָהן אַ ווייב. מיין אַלטע ווי זי איז; לחיים, לחיים! טרינקט. ווי זי איז, אָבער דאָך אויף דער עלטער... איך פערשטעה עס. לאָז דער מחותן נאָך אַ ביסעל נעהמען, אפשר עפּעס צו צובייסען. ער זוכט אין קרעדענס. אַ וואויל שטיקעל לעקעך, לאָז דער מחותן נעהמען.

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק.

איך דאַנק. עסט. זעהסט דו, דו האָסט רעכט. זיצט איינער אַליין... טעכטער יעדע בעזונדער, זיצט איינע דרינען. ווייזט אויף מיטע׳ס טהיר. זי איז ביין אויף מיר... אין איהר מוטער גע־ראָטען... ווייזט זיך נישט פאַר מיר... רעדט נישט מיט מיר... געהט דורך איבער די שטוב, קאַלט, און דעם קאָפּ אַראָבגעבויגען... איינגעשלאָפען אַזוי אין זיך... קיינעם נישט צו־לאָזען צו זיך... קיינעם נישט זאָגען פון זיך... און דאָ נישט קיינעם... יעדען זיין וועלט, זיין צימער... איהר זענט גו־

טע מענשען... איהר זענט אינאיינעם... אַזוי צוזאַמען... דאָס איז גוט... זעהר גוט... איהר זענט גוטע מענשען....

גאָרקעכער

א ביסעל בעטרונקען, מעהר דרייסטער.

איך וועל דעם מחותן אָפען זאָגען, מיר זענען פּראָסטע מענשען, אָט אַזוי זענען מיר. איך ווייס, איהר זענט פּאַניע גרויסגליק, איהר דאַרפט נישט צו זיצען מיט מיר בּיי איין טיש. אָט ווי איך דאַרף שטעהן פאַר אייך! שטעלט זיך אויף און שטעלט זיך די האַנד צום שטערן, גריסט מיליטעריש. אַזוי דאַרף איך צו שטעהן פאַר אייך. איהר זענט דאָך פּאַני גרויסגליק, און איך בין נאָר דוד גאָרקעכער.

ה׳ גרויסגליק.

ניין... ניין... נעהמט איהם אראָב די האַנד פון שטערען. איהר זענט גוטע מענשען... גוטע מענשען... אינאיינעם זיין... אַלע, אינאיינעם זיין... אַלע... זעץ דיך... טרינק... גיסט אים א גלעזיל.

גאָרקעכער

צופרידען, טרעהרען ווייזען זיך איהם אין די אויגען.

פּאַניע גרויסגליק... ניין... איך דאַרף דאָ נישט זיצען געבען אייך... איך ווייס, ווער איר זענט... איך האָב בּיי אייך די טישען סערווירט... בּיי אייער פאָטער, עליו השלום, אויף אייער התונה... איך ווייס, ווער די גרויסגליק׳ס זענען... לאָזט מיך אייך קושען, פּאַניע גרויסגליק... איהר דאַרפט נישט מיט מיר דאָ צו זיצען און צו טרינקען פאַן בּראַט, איהר זענט די גרויסגליק׳ס. וויל איהם די האַנד קושען.

ה׳ גרויסגליק

ציהט אָב פון איהם די האַנד.

ניין... מחותן... ניין... איהר זענט גוטע מענשען... בּראַווע מענשען... האַרציגע מענשען... אַוועק די גרויסגליי׳קס! שלעכטע מענשען... אַלע אינאיינעם זיין... אַלע... אזוי...

עס קומט אריין צולויפען זאַשקע אין יום-טוב׳דיקען אָנגעטהון, לויפט צו מיט פרייד צום פאָטער.

ג אָ ר ק ע כ ע ר

שטעלט זיך אויף.

דאָס פריילין גרויסגליק. פערנייגט זיך.

ז אָ ש ע.

פּאַפּאַ, דער פּאַפּאַ ווייסט? איך ווער היינט פערלויבט...

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק.

נעהמט זי ארום.

איך ווייס, טאָכטער... ווייזט אויף דוד׳ן. מיט זיי... גוט, טאָכטער...
גוטע מענשען...

ד ו ד ג אָ ר ק ע כ ע ר

כאפּט זיך אויף פערוואונדערט.

ווער? וואָס?

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק.

נישט מורא... גוט... איך ווייס... מיט איינעם פון אייך... גאַנץ גוט... גוטע מענשען... אַלע אינאיינעם זיין... גוטע מענשען...

ז אָ ש ע.

איז דער פּאַפּע איינשטימיג? אַזוי, ווי גליקליך איך בין! קושט דעם פאָטער. נישט וואָהר, וועט גוט זיין... מיר וועלען זיין אַלע אינאיינעם... אַך, פּאַפּאַ! דערזעהט אין טהיר ליב׳ן מיט בער׳ן, וועלכע קומען ביידע ארײַן אנגעטהאָן יום־טובדיג, אויסגעקעמט און אויסגעצירט. ליב זעהר פאַרזיכטיג, מיט מורא געפיהרט דורך בער׳ן, אַ, ליב, ליב, קום אַריין, און דער פּאַפּאַ ווייסט שוין דער־פון... און דער פּאַפּאַ בעשטעהט... קום אַהער, קום אַהער... לויפט צו צו די טהיר, כאַפּט אָן ליב׳ן ביי דער האנד און פיהרט איהם צו צום פאָטער. זעהסט, פּאַפּאַ, דאָס איז מיין ברויטיגאַם.

ב ע ר

נעהט אויך צו, אַ ביסעל פון דערווייטענס מיט רעספּעקט, מיליטעריש.

איך דער קוזין.

ל י ב

בלאַס, ציטערט, שטאַמעלט.

איך בין גאָרנישט שולדיג... זי, וויל... ווייזט אויף זאָשקען. איך בין גאָרנישט שולדיג...

פאפא.
שאַדט נישט... נישט קיין מורא. בעקוקט איהם. גוט... גאַנץ גוט... בעקוקט איהם פון קאָפּ ביז פיס. שענער יונגע... קומסט אין דער פאַמיליע אַריין... שאַדט נישט... גיט איהם די האַנד. זעץ דיך.

זאָשע
זעהסט... און פּאפּאַ בעשטעהט... נישט וואָהר? האָב נישט קיין מורא, ליב, וועסט זעהן, אַלע וועלען זיך פרעהען, זעץ דיך.

בער
צו ליב'ן, לערנט איהם.

זעץ דיך, אַז מען האָט דיך געהייסען. זעצט איהם אַנידער.

זאָשע
צו בער'ן.

זעטצען זי זיך אויך, בער.

בער
פערניייגט זיך זעלנער-אַרטיג.

דאַנק. זעצט זיך.

דוד
אויפגערוימט צו ליב'ן.

אַזוי, ברודער, קריכסט אַריין אין פאַמיליע גרויסגליק'ס... מוזט דאָך וויסען, ווי זיך צו האַלטען, ליב; דו ווייסט, ווער עס איז דאָס אַזעלכעס די גרויסגליק'ס? אונז האָט עס אָבגע-קאָסט טויזענדער, איידער מען איז אין די פאַמיליע אַריינ-געקומען... און דו אַזוי, אָהן אַ גראָשען—קריכסט דו אין דעם שמאַלצ-גרוב... האַלט דיך, ברודער... דו ווייסט, ווער עס איז אַזעלכעס די גרויסגליק'ס? דו ווייסט?

בער
שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ צו ליב'ן.

הער, וואָס מען זאָגט דיר, הער...

ה' גרויסגליק
נישט... נישט... וועט שוין גוט זיין, בין צופריעדען... זעה־

צופריעדען... אַ טיכטיגער יונג... זענען טיכטיגע מענשען. ווייזט אויף דוד'ן. אַלע אינאיינעם. צו דוד'ן. גיס איהם אָן אַ גלעזיל.

ד ו ד

גיסט איהם אָן אַ גלעזיל

טרינק, ליב, לחיים, נאָר זיי אַ מענש, קען דיר גוט זיין.

ב ע ר.

הלואי אויף מיר געזאָגט געוואָרען!

ז אָ ש ע.

מיר וועלן זיך דינגען די גאָרקיך, וואָס איהר האָט געהאַט דריבען, און מיר וועלען זיך אַליין מאַכן אַ שענק, ס'וואָהר, ליב?

ל י ב

נעהמט דאָס כוס אין האַנד אריין, וויל זאָגען לחיים, האַלט'ן לאַנג אין האַנד און וואַגט זיך נישט

ב ע ר

שטופּט איהם.

זאָג לחיים.

ל י ב

שטאַמעלט.

לחיים.

ה' ג ר ו י ס ג ל י ק.

צום וואָהל, יונגער מענש! די טהיר עפענט זיך, עס קומט אריין די מוטער.

ד י מ ו ט ע ר.

מיינע שונאים, וואָס זעה איך? איהר דאָ מיט'ן מחותן ה' גרויסגליק? ראָזע...

ג אָ ר ק ע כ ע ר.

קום אַהער, אַלטע, קום אַהער, דערכאַפּ דיר אויך דאָס האַרץ.

ה' ג ר ו י ס ג ל י ק.

יאָ, ביטען זי, מחותנת'טע, קומען זי אויך צום טיש.

די מוטער

צו גאָרקעכער, ווייזענדיג אויפ'ן ה' גרויסגליק.

מען מעג שוין זיצען מיט'ן מחותּן?

גאָרקעכער.

מען מעג שוין.

די מוטער קומט צו.

ה' גרויסגליק

גיסט איהר אָן אַ גלעזיל.

ביטע.

די מוטער

מחותּן, איך בעט אייבער ה' גרויסגליק, אַז מיר האָבען דערלעבט, אַז גאָט האָט אונז געהאָלפען, אַז מיר זאָלען זיך מיט די גרויס-גליק'ס משדך זיין—מחותּן ה' גרויסגליק. ווייגט. אַז גאָט האָט אונז געדאָלפען אַזאַ נחת, אַזאַ גליק—טרינקט מיט'ן מחותּן

די טהיר עפענט זיך, עס קומט אריין ראָזע.

ראָזע

וועלכע בלייבט שטעהן פון דערווייטענס מיט שרעק.

וואָס טוט זיך דאָ אַזעלכעס?

זאָשע

דערזעהט זי, כאַפּט זיך אויף.

אַה, זעהסט דו, ראָזע!

ליב

כאַפּט זיך אויף מיט שרעק.

איך בין גאָרנישט שולדיג, זי. ווייזט אויף זאָשקען. כ'בין גאָר-נישט שולדיג.

ה' גרויסגליק.

בלייבענדיג זיצען, צו ראָזען. זעץ דיך, טאָכטער... דאָ אַהער מיט. אונז. גיסט איהר אָן אַ גלעזיל. טרינק, אַלע אינאיינעם זיין... אַלע... גוטע מענשען...

זאָשע.

מיט פרייד.

און פּאַפּאַ בעשטעהט אויפ'ן שידוך...

בער.

און איך... און ליב... ראָזע קוקט איהם אָן, הצקט ער אין מיט'ן, פערליערענדיג דאָס לשון.

ל י ב.

מיט אַ אויסגעשטרעקטע האַנד האַלט אין איין ציִיגען אויף זאָשען.

זי.

ר אָ ז ע.

ווערט בלייך, פּערליערט זיך אָבער נאָר א״ן סעקונדע.

מאַמע, מאַמע. געהמט דעם פּאַטער, וועלכער איז שיכּור׳ליך און גיט די מוטער אין האַנד אריין: נאַ, פיהר דעם טאַטען אין קיך אַריין. צו די יונגען. אהיים! די מינוט אַהיים!

ל י ב

ווייזט נאָך איין מינוט אויף זאָשען.

זי.

ג ר ו י ס ג ל י ק.

אָבער, טאָכטער, בלייבען.. זאָל בלייבען... אַ טיכטיגער יונג.

ר אָ ז ע.

צו די יונגען, וועלכע שטעהען נאָך.

אַהיים. טאַפּעט מיט׳ן פוס. די מינוט!

ב ע ר.

פיהרט אָב ליב׳ן.

אַז מען זאָגט געהן, — געה, ברודער. געהט אָב נאָך ליב׳ן מיט זעלנערישע טריט.

מ ו ט ע ר.

די מוטער פיהרט אָב דעם פּאַטער, וועלכער איז אַ ביסעל שיכּור, אין קיך אריין, זי שטופּט איהם נאָך.

צרות האָב איך פון דיר.

ז אָ ש ע

פאַלט צו צום פּאַטער מיט אַ געוויין.

פּאַפּאַ!

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק.

אָבער, טאָכטער, בלייבען. שרייט. בלייבן! אַלע אינאיינעם זיין! אַלע!

ר אָ ז ע.

צום אַלטען

אָבער שווער, ה׳ גרויסגליק, פּאַסט עס פּאַרין ה׳ גרויסגליק

צו זיצען דאָ אינאײנעם מיט זײ און צו טרינקען אינאײ־נעם... הער גרויסגליק! איהר פערגעסט, װער איהר זענט!

ל ע אָ ן.

חײוט זיך אין טהיר.

װאָס איז דאָס אַזעלכעס?

ר אָ ז ע.

גאָרנישט, נישט דײן געשעפט, לאָז מיך אַלײן בעזאָרגען.

שטופט איהם אָב אין טהיר און פערשליסט הינטער איהם די טהיר...

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק.

שוין אויס גרויסגליק... אויס... אויס... אַלע זײן אינאײנעם... לאָז, טאָכטער... שוין... שוין... אינאײנעם...

ר אָ ז ע.

נײן, נישט אויס גרויסגליק... איך האָב חתונה געהאַט פאַר די גרויסגליק׳ס... פאַר די גרויסגליקס האָב איך מײן גאַנץ פערמעגען צוזאַמענגענומען, נישט געשלאָ־פען, נישט דערעסען... יעדערן מײן קישען אַװעקגע־געבען פון אונטער מײן קאָפּ, יעדען מײן טעלער פון מויל אַװעקגעגעבען, געזאַמעלט אַ גראָשען צו אַ גראָשען... אַז איך זאָל מיט די גרויסגליק׳ס חתונה האָבען... איהר געהט און שענקט דאָס אַלעס אַװעק... אָ, נײן... איהר שענקט דאָס נישט אַזוי בּיליג אַװעק... טײער קאָסט דער נאָמען... איהר פערשטעהט זיך נישט דערויף. צו זאָשען. און זי, פרײלײן גרויסגליק׳ס טאָכטער, נעמט דעם ערשטען בעסטען יונג פון דער גאַס... אָהנע נאָך זײן פאַמיליע צו פרעגען, אָ, שע־מען זי זיך אין װײטען האַלז אַרײן! זי, לעאָנס שװעסטער, מיט אײנעם פון דער גאַס, אָהנע נאָך זײן פאַמיליע צו פרעגען... אָה, אויף דעם האָב איך מיך נישט גערעכנט, אויף די גרויסגליק׳ס...

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק.

אויפגערעגט, שרײט.

אָבער טאָכטער... איך װיל נישט מעהר די גרויסגליק׳ס... נישט דאָ מעהר... געשטאָרבען... מיט זײ... אַלע אינאײנעם... אַלע. מאַכט מיט די הענד. אַזוי, אַלע, אַלע, אינאײנעם זײן...

ר אָ ז ע.

אָ, ניין, שווער... די גרויסגליקס זענען נישט געשטאָרבען... ווידער לעבען... איך האָב פאַר דעם מיין גאַנץ פערמעגענס, מיין געלד געגעבען, די גרויסגליקס — מיין געלד... דאָס איז מיין געלד...

ד י ס ו ח ר י ם.

קלאַפּען אין טהיר.

מען קען?

ר אָ ז ע.

מאַכט זיך גלייך די האָר.

ביטע, ביטע. צום שווער. שווער, די סוחרים זענען דאָ. ה' גרויסגליק וויל זיך אויפהויבען און אװעקגעהן, ראָזע האַלט איהם איין. די סוחרים קומען אריין, פערנייגען זיך. אַ גוטען אָבענד.

ר אָ ז ע.

מאַכט אַ בעװעגונג מיט פּאַטאַס, װייזט אויף ה' גרויסגליק, װעלכער וויל אַבּגעהן, קען נישט און קומט אין פערלעגענהייט.

האָבּע די עהרע איהנען פאָרצושטעלען דעם שעף פון אונזער פאַמיליע, דער שעף אונזערס געשעפט, ה' גרויסגליק. די סוחרים פערנייגען זיך טיעף פאַר איהם.

ר אָ ז ע.

אונזער פאָטער, דער שעף, האָט זיין וואונש אויסגעדריקט, ער וויל מיט איהנען זעלבסט קאָנפערירען.

ד י ס ו ח ר י ם

פערנייגען זיך.

מיר זענען זעהר געריהרט.

ה' ג ר ו י ס ג ל י ק.

אָבער טאָכטער... קוקט זיך פערלעגען אום.

ר אָ ז ע

עפענט די טהיר פון מאַמאַ'ס צימער.

ביטע אינם קאַבינעט. די סוחרים געהען אַב אין קאַבינעט, פערנייגענדיג זיך.

ר אָ ז ע

װייזט אויף מאַמאַ'ס צימער, דער ה' גרויסגליק נאָך די סוחרים.

ה׳ גרויסגליק.

זּבער טאָכטער, דרינען... גערירט. ניין... עס איז דאָך אונ־מעגליך...

ראָזע.

שווער, דאָס געשעפט פערלאַנגט עס. פיהרט אַב נאָך די סוחרים דעם אַלטען, וועלכער האַלט זיך צוריק מיט מורא, אַב.

ראָזע

אין טהיר.

איינע סעקונדע, דער יונגער הערר קומט אַזוי גלייך. לויפט צו צו לעאָנ׳ס צימער, עפענט אויף די פערשלאָסענע טהיר. לעאָן, די קויפלייטע זענען דאָ.

לעאָן

קומט אַרויס.

וואָס איז דאָ געווען?

ראָזע.

שאַ, די קויפלייטע זענען דאָ. פיהרט׳ן צו צום קאַבינעט. קום דאָך מיט אַריין.

לעאָן

כאַפּט זיך צוריק.

איך דרינען, „מאַמאַ׳ס״.

ראָזע.

קינד! שוין אויס מאַמאַ, פּאַפּאַ איז שוין דרינען. עפענט די טהיר, לעאָן דערזעהט די קויפלייטע מיט׳ן פאָטער, געהט אַריין.

ראָזע

רופט נאָך אין צימער.

טעכטער, וואַנדע, מיטע, ווילט איהר פיעלייכט פאַר די העררן פּיאַנאָ שפּיעלען. אַב נאָך לעאָנ׳ען אין קאַבינעט.

מיטע.

קומט אַרויס פון איהר צימער געפיהרט דורך וואַנדען, זי האַלט אויף איהרע הענד פערטריקענטע קרענצען, אַסטען פערטריקענטע, שוואַרצע טרויער־בענדער מיט אויפשריפטען.

וואַנדע.

אין הערסט דו שוין נישט מאַמאַ׳ס טריט, שוועסטער?

מ י ט ע.

מאַמאַ האָט זיך אַרויסגעצויגען פון איהר צימער, און קומט שוין קיינמאָל נישט צוריק... נישט איך הער בייננאַכט איהרע טריט.. נישט איך זעה איהר שאָטען אויף די וואַנד בלאָנ־דזשען. מאַמאַ האָט זיך ווייט אַרויסגעצויגען פון דאַנען, און קומט שוין קיינמאָל נישט צוריק.

וו אַ נ ד ע

ווענדע בעגלייט איהר ביז צום טהיר:

און וואו אַהין געהסט דו, שוועסטער?

מ י ט ע.

מאַמאַ זוכען... מאַמאַ זוכען... אָב.

פ אָ ר ה אַ נ ג.

